דער דאָקטאָר איז געזעסן קעגנאיבער קיטין און קארען.

— דיין פאָטער איז געפייניקט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ, קאַרען — האָט דער דאָקטאָר דערציילט. — ביים אָנהויב פון קריג האָבן די נאַציס געוואָלט ער זאָל מיטאַרבעטן מיט זיי. מען האָט אים פאַרשאַפט שווערע ליידן. זיי האָבן אָבער צום סוף געמוזט אויפגעבן. ער האָט נישט געוואָלט אַרבעטן פאַר די נאַציס, אפילו ווען זיי האָבן אים געדראָט, אַז זיי וועלן זיך נוקם־זיין אין דיין מוטער און דיינע ברידער.

— איצט דערמאָן איך זיך — האָט קארען שטיל זיך אָפּגערופן. — א געוויסע צייט, ווען איך בין געווען אין דענעמאַרק, האָב איך פלוצים אויפגעהערט צו באַקומען בריוו פון דייטשלאַנד. איך האָב דאַן מורא־געהאַט אפילו צו פרעגן אאגע און מעטא האנסען וועגן גורל פון מיין משפחה.

— דיין פאָטער איז אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין טערעזיענשטאַט, אין טשעכאָסלאָוואַקיע. דיין מוטער און דיינע ברידער...

— יאָ, איך ווייס, וואָס מיט זיי האָט פּאַסירט...

— מען האָט אַוועקגעפירט דיין פאָטער קיין טערעזיענשטאַט, ווייל די נאַציס האָבן געהאָפט, אַז ער וועט ענדערן זיין מיינונג. ערשט צום סוף פון קריג האָט דיין פאָטער זיך דערוווּסט, וואָס עס איז געשען מיט דיין מוטער און די ברידער. ער האָט זיך געפילט שולדיק אין זייער טויט, ווייל ער האָט זיך צו לאַנג געוואַקלט צי ער זאָל פאַרלאָזן דייטשלאַנד

אָדער נישט. ווען ער האָט זיך דערוווּסט וועגן זייער גורל, איז ער אַראָפּ פון זינען.

— צי וועט ער אָבער געזונט־ווערן? — האָט קארען גע־פרעגט.

דער דאָקטאָר האָט אַ בליק געטאָן אויף קיטין.

— ער ליידט אויף אַ שווערער כראָנישער דעפּרעסיע — האָט דער דאָקטאָר זיך אָפּגערופן.

— וואָס באַדייט דאָס? — האָט קארען געפרעגט.

— קאַרען, דיין פאָטער וועט שוין קיינמאָל נישט ווערן געזונט.

— איך גלויב נישט אין דעם — האָט זי העפטיק אַ גע־שריי געטאָן. — איך וויל אים זען.

— צי געדענקסטו איבערהויפּט ווי אַזוי ער האָט אויס־געזען?

— זייער ווייניק.

— איך מיין, אַז עס וואָלט געווען פאַר דיר אַ סך בע־סער, ווען דו וואָלסט אָפּגעהיט אין דיין זכרון די דערינערונ־גען וועגן דיין פאָטער, איידער דו זאָלסט אים זען אין זיין איצטיקן מצב.

— זי מוז אים זען, דאָקטאָר — האָט קיטי זיך אָפּגערופן.

— ווי שווער דאָס זאָל נישט זיין, מוז זי האָבן די זיכערקייט, אַז זי האָט געזען איר פאָטער.

דער דאָקטאָר האָט זיי אַוועקגעפירט לענג־אויס אַ קאָ־רידאָר. ער האָט זיך פאַרהאַלטן ביי אַ פאַרמאַכטער טיר. א קראַנקן־שוועסטער האָט אויפגעשלאָסן די טיר און זיי זענען אַלע אַריין אינעווייניק.

דאָס צימער האָט אויסגעזען ווי אַן ענגע צעלע. דאָרט האָבן זיך בלויז געפונען אַ שטול, אַ בעטל און אַ קליינע פּול־

קע. עטלעכע רגעס האָט קארען זיך ארומגעקוקט און דאַן איז זי געבליבן ווי פאַרשטיינערט. אויף דער פּאָדלאָגע, אין אַ ווינקל פון צימער, איז געזעסן אַ מאַן. ער איז געווען באָר־וועס און זיינע האָר זענען געווען צעשויבערט. ער איז גע־זעסן אָנגעשפּאַרט מיט דער פּלייצע צו דער וואַנט, די הענט פאַרפלאָכטן אַרום די קני און געקוקט מיט אַ פוסטן בליק אויף דער קעגנאיבערדיקער וואַנט.

קארען איז צוגעגאַנגען אַ שריט נענטער צו אים. דאָס פּנים איז געווען ביי אים באוואָקסן מיט שטעכיקע האָר און פול מיט שראַמען פון פאַרהיילטע ווונדן. אַ לענגערע צייט איז קארען געשטאנען און מיט אַ קלאפּעדיק האַרץ אָנגעקוקט דעם מאַן. פּלוצים האָט זי זיך באַרואיקט.

— דאָס אַלץ מוז זיין אַ טעות — האָט זי געטראַכט. — דער דאָזיקער מענטש קאָן נישט זיין מיין פאָטער... דאָס איז אַ פרעמדער מענטש... דאָס איז נישט מיין פאָטער... עס האָט זי באַהערשט אַ פאַרלאַנג זיך אויסצודרייען און אַ געשריי טאָן: צי זעט איר נישט, אַז דאָס איז נישט יאָהאַן קלעמענט, אַז ער איז נישט מיין פאָטער! מיין פאָטער געפינט זיך ער־געץ־ווו אַנדערש, ער לעבט און זוכט מיך...

קארען איז געשטאַנען אַנטקעגן מאַן, וואָס איז כמעט ווי געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע און אים גענוי אָבסערווירט, כדי צו באַפעסטיקן איר איבערצייגונג, אַז דאָס איז נישט איר פאָטער. זי האָט נישט אַראָפּגעלאָזט איר בליק פון זיינע ליי־דיקע, אויסדרוקסלאָזע אויגן. דאָס איז געווען מיט אַזאַ לאַנ־גער צייט צוריק, אַז זי האָט זיך קוים געקאָנט דערמאָנען. אָבער דער דאָזיקער מאַן איז נישט געווען דער, וועלכן זי האָט באַגעגנט אין אירע חלומות. דאָרטן איז געווען אַ קאמין און עס האָט זיך געטראָגן אַ ריח פון לולקע־טאַבאַק. אויך אַ

הונט איז דאָרטן געווען. ער האָט געהייסן מאַקסימיליאַן. אין דערבייאיקן צימער האָט געשריען אַ קליין קינד. ווי אַ וויי־טער עכאָ האָבן אָפּגעקלונגען אין אירע אויערן די ווערטער: „מרים, שטיל איין דאָס קינד. איך לייען פאַר מיין טאָכטער געשיכטע און איך וויל מען זאָל מיר נישט שטערן״.

קאַרען האַנסען־קלעמענט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני פאַרן חרובן מענטשן.

אין הויז פון דער באָבען, אין באָן, האָט זיך שטענדיק געטראָגן אַ ריח פון פריש־געבאַקענע קוכנס. זי האָט די גאַנ־צע וואָך געהאַלטן אין איין באַקן, כדי צו האָבן גענוג זאפּאס אויפן זונטיק, ווען די גאַנצע פאַמיליע האָט זיך פאַרזאַמלט אין איר וווינונג.

דער מאַן, וואָס איז געזעסן אויף דער ערד, האָט מיט אַ שטאַרן בליק ווייטער געקוקט אויף דער קעגנאיבערדיקער וואַנט. קאַרען האָט די גאַנצע צייט געקוקט און זי האָט גאָר־נישט געקאָנט אַנטדעקן אין אים, וואָס זאָל איר דערינערן וועגן איר פאָטער. זי האָט אויסגעשטרעקט די האַנט און אַנגע־רירט דעם מאַן ביי דער באַק.

— פאָטער? — האָט זי געפרעגט.

דער מאַן האָט זיך נישט גערירט פון אָרט און נישט רע־אַגירט אויף דער פראַגע.

קאַרען האָט זיך ווידער דערמאָנט וועגן צוג, אין וועלכן עס זענען געזעסן אַ סך קינדער. זיי זענען געפאָרן קיין דע־נעמאַרק, אָבער קאַרען איז געווען מיד. „צום ווידערזען, פאָ־טער! — האָט זי געזאָגט — דאָ האָסטו מיין לאַלקע. נעם זי מיט זיך. זי וועט אויף דיר אַכטונג געבן״. זי איז געשטאַנען אויף דער פּלאַטפאָרמע פון לעצטן וואַגאָן און געזען איר פאָטער שטייענדיק ביי די באַן־רעלסן, ביז ער איז געוואָרן

אַלץ קלענער און קלענער און איז פאַרשווונדן פון אירע אויגן.

— פּאָטער! פּאָטער! — האָט קארען אויסגעשריען. — איך בין דאָס, פּאָטער! קארען, דיין קליין מיידל, איך בין שוין גרויס, פּאָטער, צי דערמאָנסטו זיך נישט?

דער דאָקטאָר האָט געהאַלטן קיטין פעסט פאַר אַ האַנט. זי איז געשטאַנען ביים טיר און געציטערט אויפן גאַנצן לייב.

— דערלויבט מיר איר צו העלפן, דאָקטאָר — האָט קי־טי געבעטן.

— זאָל זי צוערשט אליין פּאַרטיק ווערן מיט דעם — האָט דער דאָקטאָר אַרויסגעפּליסטערט.

קארען האָט זיך ווידער דערמאָנט עפּעס פון איר קינד־הייט און זי האָט אויסגעשריען:

—יאָ! יאָ, דאָס איז מיין פּאָטער! ער איז באמת מיין פּאָטער!

זי האָט אַרומגעכאַפּט דעם מאַן מיט אירע אָרעמס ארום האלז.

— פּאָטער, זאָג עפּעס, רייד צו מיר, איך בעט דיך!

דער מאַן, וואָס האָט פריער געהייסן יאָהאַן קלעמענט, האָט אָנגעהויבן צו פינטלען מיט די אויגן. אויף זיין פּנים האָט זיך געמאָלט אַן אויסדרוק פון נייגעריקער איבעראַשונג ווען ער האָט דערפילט, אַז מען האַלט אים אַרומגענומען. אַ לאַנגע רגע איז דער דאָזיקער אויסדרוק נישט פאַרשווונדן פון זיין געזיכט. עס האָט געשיינט, אַז ער וויל דורכברעכן די פינצטערניש אין וועלכער זיין גייסט איז פאַרזונקען. אָבער פּלוצים האָט ער זיך צוריקגעצויגן און ווידער איז זיין בליק געוואָרן שטאַר.

— פּאָטער! — האָט קאַרען געגומען שרייען. — פּאָטער! פּאָטער!

אין ליידיקן צימער און אין לאַנגן קאָרידאָר האָט אָפּגע־הילכט דער עכאָ פון איר רוף: פּאָטער!

די שטאַרקע אָרעמס פון דאָקטאָר האָבן דעליקאַט אָפּ־געריסן קארענס הענט פון מאַן. די טיר איז צוגעמאכט גע־וואָרן און יאָהאַן קלעמענט איז אויף אייביק פאַרשוואונדן פון קארענס לעבן.

קארען האָט אַ פארצווייפלטע געשלוכצט און זיך געטו־ליעט צו קיטין.

— ער האָט מיך נישט דערקענט! מיין גאָט, פאַרוואָס האָט ער מיך נישט דערקענט?

— באַרואיק זיך, מיין קינד — האָט קיטי געזאָגט. — איך בין נעבן דיר.

— פאַרלאָז מיך נישט קיטי, לאָז מיך נישט אַליין...

— ניין, מיין קינד... קיטי וועט דיך קיינמאָל נישט פאַר־לאָזן... קיינמאָל נישט...

## קאַפּיטל 9

די ידיעה וועגן קארענס פּאָטער איז באַוווּסט געוואָרן אין גן־דפנה נאָך איידער זי און קיטי האָבן זיך צוריקגעקערט אין דאָרף. אויף דב לאנדאו האָט די דאָזיקע ידיעה געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק. צום ערשטן מאָל זינט יענעם טאָג, ווען זיין ברודער מונדעק האָט אים געהאַלטן אין די אָרעמס אין בונקער אין וואַרשעווער געטאָ, האָט דב לאנדאו אָפּגעפילט רחמנות צו אַ צווייטן. זיין זאָרג פאַר קארען קלע־מענט איז געווען דער ליכט־שטראַל, וואָס האָט ענדלעך באַ־שיינט זיין פינצטערע וועלט.

זי איז געווען דער איינציקער מענטש, צו וועמען ער האָט געהאַט צוטרוי און פאַר וועלכן ער האָט געהאַט סימ־פּאַטיע. פאַרוואָס האָט דאָס גראָד איר געדאַרפט טרעפן? ווי אָפט האָט אים קארען דערציילט אין ציפערן אַז זי איז פעסט איבערצייגט אין דעם, אַז זי וועט אָפּגעפינען איר פאָ־טער. דער שווערער קלאַפּ, וואָס האָט איצט געטראָפן קאַרען, איז אויך פאַר אים געווען אַ טיפער ווייטיק.

וועמען האָט זי נאָך אויף דער וועלט? אים און מיסיס פרעמאנט. וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט ער געהאַט פאַר איר? ער איז געווען פאַר איר אַ לאַסט, און נישט מער. אָפּטמאָל האָט ער געוואָלט האַסן קיטי פרעמאנט, אָבער ער האָט עס

נישט געקאָנט טאָן, ווייל ער האָט געוווּסט, אַז זי איז גוט צו קארען. היות קארענס פאָטער איז איצט מער נישט געשטאַנען אין וועג, וועט מיסיס פרעמאנט מיטנעמען אפשר קארען קיין אַמעריקע.

ער איז אָבער נאָך אַלץ געשטאַנען אויף איר וועג. ער האָט געגנוי געוווּסט, אַז קארען וועט אים אַליין נישט איבערלאָזן. דב האָט געוווּסט וועגן דעם און ער האָט געזען נאָר איין אויסוועג. אין גן־דפנה האָט זיך געפונען אַ בחור מיטן נאָמען מרדכי, וועלכער האָט זיך דאָ פאַרנומען מיט ווערבירן אין געהיים מיטגלידער פאַר די „מכבים". פון דאָזיקן בחור האָט דב זיך דערוווּסט ווו און ווי אַזוי ער קאָן זיך שטעלן אין קאָנטאַקט מיט דער דאָזיקער געהיימער אָרגאַניזאַציע. די טירן פון צריף אין וועלכן עס האָבן געוווינט די אָנגעשטעלטע און דער לערער־פערסאָנאַל, זענען קיינמאָל נישט אָפּגעשלאָסן געוואָרן. אין אַ געוויסן אָוונט האָט דב אָפּגעוואַרט ביז אַלע זענען אַרויסגעגאַנגען עסן און דאַן איז ער אַריין אין די וווינונגען, צוגעגנבעט אייניקע גאָלדענע ווערטזאַכן און איז אַנטלאָפן קיין ירושלים.

ברוס סאטערלענד האָט אויסגעפּועלט ביים דאָקטאָר ליבערמאַן, אַז קיטי און קאַרען זאָלן צוויי וואָכן וווינען אין זיין ווילע, ביז דאָס מיידל וועט קומען צו זיך פון שאָק. דער גורל פון קארענס פאָטער, ווי אויך דאָס פאַרשווינדן פון דב לאנדאו האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין אַ טרויעריקן זיג פאַר קיטי פרעמאנט. זי האָט געפילט, אַז זי וועט קאָנען איבעררײדן קארען אָפּצופאָרן מיט איר קיין אַמעריקע. בעת זיי האָבן זיך געפונען אין דער ווילע פון ברוס סאטערלענד, האָט זי נישט אויפגעהערט וועגן דעם צו טראַכטן. זי האָט

זיך אַליין אָנגעהויבן פיינט צו האָבן צוליב דעם, וואָס זי האָט געפונען אין קארענס אומגליק אַ טרייסט פאַר זיך. זי האָט אָבער נישט געקאָנט פאַרבאָטן אירע געדאַנקען צו פאַרנעמען זיך מיטן דאָזיקן ענין. זינט דעמאָלט, ווען זי האָט אין לאַגער פון קאראאלאס געזען צום ערשטן מאָל דאָס מיידל, איז זי געוואָרן דער מיטלפונקט ארום וועלכן עס האָט זיך אָנגעהויבן צו דרייען קיטיס גאַנץ לעבן.

אַ געוויסן טאָג, נאָך מיטיק, איז ארי בן־כנען געקומען אויף אַ באַזוך צו ברוס סאטערלענד. ער האָט געוואַרט אין ביבליאָטעק, בעת דער דינער איז אַרויס אין גאָרטן מעלדן וועגן זיין אָנקום. ברוס האָט געבעטן אַנטשולדיקונג ביי קיטי און קארען, וועלכע זענען געלעגן און זיך אָפּגעבררענט אויף דער זון, און איז אַריין צו ארי בן־כנען. ביידע מענער האָבן מער ווי אַ שעה גערעדט וועגן אַן אויפגאַבע, וועלכע ארי האָט געהאַט בדעה אָנצופאַרטרויען סאטערלענדן.

— ביי מיר געפינט זיך צו גאַסט אייערע אַ גוטע באַ־קאַנטע — האָט סאַטערלענד געזאָגט נאָך דעם ווי זיי האָבן פאַרענדיקט דעם געשעפטלעכן טייל פון זייער שמועס. — קיטי פרעמאנט געפינט זיך ביי מיר מיט דער קליינער קא־רען קלעמענט אויף אַ צוויי־וואָכיקן אָפּרו.

— איך האָב שוין געהערט, אַז איר און מיסיס פרעמאנט זענען געוואָרן שטארקע פריינט — האָט ארי געזאָגט.

— יאָ — האָט סאטערלענד געענטפערט — איך האַלט קאטערינע פרעמאנט פאַר איינער פון די וווּנדערבאַרסטע פרויען, וועלכע איך האָב ווען עס איז באַגעגנט. איר דאַרפט אַראָפּפאָרן אין גן־דפנה און זען וואָס זי האָט דאָרטן אויפ־געטאָן. דאָרטן האָט זיך געפונען אַ קינד, וואָס האָט אין משך פון 6 חדשים נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. איצט האָט ער

נישט נאָר אָנגעהויבן צו ריידן, נאָר איז אפילו געוואָרן אַ מיטגליד אין שול־אָרקעסטער און שפּילט אויף אַ קלאַרנעט.

— אויך דערפון האָב איך שוין געהערט — האָט ארי זיך אָפּגערופן.

— איך האָב געפּאָדערט, אַז קיטי פּרעמאַנט זאָל קומען צו מיר מיט קאַרען קלעמענט. די קליינע האָט אָפּגעפונען איר פאָטער. דער אָרעמער מענטש איז אומהיילבאַר גייסטיק קראַנק. דאָס איז אַ שרעקלעכער שאָק פאַרן מיידל. קומט מיט מיר אין גאָרטן.

— עס טוט מיר זייער לייד, אָבער איך האָב נישט קיין צייט — האָט ארי זיך באַמיט אַרויסצודרייען.

— אומזין, איך וויל דערפון אפילו נישט הערן — האָט סאַטערלענד אויסגערופן אָננעמענדיק ארין ביים אָרעם און אים אַרויסגעפירט אין גאָרטן.

קיטי האָט ארין נישט געזען זינט עטלעכע וואָכן. זי האָט זיך פּשוט דערשראָקן צוליב זיין אָפּגעלאָזענעם אויסזען. גלייכצייטיק איז זי געווען דערשטוינט צוליב זיין מילדקייט מיט וועלכער ער האָט אויסגעדריקט מיטגעפיל קאַרען. לגבי דעם מיידל האָט ער אַרויסגעוויזן אַזאַ צאַרטקייט און באַזאָרגטקייט, וועלכע ער האָט ווייזט אויס אַרויסגעוויזן נאָר פאַר זיינע אייגענע פאַלקס־ברידער. לגבי קיטי איז ער נאָך קיינמאָל אַזוי נישט געווען. קיטין האָט אָבער גלייך פאַר־דראָסן, פאַרוואָס זי טראַכט אַזוי שלעכט וועגן אים. אפשר האָט עס גאָר אַלץ אַן אַנדער באַדייטונג?

קיטי און ארי זענען געגאַנגען צוזאַמען דורך סאַטער־לענדס רויזן־גאָרטן.

— ווי האָט זי דאָס אויפגענומען? — האָט ארי געפרעגט.

— זי איז זייער אַ מוטיק מיידל און האָט אַ גרויסן אי־

נערלעכן כוח — האָט קיטי געזאָגט. — דאָס איז געווען פֿאַר איר אַ שרעקלעכע איבערלעבונג, אָבער זי פֿאַרהאַלט זיך וווּנדערבאַר.

ארי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און אַ בליק געטאָן צו קארען, וועלכע האָט געשפּילט דאַמקע מיט סאטערלענדן.

— זי איז באמת א וווּנדערשיין מיידל — האָט ארי זיך אָפּגערופֿן.

זיינע ווערטער האָבן אַרויסגערופֿן איבערראשונג ביי קי־טין. זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געהערט אַזעלכע רייד און זי האָט זיך אָפּט געפרעגט, צי ער האָט פֿאַרמאָגט איבער־הויפּט אַ חוש פֿאַר שיינקייט.ביים סוף פֿון וועג איז זי גע־בליבן שטיין ביי אַ נידעריקן שטיינערנעם מויער, וואָס האָט אָפּגעשלאָסן דעם גאָרטן. קיטי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן מויער און געריכטעט איר בליק אויף די פעלדער פֿון גליל. ארי האָט פֿאַרויכערט אַ סיגאַרעט און אויך קיטין אָנגעבאָטן צו פֿאַרויכערן.

— ארי, איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געבעטן ביי אייך קיין פּערזענלעכע טובה, אָבער איצט וויל איך עס טאָן.

— ביטע זייער — האָט ארי געזאָגט.

— וועגן אומגליק מיט איר פֿאָטער וועט קאַרען אין משך פֿון דער צייט פֿארגעסן, אָבער עס איז פֿאַראַן נאָך אַ זאַך, וואָס זי וועט ווייזט אויס נישט פֿאַרגעסן. דב לאַנדאו איז אַנטלאָפֿן פֿון גן־דפנה, מיר נעמען אָן, אַז ער איז אַוועקגע־פֿאָרן קיין ירושלים, כדי זיך אָנצושליסן אין די „מכבים". ווי איר ווייסט, באַדייט דב לאנדאו פֿאַר קאַרען דאָס זעלבע וואָס אַ לעבנס־אויפֿגאַבע. צוליבן גורל פֿון איר פֿאָטער האָט דער פֿאַרלוסט פֿון דב לאנדאו באַקומען פֿאַר איר אַ נאָך גרעסערע באַדייטונג. גאַנצע טעג איז זי באַזאָרגט וועגן אים.

כ'וויל אייך בעטן איר זאָלט אים אָפּגעפינען און צוריקברענגען קיין גן־דפנה. איך ווייס, אַז איר האָט די געהעריקע פאַרבינ־דונגען, כדי פעסטצושטעלן ווו ער איז. און ער וועט צוריק־קומען אויב אייך וועט געלינגען אים אויפצוקלערן, אַז קאַרען דאַרף אים האָבן.

ארי האָט אָנגעקוקט קיטין נייגעריק און פאַרוואונדערט.

— איצט פאַרשטיי איך גאָרנישט — האָט ער געזאָגט — דאָס מיידל געהערט דאָך איצט צו אייך אַליין. דב לאַנדאו איז געווען דער איינציקער מענטש, וואָס האָט געקאָנט עווענ־טועל שטערן אייערע פּלענער און ער איז געווען אַזוי פריינט־לעך זיך אַליין צו באַזייטיקן פון וועג.

— אייגנטלעך וואָלט איך זיך געדאַרפט באַליידיקן אויף אייערע רייד — האָט קיטי רואיק זיך אָפּגערופן. — איך בין אָבער נישט באַליידיקט, ווייל די זאַך איז טאַקע באמת אַזוי ווי איר זאָגט. עס האַנדלט זיך אָבער אין דעם, וואָס איך וויל נישט בויען מיין אייגענעם גליק אויף איר אומגליק. איך קאָן נישט פאָרן מיט איר קיין אַמעריקע, כל־זמן די זאַך איז נישט אויפגעקלערט.

— עס קומט אייך אַ קאָמפּלימענט פאַר דער דאָזיקער שטעלונג. — האָט ארי געזאָגט.

— ניין, ארי, מיינע מאָטיוון זענען גאָרנישט אַזוי איידל. קאַרען איז אין אַלע זאַכן זייער פאַרנונפטיק, אָבער נישט אין באַצוג צום דאָזיקן בחור. מיר האָבן איבעריקנס אַלע געוויסע שוואַכקייטן. זי וועט זיך אַ סך שנעלער פון אים אָפּגעוווינען, ווען ער וועט זיך געפינען אין גן־דפנה. דורך דעם וואָס ער איז אַנטלאָפן און געפינט זיך ביי די „מכבים", וואַקסט אויס זיין געשטאַלט אין אירע אויגן.

— אַנטשולדיקט מיך, קיטי, וואָס איך בין געווינט צו

דענקען פשוט און גראדליניק. איר זענט זייער אַ קלוגע פרוי.

— איך האָב ליב דאָס מיידל און דאָ איז נישטאָ קיין שום הינטער־כוונות.

— איר באַמיט זיך אויפצוקלערן דאָס מיידל, אַז דער איינציקער וועג פאַר איר איז נאָר אָפּצופאָרן מיט אַייך קיין אַמעריקע.

— איך וויל איר אויפקלערן, אַז פאַר איר איז פאַראַן עפעס בעסערס —האָט קיטי געזאָגט. —איר וועט עס מיר אפשר נישט גלויבן, אָבער ווען איך וואָלט געווען איבערצייגט, אַז פאַר קאַרען איז בעסער צו בלייבן אין ארץ־ישראל, וואָלט איך געווען דערפאַר, אַז זי זאָל דאָ בלייבן.

— אפשר גלויב איך אפילו אויך דאָס, וואָס איר זאָגט איצט...

— צי קאָנט איר מיר זאָגן אויפריכטיק, אַז איך האַנדל שלעכט אויב איך וויל מיטנעמען קאַרען מיט זיך קיין אַמעריקע ?

— ניין, אין דעם איז נישטאָ קיין שום שלעכטס — האָט ארי געענטפערט.

— אויב אַזוי, העלפט מיר אַראָפּברענגען דבן צוריק קיין גן־דפנה.

אַ לאַנגע צייט האָבןביידע נישט אויסגערעדט קיין וואָרט. דאָן האָט ארי אויסגעלאָשן זיין סיגאַרעט, האָט כמעט אומ־באַוווסטזיניק צעקנאָדערט די גילזע, פאַנאַנדערגעשאָטן דעם טאַבאַק און באַהאַלטן דאָס שטיקל פּאַפּיראָסן־פּאַפּיר אין קעשענע. ער האָט געלערנט פון מאַיאָר פּ. פּ. מאַלקאָלם, אַז מען דאַרף נישט איבערלאָזן אין ערגעץ קיין רעשטלעך פון טאַבאַק. נישט־דעררויכערטע פּאַפּיראָסן זענען געווען אַ

גוטע שפּור פֿאַר די אַראַבער, וועלכע פּלעגן זוכן פֿײַנטלעכע אָפּטײלונגען.

— דאָס קאָן איך נישט טאָן, — האָט אַרי ענדלעך זיך אָפּגערופֿן.

— איך מיין, אַז איר קאָנט עס יאָ טאָן. דב האָט רעספּעקט פֿאַר אייך — האָט קיטי זיך אָפּגערופֿן.

— זיכער, איך קאָן אים אָפּגעפֿינען. איך קאָן אים אפילו צווינגען זיך צוריקצוקערן קיין גן־דפנה און איך קאָן אים זאָגן: „בלייב דאָ, מיין קליין קינד, די פּרויען ווילן נישט, אַז דיר זאָל עפּעס געשען". אָבער די זאַך איז נישט אַזוי פּשוט. דב לאַנדאו האָט אָנגענומען אַ פּערזענלעכן באַשלוס, לויט זיין אייגענעם געוויסן, ווי עס דאַרף באַשליסן יעדער ייִד אין ארץ־ישראל. דאָס געפֿיל פֿאַר דעם איז ביי אונדז זייער שטאַרק אַנטוויקלט. מיין פֿאָטער האָט צוליב די זעלבע סיבות נישט גערעדט מיט זיין ברודער אין משך פֿון פֿופֿצן יאָר. יעדער פֿיבער פֿון זיין נשמה רופֿט צו נקמה. דער דאָזיקער פֿאַרלאַנג טרייבט אים מיט אַזאַ כוח, אַז נאָר גאָט אָדער אַ קויל קאָנען אים אָפּהאַלטן.

— דאָס קלינגט אין מיינע אויערן פּונקט אַזוי, ווי איר וואָלט באַרעכטיקט דעם טעראָר פֿון די „מכבים" — האָט קיטי געזאָגט.

— אָפּטמאָל בין איך מיט זיי פֿולשטענדיק איינשטימיק און אָפּטמאָל וואַרף איך אָפּ זייערע מעטאָדן. אַלנפֿאַלס וויל איך זיי נישט משפּטן. ווער בין איך און ווער זענט איר, אַז מיר זאָלן קאָנען זאָגן וועגן דב לאַנדאוס באַשלוס, אַז ער איז נישט קיין גערעכטער? איר ווייסט וואָס מען האָט געטאָן צו אים און צו זיינע נאָענטסטע. איבעריקנס האָט איר אַ טעות אין נאָך אַ פּונקט: ווען ער וועט צוריקגעבראַכט ווערן קיין

גן־דפנה, ווען ער ברענגען דעם מיידל נאָך מער ליידן, ווי פריער. דב מוז טאָן דאָס, וואָס זיין געוויסן צווינגט אים צו טאָן.

קיטי איז אַראָפּ פון מויער, האָט זיך אויסגעגליכן און ביידע זענען אַוועק צום גאָרטן־טויער.

— יאָ, ארי — האָט זי זיך אָפּגערופן. — איר זענט גערעכט...

קיטי און סאטערלענד האָבן באַגלייט ארין צו זיין אויטאָ, וואָס איז געשטאַנען נעבן הויז.

— צי ווען איר דאָ פאַרבלייבן אַ געוויסע צייט, אַרי ? — האָט סאַטערלענד געפרעגט.

— איך האָב נאָך צו דערליידיקן אַ וויכטיקן ענין אין צפת — האָט ארי געענטפערט.

— צי וואָלט איר נישט געוואָלט צוריקקומען און עסן מיט אונדז אָוונטברויט ? — האָט סאַטערלענד אים נישט אָפּגעלאָזט.

— איך ווייס נישט... — האָט ארי געזאָגט.

— איך בעט אייך —האָט קיטי זיך אַריינגעמישט.

— אויב אַזוי, וועל איך קומען. אַ דאַנק.

— זייער גוט. קומט גלייך צוריק נאָכדעם ווי איר וועט דערליידיקן אייערע ענינים.

ארי איז שנעל אָפּגעפאָרן.

— הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל — האָט קיטי זיך אָפּגערופן.

— מיין גאָט, קיטי, איר ציטירט שוין אויך פסוקים פון תנ״ך ? — האָט סאטערלענד געפרעגט מיט אַ שמייכל.

זיי זענען אַריין אין גאָרטן, וואָס האָט זיך געפונען הינטערן הויז.

— ער זעט אויס זייער שלעכט — האָט קיטי געזאָגט.

— איך האַלט, אַז ווי פּאַר מענטש, וואָס אַרבעט הונדערט צען שעה אַ וואָך, זעט ער גאַנץ גוט אויס.

— איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען, אַז עמיצער זאָל זיין איבערגעגעבן אַן אידעע, ווי ארי בן־כנען. אפשר איז דאָס פאַנאַטיזם? איבעריקנס בין איך געווען איבעראַשט, ווען איך האָב אים דאָ דערזען. צי זענט איר אויך פאַרמישט אין די זעלבע ענינים?

סאטערלענד האָט אָנגעשטאָפּט זיין לולקע מיט טאַבאַק.

— איך בין נישט אייגנטלעך אַקטיוו באַטייליקט אין די ענינים. די „הגנה" האָט זיך געווענדעט צו מיר און געבעטן, איך זאָל אָפּשאַצן די גרויס פון די אַראַבישע כוחות, וואָס געפינען זיך מחוץ ארץ־ישראל. זיי זענען פשוט פאַראינטערעסירט אין אַ פאַכמענישער אָפּשאַצונג. הערט מיך אויס, קיטי. צי מיינט איר נישט, אַז עס איז געקומען די שעה איר זאָלט זיך אויך קלאָר מאַכן, ווו איר האַלט אין דער וועלט?

— איך האָב אייך דאָך שוין געזאָגט, אַז איך האָב נישט בדעה זיך צו שטעלן אויף וועלכן עס איז צד — האָט קיטי זיך אָפּגערופן.

— איך האָב דעם איינדרוק, קייט, אַז איר פירט אַ פּאָליטיק פון אַ שטרויס־פויגל. איר געפינט זיך אין מיטן פון אַ שלאַכט־פעלד און איר זאָגט: איך בעט אייך, שיסט נישט אויף מיין הויז, איך האָב אַראָפּגעלאָזט די פאָרהאַנגען...

— איך גלויב נישט אין ארץ־ישראל, ברוס — האָט קיטי געזאָגט.

— אויב אַזוי זאָלט איר וואָס שנעלער אַוועקפאָרן פון דאַנען — האָט סאטערלענד זיך אָפּגערופן. — אויב איר מיינט, אַז איר קאָנט דאָ ווייטער אַזוי לעבן, ווי ביז איצט, האָט איר אַ גרויסן טעות.

— אין איצטיקן מאָמענט קאָן איך נאָך נישט אָוועקפאָרן. איך מוז אַ ביסל וואַרטן, ביז קאַרען וועט קומען צו זיך פון שאָק.

— צי איז דאָס באמת די איינציקע סיבה? — האָט סאַטערלענד געפרעגט.

קיטי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין.

— איך האָב דעם איינדרוק, אַז איך האָב מורא פאַר דער אַנטשיידונג. אָפּטמאָל האָב איך דעם איינדרוק, אַז איך בין שוין פאַרטיק געוואָרן מיטן ענין פון קאַרענס אָפּפאָר קיין אַמעריקע. אָבער אָפּטמאָל, פּונקט אַזוי ווי אין איצטיקן מאָמענט, האָב איך מורא, צו שטעלן די זאַך אויף פּראָבע.

איידער זיי האָבן זיך געזעצט צום אָוונט־ברויט זענען סאַטערלענד, קיטי און ארי געשטאַנען נעבן הויז און געקוקט אויף דער שטאָט, וואָס איז געווען באַלויכטן מיטן שיין פון דער לבנה.

— דריי גרויסע מתנות האָט גאָט צוגעזאָגט דעם יידישן פאָלק, אָבער יעדע פון די דאָזיקע מתנות וועט באַקומען ווערן דורך ליידן. דאָס זענען: די תורה, ארץ־ישראל און עולם־הבא — האָט סאַטערלענד געזאָגט צו קיטין — דאָס זענען די רייד פון ר׳ שמעון בר־יוחאי, פון מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק. איך האַלט, אַז דער דאָזיקער תנא איז געווען זייער אַ קלוגער מענטש.

— ווען מען רעדט שוין, אגב, פון קלוגע זאַכן, וואָלט איך געוואָלט זאָגן, אַז איך פאָר מאָרגן קיין טבריה, צום ים־כנרת — האָט ארי געזאָגט. — צי זענט איר שוין דאָרטן געווען, קיטי?

— ניין, ליידער בין איך ביז איצט געווען אין זייער ווייניק ערטער.

— אויב אַזוי דאַרפט איר וואָס שנעלער אַראָפּפאָרן אַהין. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום וועט דאָרטן זיין צו הייס.

— אויב אַזוי, נעמט מיט קיטין מיט זיך — האָט קאַרען זיך אָפּגערופן.

עטלעכע רגעס האָבן אַלע געשוויגן אין פאַרלעגנהייט. דער ערשטער האָט זיך אָפּגערופן ארי.

— דאָס איז באמת אַ גוטע אידעע — האָט ער געזאָגט — איך קאָן אַזוי דערליידיקן מיין אַרבעט, אַז איך זאָל באַקומען עטלעכע טעג אורלויב. לאָמיר אַלע אַראָפּפאָרן אַהין, זאַלבע־פערט.

— איך האָב נישט קיין חשק — האָט קאַרען געזאָגט — איך בין שוין דאָרט געווען צוויי מאָל מיט די גדנ"עים.

ברוס סאטערלענד האָט אויפגעכאַפּט קאַרענס געדאַנק און ער האָט זיך אָפּגערופן.

— איך וועל אויך נישט פאָרן — האָט ער געזאָגט. — איך בין שוין דאָרטן געווען אַ טוץ מאָל.

— פאַרוואָס ווילסטו נישט פאָרן קיין טבריה? — האָט קאַרען געפרעגט ביי קיטין.

— איך האַלט, אַז עס איז בעסער איך זאָל בלייבן דאָ מיט דיר — האָט זי געענטפערט.

— אומזין — האָט סאטערלענד זיך אריינגעמישט. — קאַרען און איך וועלן זיך שוין אַן עצה געבן אָן אייך. עס וועט זיין זייער אַנגענעם פאַר אונדז, אויב מיר וועלן פטור ווערן פון אייך אַ פּאָר טעג. איבעריקנס זעט ארי אויס ווי אַ מענטש, וואָס נויטיקט זיך זייער שטאַרק אין אַ ביסל אָפּרו.

קיטי האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

— איך האָב דעם איינדרוק, אַרי, אַז די ביידע פּלאַנירן אַ פאַרשוווערונג קעגן אונדז. איצט האָט איר שוין נישט קיין ברירה און איר מוזט מיך מיטנעמען קיין טבריה.
— איך בין זייער צופרידן פון דעם — האָט ארי געזאָגט, און אויף זיין פנים האָט זיך באַוויזן אַ גליקלעכער שמייכל.

## קאַפּיטל 10

צוּמאָרגנס פֿרי זענען קיטי און ארי אָפּגעפֿאָרן מיט אַן אויטאָ צום ים כנרת. זיי זענען אַריינגעקומען אין טאָל גינוסר, לענגאויס דעם צפֿון־ברעג פֿון ים. פֿון אַנדער זייט כנרת האָבן זיך אַרויסגעהויבן די בערג פֿון סיריע, וואָס הערשן איבערן דאָזיקן פּלאַכלאַנד. עס איז געווען הייס און שטיקנדיק. אַרי האָט געפֿירט קיטין איבער פֿאַרשיידענע אַלטערטימלעכע ערטער. שפּעטער האָבן זיי באַזוכט דעם אַלטן אַראַבישן דאָרף מגדל, און פֿון דאָרטן האָבן זיי זיך געלאָזט איבערן פּלאַכלאַנד פֿון חיטין, ווו נישט ווייט פֿון דאָרטן געפֿינט זיך דער קבר פֿון יתרו, משה׳ס שווער, וועלכער ווערט פֿאַרהייליקט דורך די דרוזן. ביים ראַנד פֿון וועג האָבן זיך פֿאַר זיי אויסגעשפּרייט פֿעלדער, וואָס זענען געווען באַדעקט מיט אַ רויטן טעפּיך פֿון ווילד וואַקסנדיקע בלומען.

— ווי רויט די דאָזיקע בלומען זענען — האָט קיטי זיך אָפּגערופֿן. — פֿאַרהאַלט אויף אַ ווייל דעם אויטאָ, ארי.

אַרי האָט אָפּגעווייכט אָן אַ זייט פֿון וועג און זיך אָפּגעשטעלט. קיטי איז אַרויס פֿון אויטאָ, האָט אָפּגעריסן אַ בלום און אים באַטראַכט.

— איך האָב נאָך קיינמאָל אין מיין לעבן נישט געזען

אַזאַ שײנע זאַך — האָט זי אַרויסגעפּליסטערט מיט אַ שטילן ציטערנדיקן קול.

— די אַלטע מכבים האָבן געלעבט אין היילן דאָ אין דער סביבה. אין קיין שום אָרט אויף דער וועלט, וואַקסן נישט אַזעלכע בלומען. מען רופט זײ דעריבער „דם המכבים" — דאָס בלוט פון די מכבים.

קיטי האָט נישט אָפּגעריסן איר בליק פון רויטן בלום, וואָס זי האָט געהאַלטן אין דער האַנט. עס האָט באמת אויסגעזען, ווי דער בלום וואָלט געווען באַדעקט מיט קליינע בלוט־טראָפּנס. קיטי האָט שנעל אַרויסגעלאָזט דעם בלום און אָפּגעווישט איר האַנט.

דאָס דאָזיקע לאַנד האָט געמאַכט אויף איר אַ געוואַלדיקן איינדרוק. אפילו די ווילדע בלומען האָבן נישט דערלויבט צו פאַרגעסן אויף אַ רגע וועגן דער ווירקלעכקייט. קיטי פרעמאַנט האָט מורא באַקומען. פאַר איר איז קלאָר געוואָרן, אַז זי מוז וואָס שנעלער פאַרלאָזן ארץ־ישראל, ווייל וואָס מער טענות זי האָט געהאַט קעגן לאַנד, אַלץ מער האָט דאָס לאַנד זי באַהערשט.

זײ זענען אַרײנגעקומען קיין טבריה פון צפון־זײט, דורכן וועג פון קרית־שמואל און זענען מיטן באַרג אַראָפּגעפאָרן צו דער אַלט־שטאָט, וואָס איז געלעגן אויף דער זעלבער הויך, ווי דער ים־שפּיגל. די הײזער זענען דאָס רוב געווען געבויט פון שוואַרצע באַזאַלט־שטיינער. אויף די אַרומיקע בערג האָט געווימלט מיט קברים פון באַרימטע העברעער.

זײ זענען געפאָרן דורך דער שטאָט ביז צום ברעג פון ים, און זענען אַרײן אין „מלון הגליל". אינצווישנצייט איז געוואָרן שטאַרק הייס. קיטי האָט אפילו נישט אָפּגעפילט דעם הונגער און זי האָט די גאַנצע צייט געשוויגן. עס

האָט איר שוין אָנגעהויבן צו פֿאַרדריסן, וואָס זי איז בכלל מיטגעפֿאָרן מיט אַרין אויפֿן שפּאַציר.

— איך האָב אייך נאָך נישט געוויזן דאָס הייליקסטע אָרט פֿון אַלע ערטער, וואָס געפֿינט זיך נישט ווייט פֿון שטאָט — האָט אַרי געזאָגט.

— ווו געפֿינט זיך דאָס?

— דאָס איז דער קבוץ שושנה, ווו איך בין געבוירן געוואָרן.

קיטי האָט זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט. אַרי האָט משמעות באַמערקט, אַז זי איז אין אַ שלעכטער שטימונג און ער האָט זיך באַמיט איר אויפֿצוהייטערן.

— דאָס אָרט געפֿינט זיך ווייט פֿון דאַנען? — האָט זי געפֿרעגט.

— בלויז עטלעכע מייל ווייט, ווו דער ירדן פֿאַלט אַריין אין כנרת. ווי מען האָט מיר דערציילט, בין איך שיעור נישט געבוירן געוואָרן אין דער אַלטער טערקישער פּאָליציי־סטאַציע אין טבריה גופֿא. ווינטער איז די שטאָט פֿול מיט טוריסטן. איצט איז שוין כמעט נאָכן סעזאָן. מיר האָבן אָבער דערפֿאַר דעם ים צו אונזער דיספּאָזיציע. לאָמיר בעסער אַראָפּגיין שווימען.

— דאָס שיינט מיר צו זיין אַ גוטע אידייע — האָט קיטי געענטפֿערט.

נעבן האָטעל האָט זיך געצויגן אַ לאַנגער מאלא פֿון באַזאַלט־שטיינער, וואָס האָט געפֿירט ביז פֿערציק מעטער ווייט אין ים. נאָכן עסן איז אַרי געווען דער ערשטער, וואָס איז אַהין געקומען, כדי זיך צו באָדן. קיטי האָט גייענדיק פֿון האָטעל צום ים נישט אַראָפּגעלאָזט איר בליק פֿון אַריס קערפּער. ער איז געווען שלאַנק, אָבער טראָץ

דעם האָט ער אויסגעזען קרעפטיק און אַטלעטיש געבויט.
אַרי האָט געוווּנקען צו איר פון דערווייטנס.

— האַלאָ! — האָט זי אויסגערופן. — צי זענט איר שוין געווען אין וואַסער?

— ניין, איך האָב געוואַרט אויף אייך.

— ווי טיף איז דאָס וואַסער ביים סוף פון מאלא?

— אַן ערך דריי מעטער. צי וועט איר קאָנען דער־שווימען ביז צו דער לאָדקע, וואָס שטייט דאָרטן?

— מיר קאָנען זיך פאַרמעסטן ווער פון אונז וועט דערשווימען אַהין דער ערשטער.

קיטי האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך איר באָד־מאַנטל און אָנגעטאָן אויפן קאָפּ אַ באָד־היטעלע. אַרי האָט זי באַטראַכט, פונקט אַזוי ווי זי אים פריער. איר קערפּער האָט נישט געהאַט די קאָנטיקייט פון אַ סאַברע־מיידל. זי האָט געהאַט ווייכע רונדע פאָרמען, ווי דער גוף פון אַ טיפּישער אַמעריקאַנער פרוי. זייערע בליקן האָבן זיך באַ־געגענט און ביידע זענען אַריינגעפאַלן אין אַ פאַרלעגנהייט.

קיטי איז אים פאַרבייגעלאָפן און אַריינגעשפּרונגען אין וואַסער. אַרי איז איר נאָכגעשפּרונגען. מיט איבעראַ־שונג האָט ער פעסטגעשטעלט, אַז עס איז אים קוים געלונגען זי צו דעריאָגן. מיט מי האָט ער איר איבערגעיאָגט אויף אַ פּאָר שריט. קיטי איז געשווומען מיט אַן עלעגאַנטן סטיל און ער איז געווען געצוווּנגען זיך שטאַרק אָנצושטרענגען, כדי זי זאָל אים נישט אַריבעריאָגן. כמעט ווי אַן אָטעם און לאַכנדיק זענען זיי ביידע צוגעשווומען צו דער לאָדקע און אַריינגעקראָכן אינעווייניק.

— איר שווימט זייער שנעל — האָט אַרי זיך אָפּ־גערופן.

— איך האָב פאַרגעסן אייך צו זאָגן...

— איך ווייס, איך ווייס, — האָט ארי איבערגעשלאָגן אירע רייד — איר האָט געהערט צו דער שווים־מאַנשאַפט פון אוניווערסיטעט.

קיטי איז געלעגן אויפן רוקן און טיף געאָטעמט. דאָס קילע וואַסער האָט זי אָפּגעפרישט און עס האָט געשיינט, אַז זי האָט זיך שוין באַפרייט פון דער געדריקטער שטימונג.

עס איז געווען שפּעט נאָך מיטיק, ווען זיי האָבן זיך צוריקגעקערט צום האָטעל. זיי האָבן אויסגעטרונקען אַ קאָקטייל אויף דער וועראַנדע פון האָטעל און דאַן איז יעדערער פון זיי אַוועק צו זיך אין צימער, כדי זיך אויס־צורוען פאַרן אָוונטברויט.

ארי, וועלכער האָט אין די לעצטע וואָכן אַ סך געאַרבעט און זייער ווייניק גערוט איז גלייך איינגעשלאָפן. קיטי אָבער האָט אַ נערוועזע אַרומגעשפּאַנט הין און צוריק אין דערביייאיקן צימער. זי האָט באַהערשט דעם אומרו, וואָס איז איר באַפאַלן פאַר מיטיק. דער מיסטישער כוח פון ארץ־ישראל האָט זי נאָך אַלץ געהאַלטן אונטער זיין איינפלוס. זי האָט געבענקט צו אַ נאָרמאַלן, פאַרנונפטיקן לעבן, וואָס פירט זיך לויט אַ באַשטימטן פּלאַן. זי האָט זיך איינגערעדט, אַז אויך קאָרען דאַרף האָבן אַזאַ לעבן און זי האָט באַשלאָסן אַרומצוריידן מיטן מיידל דעם דאָזיקן ענין ביי דער נאָענטסטער געלעגנהייט.

אין אָוונט איז געוואָרן אָנגענעם קיל. אַן אָפּרישנדיקער ווינטל איז אַריינגעדרונגען דורכן פענצטער און קיטי האָט אָנגעהויבן זיך אָנצוטאָן צום אָוונטברויט. זי האָט געעפנט דעם קליידער־שאַנק און באַקוקט אַלע דריי קליידער, וואָס

זי האָט מיטגעבראַכט. צום סוף האָט זי אויסגעקליבן דאָס קלייד, וואָס ירדנה בן־כנען האָט מיט א צייט צוריק, בעת זי איז געקומען צו איר אין צימער, אָנגעפּאַסט אין איר אָפּוועזנהייט. זי האָט זיך דערמאָנט אַריס גוף ביים שווימען און זי האָט געטראַכט וועגן אָנגענעמען געפיל, וואָס האָט זי דערביי אַרומגענומען. דאָס קלייד, וואָס זי האָט אָנגעטאָן האָט אויסגעטיילט אירע שיינע פרויען־פאָרמען.

ווען קיטי איז אראָפּגעקומען אין האָל האָבן אלע מענער זי אָנגעקוקט מיט באוווּנדערונג, ארי איז געשטאַנען ווי צוגעשמידט צום אָרט און נישט אראָפּגעלאָזט פון איר דעם בליק, אָבער ווען זי האָט זיך צו אים דערנענטערט, האָט ער מיט א געמאַכטער רואיקייט זיך אָפּגערופן:

— איך האָב אן איבעראשונג פאר אייך. אין קיבוץ עין־גב, אויף דער אנדער זייט פון כנרת, וועט היינט פאָרקומען א קאָנצערט. גלייך נאָכן עסן פאָרן מיר אהין.

— צי קאָן איך קומען א הין אין דאָזיקן קלייד?

— וואָס?... איך מיין... יא...

די פולע לבנה האָט באַלויכטן זייער וועג. ווי נאָר זיי זענען אָפּגעשוואומען מיטן מאָטאָר־שיפל, איז די לבנה דערשינען פון הינטער די סירישע בערג.

— ווי שטיל דאָס וואסער איז — האָט קיטי זיך אָפּגערופן.

— דאָס זעט נאָר אזוי אויס — האָט ארי געזאָגט. — ווען גאָט ווערט אין כעס, קאָן ער אין משך פון מינוטן פאַרוואַנדלען דעם שטילן ים אין אַ שטורמישן אָקעאַן.

א האלבע שעה שפעטער זענען זיי ארויף אויפן

ברעג פון קיבוץ עין־גב. דער דאָזיקער ישוב איז געווען אַ געוואַגטע אונטערנעמונג. ער איז געלעגן צופוס פון די סירישע בערג, פולשטענדיק איזאָלירט פון די איבעריקע ישובים אין ארץ־ישראל. איבער אים איז געלעגן א סיריש דאָרף און די פעלדער פון עין־גב האָבן זיך געצויגן האַרט ביז דער גרענעץ. דער דאָזיקער קיבוץ איז געגרינ־דעט געוואָרן אין 1937 יאָר דורך דייטשע עולים און האָט געהאט א וויכטיקע סטראטעגישע באדייטונג.

א סך פון די דאָזיקע דייטשע עולים זענען פריער געווען בארימטע מוזיקער. זיי זענען שפעטער געפאַלן אויפן געדאנק, אז חוץ די הכנסות פון לאנדווירטשאַפט און פיש־פאנג, קאָנען זיי שאפן א נייע הכנסה־קוועלע פארן קיבוץ. זיי האָבן געגרינדעט אן ארקעסטער און געקויפט צוויי לאָדקעס, צו ברענגען טוריסטן פון טבריה און געבן פאר זיי קאָנצערטן. די אידייע האָט זיך ארויס־געוויזן פאר דערפאָלגרייך און עס האָט זיך פארוואנדלט אין א טראדיציע, אז יעדער קינסטלער, וואָס איז געקומען אויף קאָנצערטן קיין ארץ־ישראל, האָט באזוכט עין־גב. די קיבוץ־חברים האָבן אויסגעבויט א גרויסן אמפיטעאטער אונטערן פרייען הימל, ביים ברעג פון ים, און מען האָט אויך פלאַנירט צו בויען אַ סטאַבילן קאָנצערט־זאַל.

ארי האָט אויסגעשפרייט א פלעד אויפן גראָז ביים ראנד פון אמפיטעאטער אוןביידע האָבן זיך אוועקגע־לייגט אויף די רוקנס. זיי האָבן געקוקט אויפן הימל און געזען, ווי די גרויסע לבנה שטייגט העכער און העכער, ווערט אַלץ קלענער און מאכט אן אָרט פאר מיליארדן שטערנס. דער ארקעסטער האָט געשפילט א בעטהאווען־קאָנצערט. די אינערלעכע שפאנונג ביי קיטין האָט נאָכגע־

לאָזט. — קיין שענער אָרט פאַר דער דאָזיקער מוזיק, איז זיכער נישטאָ אויף דער גאַנצער וועלט — האָט זי געטראַכט. עס האָט אויסגעזען ווי אַ טרוים און קיטי האָט געוואָלט, אַז עס זאָל דויערן וואָס לענגער.

ווען דער קאָנצערט האָט זיך פאַרענדיקט, האָט ארי זי גענומען פאַרן האַנט און אַוועקגעפירט צו אַ שטעגל, וואָס האָט זיך געצויגן ביז צום ים־ברעג. עס איז געווען שטיל און די לופט איז געווען אָנגעפילט מיטן ריח פון סאָסנע־בוימער. דער ים־כנרת איז געלעגן ווי אַ גלאַטער שפּיגל און געגלאַנצט אין ליכט פון די לבנה־שטראַלן. ביים ראַנד פון וואַסער איז געשטאַנען אַ שטיינערנע באַנק.

זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט און אָנגעהויבן צו קוקן אויף די פינקלענדיקע ליכטער פון טבריה. קיטי האָט געפילט אריס נאָענטקייט. זי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און אים אָנגעקוקט. ווי גוט ער האָט אויסגעזען! עס האָט איר פלוצים באַהערשט אַ פאַרלאַנג אים אַרומצונעמען, אָנרירן זיין באַק און גלעטן אים איבער די האָר. זי וואָלט אים גערן געבעטן, ער זאָל נישט זיין מער אַזוי פאַרשלאָסן אין זיך. זי האָט געהאַט דעם ווונטש אים צו זאָגן, ווי גוט זי פילט זיך אין זיין געזעלשאַפט און זי וואָלט אים גערן געזאָגט, ער זאָל זיך נישט פאַרהאַלטן אַזוי פרעמד לגבי איר, נאָר זוכן דאָס, וואָס איז געמיינזאַם פאַר ביידן. אָבער ארי־בן־כנען איז דאָך געווען אַ פרעמדער און זי וועט אים קיינמאָל נישט זאָגן, וואָס פאַר אַ געפילן זי האָט פאַר אים.

דער ים כנרת האָט זיך אָנגעהויבן לייכט צו באַוועגן און די כוואַליעס האָבן זיך אָנגעשטויסן אין ברעג. אַ פלוצימדיקער ווינט האָט אָנגעהויבן בלאָזן. קיטי האָט

אויסגעדרייט דעם קאָפּ און אָנגעהויבן קוקן אין א זייט. א ציטער איז דורכגעלאָפן איבער איר קערפּער. זי האָט דערפילט, ווי אריס האַנט האָט באַריִרט אירע אַקסלען.

— עס ווערט אייך קאַלט — האָט ער געזאָגט, געבנדיק איר דעם פּלעד. קיטי האָט זיך איינגעהילט און א לאַנגע צייט האָבן זיי זיך אָנגעקוקט שטומערהייט.

פּלוצים איז ארי אויפגעשטאַנען.

— מיר שיינט, אַז דאָס שיפל קומט — האָט ער געזאָגט.

— מיר מוזן שוין גיין.

ווען דאָס שיפל איז אָנגעקומען צום ברעג האָט זיך דער כנרת פּלוצים פאַרוואַנדלט אין אַ שטורמישן ים. דער שוים פון די כוואַליעס האָט אריינגעשפּריצט אין שיפל. ארי האָט ארומגענומען קיטין ביי די אַקסלען און זי צוגעצויגן צו זיך, כדי זי צו שיצן פאַר די וואַסער־שפּריצן. בעת דער גאַנצער רייזע איבערן ים איז קיטי געשטאַנען מיט צוגעמאַכטע אויגן, דעם קאָפּ אָנגעלענט אויף אַריס ברוסט, און האָט זיך צוגעהערט צום ריטם פון זיין האַרץ.

האַלטנדיק זיך ביי די הענט זענען זיי געגאַנגען פון מאַלאַ צום האָטעל. אונטער א גרויסן בוים, וועמענס צווייגן עס האָבן זיך אויסגעשפּרייט ווי א ריזיקער שירעם, איז קיטי געבליבן שטיין. זי האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער זי איז נישט געווען בכוח ארויסצוברענגען אַ וואָרט.

ארי האָט אָפּגעשאַרט אירע נאַסע האָר פון שטערן. ער האָט זי דעליקאַט אָנגענומען פאַרן אַקסל און צוגעצויגן צו זיך. די מוסקולן פון זיין געזיכט האָבן זיך אָנטשפּאַנט.

— ארי — האָט קיטי ארויסגעפּליסטערט. — קוש מיך...

אלץ, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אין משך פון לאַנגע חדשים האָט אויפגעפלאַקערט ווי א פלאַם ביי דער דאָזי־קער ערשטער אומארמונג. זיי האָבן זיך געקושט אָן אויפ־הער. קיטי האָט זיך צוגעטוליעט צום אים פילנדיק די קראַפט פון זיינע אָרעמס. דאַן זענען זיי שווייגנדיק אַוועק צום האָטעל.

קיטי איז אַ צעטומלטע געבליבן שטיין ביי דער טיר פון איר צימער. ארי האָט געוואָלט גיין ווייטער אין זיין צימער, אָבער זי האָט אים אָנגעכאַפּט פאַר א האַנט און צוגעצויגן צו זיך. א רגע זענען זיי געשטאַנען אייגער קעגן אנדערן און נישט אויסגערעדט קיין וואָרט. קיטי האָט צום סוף זיך שנעל אויסגעדרייט און איז אריין אין צימער, פאַרשליסנדיק הינטער זיך די טיר.

זי האָט זיך אויסגעטאָן, נישט אָנצינדנדיק קיין ליכט. זי האָט שנעל ארויפגעוואָרפן אויף זיך א נאַכט־העמד און איז ארויסגעגאַנגען אויפן באַלקאָן, פון וואַנען זי האָט געזען דאָס ליכט אין אריס צימער. זי האָט געהערט זיינע שריט און קיטי האָט זיך צוריקגעצויגן אין דער פינצטערניש. אין דער זעלבער רגע האָט זי אים דערזען אויפן באַלקאָן פון איר צימער.

זי איז אים אנטקעגנגעלאָפן און פעסט ארומגענומען, ציטערנדיק פאַר בענקשאַפט. זיינע קושן האָבן באַדעקט איר מויל, איר געזיכט, איר האַלדז און זי האָט צוריקגע־ענטפערט מיט די זעלבע פלאַמיקע קושן, מיט אַן אומגע־שטילטער ליידנשאַפט. ארי האָט זי אויפגעהויבן אין דער הויך און האָט זי אַוועקגעטראָגן אין זיינע אָרעמס צום בעט.

קיטי האָט דערפילט א שוואַכקייט. זי האָט צוזאַמענ־געקלעמט אירע הענט אין ליילעך און אָנגעהויבן צו

שלוכצן. ארי האָט פאַנאַנדערגעפּנט איר נאַכט־העמד און אָנגעהויבן זי צו גלעטן איבערן לייב.

פלוצים האָט זי זיך א ריס געטאָן פון זיינע הענט און אויסגעשריען:

— ניין !...

ארי איז געבליבן ליגן ווי א פארשטאַרטער. קיטי האָט אויסגעבראָכן אין א געוויין און זיך צוריקגעצויגן צו דער וואנט. זי האָט געציטערט אויפן גאנצן לייב. עס האָט געדויערט א לאנגע צייט ביז זי איז געקומען צו זיך. זי איז אראָפּ פון בעט און זיך אנידערגעזעצט אויף א שטול. ארי איז געשטאַנען נעבן איר און זי אָנגעקוקט שטומערהייט.

— איר האַסט מיר זיכער — האָט זי זיך ענדלעך אָפּגערופן.

ארי האָט גאָרנישט געזאָגט. זי האָט א קוק געטאָן אויף אים און געזען דעם אויסדרוק פון באליידיקונג אויף זיין פנים.

— זאָגט עפּעס, ארי, איך בעט אייך.

ער איז געבליבן שטום.

קיטי איז לאנגזאם אויפגעשטאַנען פון שטול.

— איך וויל דאָס נישט, ארי — האָט זי געזאָגט. — איך קאָן נישט פארטראָגן ווען מען מאכט מיך שוואך. משמעות איז דאָס געווען צוליבן ליכט פון דער לבנה...

— איך האָב באמת נישט געהאט קיין אנונג, אז איך פיר א ליבע מיט א ווידערשפעניקער בתולה — האָט ארי ארויסגעברומט.

— ארי, איך בעט אייך...

— איך האָב נישט קיין צייט פאר אזעלכע שפילע־

רייען. איך בין א דערוואקסענער מאן און איר זענט א דערוואקסענע פרוי.

— ווי גוט איר פארמולירט עס — האָט קיטי זיך אָפּגערופן.

— אויב איר האָט גאָרנישט קעגן דעם, וועל איך איצט אוועקגיין — האָט ארי געזאָגט מיט א קאלטער שטימע.

קיטי האָט א ציטער געטאָן, ווען זי האָט דערהערט ווי די טיר קלאפּט זיך צו. זי איז א לאַנגע צייט געשטאַנען ביי דער טיר פון באלקאן און ארויסגעקוקט צום וואסער. דער ים איז געווען א ברויזנדער און די לבנה איז פאר־שוווּנדן הינטער אַ וואָלקן.

קיטי האָט זיך געפילט ווי א באַטויבטע. פארוואָס איז זי פון אים אנטלאָפן? זי האָט נאָך קיינמאָל אין איר לעבן נישט געהאט אזא שטאַרק געפיל פאר א מאן, ווי פאר אריין, און נאָך קיינמאָל האָט זי נישט פאַרלאָרן די זעלבסט־באהערשונג, ווי איצט. זי האָט מורא־באַקומען פאר איר אייגענער העמונגסלאָזיקייט. זי איז געווען איבערצייגט, אז ארי בן־כנען האָט נישט פאר איר קיין ערנסטן געפיל, קיין טיפן פארלאנג צו איר. פאר איין נאכט, יא, אָבער אין אלגעמיין דארף ער זי נישט האָבן. נאָך קיינמאָל האָט א מאן זיך נישט באצויגן צו איר ווי ער. אָבער דאן איז פאר איר קלאָר געוואָרן, אז זי איז אנטלאָפן דווקא צוליב איר שטארקן געפיל פאר אים. זי איז אנטלאָפן פון דער בענקשאפט צו אריין, וואָס האָט געקאָנט דערפירן דערצו, אז זי זאָל בלייבן אין ארץ־ישראל. זי טאָר צו דעם נישט דערלאָזן. זי איז געווען אַנטשלאָסן אוועקצופאָרן מיט קארען קיין אמעריקע און קיין זאך טאָר איר נישט

שטערן אין דעם. זי האָט זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג פֿון דעם, אַז זי האָט מורא פֿאַר אַרי בן־כּנען, ווייל ער קאָן ווערן געפֿערלעך פֿאַר אירע פּלענער. ווען ער וואָלט אַרויסגעוויזן דעם מינדסטן זשעסט, אַז ער האָט זי ליב, וואָלט זי נישט געהאַט קיין כּוח זיך קעגנצושטעלן. דער געדאַנק וועגן זיין קאַלטקייט און האַרטקייט האָט נאָך מער פֿאַרשטאַרקט איר באַשלוס צו בלייבן פֿעסט. דאָס האָט איר צוריקגעגעבן די זעלבסטזיכערקייט.

זי האָט זיך אַנידערגעוואָרפֿן אויפֿן בעט און איז גלייך איינגעשלאָפֿן פֿון דערשעפּונג. דער ווינט, וואָס האָט זיך געטראָגן איבערן כּנרת, האָט ווילד געקלאַפּט אין אירע פֿענצטער.

צומאָרגנס האָט זיך דער ווינט איינגעשטילט און דער ים איז ווידער געווען שפּיגל־גלאַט. קיטי האָט אַראָפּגע־וואָרפֿן פֿון זיך די קאָלדרע און איז אַרויסגעשפּרונגען פֿון בעט. זי האָט זיך דערמאָנט די נעכטיקע סצענע און זי איז רויט געוואָרן אויפֿן פּנים. פֿונדעסטוועגן האָט דאָס שוין אַלץ נישט אויסגעזען אין אירע אויגן אַזוי שרעק־לעך, זי איז אָבער געווען אַ ביסל פֿאַרשעמט. זי האָט געמאַכט אַ סצענע און מסתּמא האָט אַרי אָן צווייפֿל דאָס באַטראַכט אַלס צו דראַמאַטיש און אַלס אַ ביסל קינדיש. דאָס איז געווען איר שולד און זי האָט געוואָלט אַלץ ווידער גוט מאַכן. זי האָט געהאַט בדעה זיך אָוועקצו־זעצן רואיק מיט אים און אַלץ אַרומריידן, אין פֿולער רו און קלאָרקייט. זי האָט זיך שנעל אָנגעטאָן און איז אַראָפּ אין האָל, כּדי צו וואַרטן אויף אַרין. זי האָט זיך איבערלייגט אין געדאַנק די ווערטער, וואָס זי וועט אים זאָגן, כּדי צו בעטן ביי אים אַנטשולדיקונג.

זי איז געזעסן א האלבע שעה, האָט געטרונקען איר קאַפע און געוואַרט. אַרי איז נישט געקומען. זי האָט צוזאַמענגעדריקט דעם דריטן סיגאַרעט אין אַש־בעכער און איז אַוועק צום פּאָרטיער.

— צי האָט איר געזען היינט דעם מיסטער בן־כנען? האָט זי געפרעגט.

— מיסטער בן־כנען איז אַוועקגעפאָרן זעקס אַזייגער אינדערפרי.

— צי האָט ער געזאָגט, וווּהין ער פאָרט?

— מיסטער בן־כנען זאָגט קיינמאָל נישט וווּהין ער פאָרט...

— אפשר האָט ער איבערגעלאָזן פאַר מיר א ידיעה?

דער פּאָרטיער האָט זיך אויסגעדרייט און אָנגעוויזן אויפן ליידיקן בריוו־קעסטל.

— איך זע, א דאַנק — האָט קיטי שטיל געזאָגט און איז אַוועק.

## קאפיטל 11

דב לאנדאו האָט געפונען א צימער אין א פארלאָזענעם האָטעל אויף רחוב השלשלת אין ירושלימער אלט־שטאָט. לויט דער געגעבענער אָנווייזונג איז ער אַוועק צום קאַפע „סלאח־אדין" אויף דער גאס שכם, נעבן דמשק־טויער. ער האָט געבעטן מען זאָל איבערגעבן צו בר־ישראל זיין נאָמען און דעם נאָמען פון האָטעל, אין וועלכן ער האַלט זיך אויף.

דב האָט פארזעצט אין א לאָמבארד די גאָלדענע רינגען און די ארעמבענדער, וואָס ער האָט צוגעגנבעט אין גן־דפנה. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן צו וואנדערן איבער ירושלים, כדי זיך צו אריענטירן אין אירע גאסן. אין די אויגן פון דאָזיקן „געטאָ־שטשור" און געוועזענעם מייסטער אין גניבה, איז דאָס באקענען זיך מיט די געסלעך פון ירושלים געווען א לייכטער ענין. אין משך פון דריי טעג האָט ער שוין געקענט יעדע גאס און געסל אין דער ירוש־לימער אלט־שטאָט, און די האנדלס־קווארטאלן, וואָס האָבן זיך געפונען ארום. מיט זיינע שארפע אויגן און פלינקע הענט האָט ער זיך איינגעשאפט ווערטפולע זאכן אויף אויסהאלטן זיך.

א באדייטנדיקן טייל פון זיין געלט האָט ער אויסגעגעבן אויף ביכער און צייכן־מאַטעריאַלן. אין די בוך־האַנדלונגען פון רחוב יפו אין ירושלים האָט ער געזוכט ווערק וועגן קונסט, ארכיטעקטור און קאָנסטרוקציע־צייכענונגען.

מיט די דאָזיקע ביכער און צייכן־מאטעריאלן, ווי אויך

מיט א פאר געטריקנטע פרוכטן און עטלעכע פלעשער לימאָנאַדע, האָט ער זיך אָפּגעשלאָסן אין זיין האָטעל־צימער און געוואַרט ביז די „מכבים" וועלן זיך מיט אים פאַרבינדן. ביינאַכט האָט ער געאַרבעט ביים שיין פון א ליכטל. ער האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויפן שיינעם בילד, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט אין דרויסן. ער האָט געלייענט אַזוי לאַנג, ביז די אויגן האָבן אים אָנגעהויבן צו ברענען. ער פלעגט דאַן אוועקלייגן דאָס בוך אויפן ברוסט, קוקן אויפן סופיט און טראַכטן וועגן קאַרען. ער האָט נישט געוווּסט ווי שטאַרק זי וועט אים פעלן און ער האָט זיך אויך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז די בענקשאַפט צו איר וועט אים פאַרשאַפן אַזש א פיזישן ווייטיק. קאַרען האָט זיך אַזוי לאַנג געפונען אין זיין סביבה, אַז ער האָט פאַרגעסן ווי דאָס האָט אויסגעזען, ווען ער איז געווען ווייט פון איר. ער האָט זיך דערמאָנט וועגן יעדער רגע, ווען ער איז געווען מיט איר צוזאַמען, וועגן די וואָכן אין קאַראַאַלאָס און די טעג אויף דער שיף „יציאת אייראָפּע". ער האָט זיך דער־מאָנט ווי גליקלעך זי איז געווען און ווי שיין זי האָט אויסגעזען דעם ערשטן טאָג, ווען זיי זענען אָנגעקומען אין גן־דפנה. ער האָט געטראַכט וועגן איר פריינטלעכן, אויסדרוקפולן געזיכט, וועגן דער מילדער באַרירונג פון אירע הענט און וועגן שאַרפן טאָן פון איר שטימע, ווען זי איז געווען בייז.

אין משך פון צוויי וואָכן האָט דב לאַנדאו פאַרלאָזן דאָס צימער נאָר דאַן, ווען דאָס איז געווען אומבאַדינגט נייטיק. צום סוף פון דער צווייטער וואָך האָט ער ווידער געדאַרפט האָבן עטוואָס געלט און ער איז אוועק אין שטאָט, כדי צו פאַרזעצן עטלעכע רינגען. ווען ער האָט פאַרלאָזן

דעם בנין, אין וועלכן עס האָט זיך געפונען דער לאַמבאַרד, האָט ער דערזען אין דער טונקלקייט נעבן טויער א מאַן. דב האָט אַרײַנגערוקט די האַנט אין קעשענע און אָנגערירט דעם רעוואָלווער, וואָס ער האָט דאָרטן געהאַלטן. ער איז געווען גרייט זיך אויסצודרייען ביים קלענסטן גערויש.

— בלייב שטיין! זאָלסט זיך נישט אומדרייען — האָט ער דערהערט הינטער זיך אַ באַפעלערישע שטים.

דב איז געבליבן שטיין אויפן אָרט.

— דו האָסט זיך געוואָלט טרעפן מיט בר־ישראל. וואָס ווילסטו פון אים?

— איר ווייסט אליין, וואָס איך וויל — האָט דב גע־ענטפערט.

— ווי הייסטו?

— לאַנדאו, דב לאַנדאו.

— פון וואַנען קומסטו?

— פון גן־דפנה.

— ווער האָט דיך געשיקט?

— מרדכי.

— ווי אַזוי ביסטו געקומען קיין ארץ־ישראל?

— מיט „יציאת איירָאָפּע“.

— גיי ווייטער, לענגאויס דער גאַס, און קוק זיך נישט אַרום. מען וועט זיך שטעלן מיט דיר אין פאַרבינדונג.

דער ערשטער קאָנטאַקט האָט אַרויסגערופן אומרו ביי דבן. עס האָט שוין געהאַלטן דערביי, אַז ער זאָל אַלץ אוועקוואַרפן און זיך צוריקקערן קיין גן־דפנה. ער האָט שרעקלעך געבענקט נאָך קאַרען קלעמענט. ער האָט אָנגע־הויבן שרייבן צו איר צענדליקער בריוו, אָבער ער האָט

זיי אלע צעריסן. איך מוז פטור ווערן פון דעם... — האָט ער זיך געטראַכט. — איך מוז מיט דעם מאַכן אַ סוף...

ער איז געלעגן אין זיין צימער אויפן בעט און געלייענט. די אויגן האָבן זיך אים געשלאָסן, ער איז אָבער ווידער אויפגעשטאַנען, און אָנגעצונדן נייע ליכט: ווען ער וואָלט איינגעשלאָפן און ער וואָלט געזען זיין אלטן שרעקלעכן חלום, וואָלט ער מורא געהאַט זיך אויפצוכאַפן אין אַ פינצטערן צימער. פּלוצים האָט ער דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר. דב איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט, האָט גענומען זיין רעוואָלווער און זיך אוועקגעשטעלט נעבן דער פאַרשלאָסענער טיר.

— דאָ איז דיין פריינט! — האָט געזאָגט אַ שטים פון דרויסן.

דב האָט דערקענט די שטימע פון מאַן, וואָס האָט מיט אים גערעדט אויף דער גאַס. ער האָט אויפגעמאַכט די טיר, אָבער ער האָט קיינעם נישט געזען.

— דריי זיך אויס און שטעל זיך מיטן פּנים צו דער וואַנט! — האָט ער ווידער דערהערט אַ באַפעל פון אומגעזעענעם מאַן.

דב האָט אויסגעפירט דעם באַפעל. ער האָט געשפּירט הינטער זיך די אַנוועזנהייט פון צוויי מענער. מען האָט אים פאַרבונדן די אויגן און ביידע מענער האָבן אים אַראָפּגעפירט פון די טרעפּ צו אַן אויטאָ, וואָס האָט אונטן געוואַרט. דב האָט זיך געמוזט לייגן אויפן באָדן פון אויטאָ און דאַן האָט מען אַרויפגעוואָרפן אויף אים אַ פאַרשטויבטע קאָלדרע. דער אויטאָ איז אָפּגעפאָרן און זיך שנעל דערווייטערט פון דער אלט־שטאָט.

דב האָט קאָנצענטרירט זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט,

כדי ארויסצובאקומען וווהין מען פירט אים. דער אויטא האָט מיט א גרילץ זיך ארייגעשניטן אין דער גאס שלמה המלך און פון דאָרטן איז ער געפאָרן צו שער האריות. דאָס איז געווען א קינדער־שפיל פאר דב לאנדאו פעסטצושטעלן אין זיין דמיון דעם דאָזיקן וועג. אין קאַנאַלן פון וואַר־שעווער געטא האָט ער זיך געלערנט דערקענען אין דער טונקלקייט יעטוועדן לאבירינט. דער אויטא האָט געענדערט דעם לויף, כדי ארויפצופאָרן אויף א בארג. לויט דבס מיינונג, זענען זיי געפאָרן אין דער ריכטונג פון הר הזיתים. דער וועג איז געוואָרן פלאך און דב האָט געוווסט, אז זיי געפינען זיך אויפן בארג, נעבן דעם קאמפלעקס געביי־דעס פון העברעאישן אוניווערסיטעט און הדסה־שפיטאָל. פון דאָרטן איז דער אויטא געפאָרן נאָך צען מינוט און האָט זיך פארהאלטן. דב האָט גענוי פעסטגעשטעלט דאָס אָרט ווו זיי זענען שטיין געבליבן: זיי האָבן זיך געפונען אין סנהדריה, נעבן די קברים פון די סנהדרין.

ער איז ארייגעפירט געוואָרן אין א הויז און דאָרטן האָט מען אים ארייגעבראכט אין א צימער, וואָס איז געווען פול מיט סיגאַרעטן־רויך. מען האָט אים באַפוילן זיך צו זעצן אויף אַ שטול. ער האָט געשפירט די אַנוועזנהייט פון מינדעסטנס פינף אָדער זעקס פערזאָן אין צימער. אין משך פון צוויי שעה איז ער שטרענג געפאָרשט געוואָרן. פון אלע זייטן האָבן זיך אויף אים געשאָטן פראגן, ביז ער האָט אָנגעהויבן צו שוויצן פון נערוועזיטעט. ביסלעכווייז איז אים אלץ קלאָר געוואָרן. די „מכבים" האָבן דורך זייער אינפאָרמאציע־דינסט זיך דערוווסט, אז דב איז א קינסטלער אין פעלשונגען. די „מכבים" האָבן אים דרינגענד געדאַרפט האָבן. די מענטשן, וואָס האָבן אים אויסגעפרעגט, האָבן

זיכער פארנומען הויכע אמטן אין דער ארגאניזאציע. זיי האָבן אפילו געקאָנט געהערן צו דער העכסטער אָנפירונג. צום סוף האָט מען זיך משמעות איבערצייגט אין זיינע פעאיקייטן, און אַז מען קאָן האָבן צו אים צוטרוי.

— פאר דיר געפינט זיך א פארהאנג — האָט א שטימע געזאָגט — שטרעק אויס דיינע הענט דורכן דאָזיקן פארהאנג.

דב האָט געטאָן ווי מען האָט אים געהייסן. איין האנט זיינע איז ארויפגעלייגט געוואָרן אויף א רעוואָלווער און די צווייטע — אויף א תנ"ך. דאן האָט ער געמוזט אָפּגעבן די שבועה פון די „מכבים":

„איך, דב לאנדאו, שווער דערמיט מקריב צו זיין מיין גוף, מיין נשמה, און אלץ וואָס געהערט צו מיר, אן קיין שום פארבאהאלטן און באדינגונגען, פאר די „פרייהייט־קעמפּער מכבים". איך וועל יעדן באַפעל אויספירן באַדינג־גונגסלאָז געהאָרכזאם. איך וועל מיך אונטערוואַרפן דער קאָמפּעטענץ פון די פאַרגעזעצטע. אפילו דאַן, ווען מען וועט מיך פייניקן צום טויט, וועל איך קיינמאָל נישט אויס־געבן דעם נאָמען פון א צווייטן מכבי, אָדער פאראטן וועלכע עס איז געהיימעניש. איך וועל ביז צום לעצטן אטעם־צוג קעמפן קעגן די שונאים פון יידישן פאָלק. איך וועל זיך אין דאָזיקן קאמף נישט אָפּשטעלן ביז עס וועט אויפקומען א יידישע מדינה פון ביידע זייטן ירדן, אויף וואָס מיין פאָלק האָט היסטארישע רעכט. מיין קאמפס־לאָזונג קעגן די שונאים וועט זיין: לעבן פאר לעבן, אן אויג פאר אן אויג, א צאָן פאר צאָן, א האנט פאר א האַנט, א וווּנד פאר א וווּנד. איך שווער אין נאָמען פון אברהם, יצחק און יעקב, שרה און רבקה, רחל ולאה, אין נאָמען פון די נביאים און אין נאָמען פון אלע יידן, וואָס זענען אומגעבראכט געוואָרן,

און אין נאָמען פון אַלע מײַנע מוטיקע ברידער און שוועסטער, וואָס זענען געפאַלן פאַר דער פרייהייט״.

נאָך דעם האָט מען אַראָפּגענומען דאָס טיכל פון זײַנע אויגן. די ליכט זענען אויסגעלאָשן געוואָרן און מען האָט אָנגעצונדן אין צימער אַן עלעקטריש לעמפּל. דב האָט דער־זען פאַר זיך זעקס מענער און צוויי פרויען. זיי האָבן אים באַגריסט מיט דריקן די האַנט און האָבן אָנגערופן זייערע נעמען. צווישן די אַנוועזנדיקע האָט זיך געפונען עקיבא, בן־משה און נחום בן־עמי, דער ברודער פון דוד בן־עמי.

— דײַנע פעאיקייטן זענען פאַר אונדז זייער וויכטיק, דב לאַנדאו — האָט עקיבא געזאָגט. — דאָס איז די סיבה צוליב וועלכער מיר האָבן דיך אַרײַנגענומען אין אונדזערע רייען אָן די געוויינלעכע צוגרייטונגען.

— איך בין נישט געקומען צו די „מכבים״ כדי צו מאָלן בילדער! — האָט דב העפטיק אויסגערופן.

— דו וועסט טאָן דאָס, וואָס מען וועט דיר הייסן! — האָט בן־משה שטרענג געזאָגט.

— דו ביסט איצט אַ מיטגליד פון „מכבי״, דב — האָט עקיבא געלאַסן געזאָגט. — דו האָסט די רעכט זיך אָנצורופן מיטן נאָמען פון אַ יידישן העלד. צי האָסטו אַזאַ נאָמען אויפן געדאַנק?

— גיורא! — האָט דב אויסגערופן.

אייניקע פון די אַנוועזנדיקע האָבן זיך צעלאַכט. דב האָט אַזש פאַרקריצט מיט די ציינער.

— גיורא? — האָט עקיבא געזאָגט. — עס טוט מיר לייד, אָבער מען האָט שוין פאַר דיר צוגענומען דעם דאָזיקן נאָמען.

— אפשר וועלן מיר אים רופן דער קליינער גיורא —

האָט געזאָגט נחום בן־עמי. — ביז דב וועט אַ געוויסן טאָג ווערן דער גרויסער גיורא...

— דאָס וועט לאַנג נישט דויערן, אויב איר וועט מיר געבן א שאנס דערצו — האָט דב מיט שטאָלץ זיך אָפּ־גערופן.

— דו וועסט אויפשטעלן א ווארשטאַט צו פעלשן דאָקומענטן — האָט בן־משה געזאָגט. — ווען דו וועסט זיך גוט אויפפירן און וועסט טאָן, דאָס וואָס מען וועט דיר הייסן, וועסטו אפשר באקומען א דערלויבעניש זיך מיטצו־באַטייליקן אין אייגער פון אונדזערע אקציעס.

מאיאר פרעד קאלדוועל איז געזעסן אין ענגלישן אָפיצירן־קלוב אין ירושלים און געשפּילט ברידזש. ער האָט זיך אָבער נישט געקאָנט קאָנצענטרירן אויף דער שפּיל. זיינע געדאַנקען האָבן זיך יעדן מאָל צוריק־געקערט צו דער צענטראלע פון אויסשפּיר־דינסט און צום געפאַנגענעם מיידל פון די „מכבים”, וועלכע איז דאָרטן געפּאָרשט געוואָרן די לעצטע דריי טעג. דאָס מיידל האָט געהייסן איילה, איז אַלט געווען צוואָנציק יאָר און האָט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט מיט איר אויסערגעוויינ־לעכער שיינקייט. זי האָט שטודירט מוזיק אויפן אוניווער־סיטעט.

דאָס מיידל האָט זיך נישט איינגעבראָכן און אָפּן אַרויס־געוויזן איר פאראכטונג צו די אויספאָרשער. אָבער די געדולד פון די אויספאָרשער האָט היינט פרי געפּלאַצט און זיי האָבן אָנגעהויבן פיזיש צו פייניקן דאָס מיידל.

— איר דאַרפט וואַרפן אַ קאָרט, פרעדי — האָט זיך אָפּגע־

רופן זיין שפּיל־פּאַרטנער, וועלכער איז געזעסן קעגנאיבער.

קאַלדוועל האָט שנעל א בליק־געטאָן אויף זיינע קאָרטן.

— אנטשולדיקט — האָט ער געזאָגט. ער האָט גע־שפּילט ווייטער, אָבער זייער שלעכט. ער האָט נישט אויפ־געהערט צו טראַכטן וועגן אפּיציר, וועלכער איז געשטאַנען איבער איילה און זי געשלאָגן מיט א גומי־שטעקן איבערן געזיכט. ער האָט געהערט, ווי דער שטעקן האָט געקנאַלט ביז דער נאָז־ביין ביים מיידל איז צעבראָכן געוואָרן און אירע אויגן זענען פאַרלאָפן געוואָרן מיט בלוט. אָבער איילה איז געבליבן שטום ווי ביז־איצט. פּרעד קאַלדוועל איז געווען גלייכגילטיק צום פאַקט, וואָס דאָס מיידל האָט זיך נישט איינגעבראָכן. דער עצם געדאַנק, אז מען האָט פאַר־קריפּלט דאָס געזיכט פון א יידישער פרוי, איז געווען פאַר אים זייער אנגענעם.

איינער פון די סערזשאַנטן איז צוגעקומען צום טיש.

— אנטשולדיקט, מאיאר — האָט דער סערזשאַנט גע־זאָגט. — מען רופט אייך צום טעלעפאָן.

— איך קום גלייך, — האָט מאיאר קאַלדוועל זיך אָפּ־גערופן צו זיינע מיטשפּילער. ער האָט אָפּגעלייגט די קאָרטן און איז אוועק צו טעלעפאָן־אַפּאַראַט, וואָס איז געהאָנגען אין אנדערן עק פון שפּיל־זאַל.

— דאָ רעדט מאיאר קאַלדוועל — האָט ער זיך אָפּ־גערופן אין טרייבל.

— האַלאָ, סער, דאָ רעדט אַ סערזשאַנט פון דער וואַך. דער אָפּיציר פּאַרקינגטאָן האָט מיך געבעטן איך זאָל דריב־גענד אָנקלינגען צו אייך. ער האָט געזאָגט, אז דאָס מיידל פון די „מכבים" האָט אָנגעהויבן צו ריידן. ער האַלט, אז ס'וואָלט גוט געווען איר זאָלט זיך געפינען דערביי.

— אין אָרדענונג — האָט פרעד קאַלדוועל זיך אָפּגערופן.

— דער אינספּעקטאָר פּאַרקינגטאָן האָט שוין אַרויסגע־שיקט אַן אויטאָ. אין עטלעכע מינוט אַרום וועט ער זיין נעבן קאַסינאָ.

מאַיאָר קאַלדוועל איז צוריקגעקומען צום שפּיל־טיש.

— עס טוט מיר זייער לייד, אָבער איך מוז תיכף אוועקגיין — האָט ער געזאָגט. — מען רופט מיך אויסצו־פירן מיינע פליכטן.

— אַ שאָד, פרעדי — האָבן די פּאַרטנערן אויסגערופן.

עס איז אינגאַנצן נישט קיין שאָד — האָט דער מאַיאָר געטראַכט אַרויסגייענדיק. ער האָט זיך געפרייט מיט דער געלעגנהייט, וואָס ער קאָן פאַרלאָזן די שפּיל און פאַרן אויספאָרשן דאָס פאַרעקשנטע מיידל פון די „מכבים". דער וואַך־פּאָסטן האָט סאַלוטירט. אין זעלבן מאָמענט איז אָנגע־קומען אַן אויטאָ. א זעלנער, וואָס איז געזעסן נעבן רודער איז אַרויסגעשפּרונגען פון אינעווייניק און סאַלוטירנדיק איז ער צוגעקומען צום מאַיאָר.

— מאַיאָר קאַלדוועל? — האָט דער זעלנער געפרעגט.

— יאָ, מיין זון — האָט קאַלדוועל זיך אָפּגערופן.

— דער אויטאָ פון אויסשפּיר־דינסט איז געקומען, הער מאַיאָר!

דער זעלנער איז צוגעגאַנגען צום אויטאָ און געעפנט די טיר. קאַלדוועל איז אַריינגעגאַנגען אינעווייניק. דער סאָלדאַט האָט זיך אַנידערגעזעצט ביים רודער און דער אויטאָ האָט גערירט פון אָרט. ביי דער צווייטער קווער־גאַס האָט דער שאָפער פאַרלאַנגזאַמט דאָס פאָרן און אין זעלבן אויגנבליק איז די טיר אויפגעריסן געוואָרן און דריי

מענער זענען אַריינגעשפּרונגען אין אויטאָ, וועלכער האָט אָנגעהויבן צו פֿאָרן מיט א געוואַלדיקער שנעלקייט.

קאַלדוועל האָט געפילט ווי דער האַלדז האָט זיך אים צוזאַמענגעדריקט פאַר שרעק. ער האָט א געשריי געטאָן און געמאַכט א פּרוּוו זיך צו וואַרפן אויף בן־משה, אָבער דער „מכבי״־מיטגליד, וואָס איז געזעסן נעבן שאָפער האָט זיך אויסגעדרייט און אים א קלאַפּ געגעבן מיטן רעוואָלווער איבערן קאָפּ.

— איך פֿאָדער איר זאָלט מיר אויפקלערן, וואָס דאָס דאַרף אַלץ באַדייטן! — האָט מאַיאָר קאַלדוועל אויסגערופן און איבערגעשראָקענער צום טויט.

— עס שיינט, אַז איר זענט אויפגערעגט, הער מאַיאָר — האָט בן־משה קאַלטבלוטיק געזאָגט.

— שטעלט אָפּ דעם אויטאָ און לאָזט מיך אַרויס פון דאַנען, איר הערט?! — האָט קאַלדוועל א געשריי געטאָן.

— צי זאָלן מיר אייך אַרויסלאָזן פון אויטאָ פּונקט אזוי, ווי איר האָט אַרויסגעוואָרפן דעם פּערצן־יאָריקן בן־שלמה אין אַראַבישן דאָרף? צי פאַרשטייט איר, מאַיאָר קאַלדוועל. דער גייסט פון בן־שלמה האָט פון קבר גערופן צו אונדז און געפאָדערט מען זאָל אייך פאַרגעלטן פאַר אייער שאַנד־טאַט.

מאַיאָר קאַלדוועל האָט זיך באַגאָסן מיט שווייס.

— דאָס איז אַ ליגן... אַ ליגן... — האָט ער געשריען.

בן־משה האָט אַרויפגעלייגט עפּעס אַ זאַך אויף קאַלד־וועלס קני און אַ לייכט־געטאָן מיטן טאַשן־לעמפל. דאָס איז געווען א פאָטאָגראַפיע פון פּערצן־יאָריקן בן־שלמה, וועל־כער איז געוויזן געוואָרן מיט אן אָפּגעהאַקטן קאָפּ.

קאָלדוועל האָט אָנגעהויבן צו יאָמערן. ער האָט געבעטן

מען זאָל אויף אים רחמנות־האָבן. צום סוף האָט ער זיך איינגעבראָכן פאַר שרעק.

— עס שיינט, אַז מאיאר קאַלדוועל וויל עפּעס דער־ציילן — האָט בן־משה געזאָגט. — מיר וועלן אים אַוועק־פירן צו אונדז אין שטאַב, כדי ער זאָל אונדז מיטיילן, וואָס ער ווייסט און דאַן וועלן מיר אויסגלייכן דעם חשבון פאַר בן־שלמה.

מאיאר קאַלדוועל האָט פאַר די „מכבים״ אַלץ דערציילט וועגן די פּלענער פון די ענגלענדער און וועגן דער טע־טיקייט פון זייער אויסשפּיר־דינסט. צום סוף האָט ער אונטער־געשריבן אַ דערקלערונג אין וועלכער ער האָט זיך מודה־געווען אין זיין שולד פאַרן טויט פון בן־שלמה.

דריי טעג שפּעטער האָט מען געפונען דעם טויטן קער־פּער פון מאיאר קאַלדוועל אויפן הר־ציון, נעבן די מיסט־פעלדער. צום גוף איז געווען בייגעלייגט אַ פאָטאָגראַפיע פון בן־שלמה און אַ פאָטאָקאָפּיע פון קאַלדוועלס דערקלע־רונגען. איבערן טעקסט פון דאָזיקן דאָקומענט האָבן זיך געפונען די ווערטער: עין תחת עין, שן תחת שן.

## קאפיטל 12

די ידיעה וועגן נקמה־אקט איבער מאיאר קאלדוועל האָט אויפגערייסן ווי א באָמבע. קיינער האָט נישט געצווייפלט אין דעם, אז עס האָט דעם מאיאר געקומט די דאָזיקע שטראָף, אָבער עס זענען געווען א סך, וועלכע האָבן נישט געקאָנט מסכים־זיין מיט די מעטאָדן פון די „מכבים״.

אין ענגלאנד, ווו די עפנטלעכע מיינונג האָט שוין א לענגערע צייט באַטראַכט די לאַגע אין ארץ־ישראל מיט ווידערווילן און שטייגנדיקן אומרו, איז אויסגעאיבט געוואָרן א דרוק אויף דער לייבאר־רעגירונג זי זאָל מוותר־זיין אויפן מאַנדאַט. אין ארץ־ישראל גופא זענען די ענג־לענדער געוואָרן שטאַרק באאומרואיקט, אָבער גלייכצייטיק האָבן די מעשים פון די „מכבים״ ארויסגערופן ביי זיי א ווילדן כעס.

צוויי טעג נאָך דעם, ווי מען האָט געפונען דעם טויטן קערפּער פון מאיאר קאלדוועל, איז געשטאָרבן דאָס מיידל איילה פון אן אינערלעכן בלוט־אויסגוס, אין רעזולטאט פון די קלעפּ, וועלכע זי האָט באקומען בעת דער אויספאָר־שונג. ווען די „מכבים״ האָבן זיך דערוווּסט וועגן טויט פון איילה, האָבן זיי אין משך פון פערצן טעג דורכגעפירט א ריי נקמה־אקטן. ירושלים איז אויפגעטרייסלט געוואָרן פון די אָנגריפן מצד די טעראָריסטן. די דאָזיקע אַקטן האָבן דערגרייכט זייער הויכפּונקט מיטן דורכפירן אין מיטן העלן טאָג א געוואגטן אָנגריף אויפן צענטער פון בריטישן אינפאָרמאציע־דינסט.

אין משך פון די דאָזיקע צוויי וואָכן האָט דב לאַנדאַו, וועלכער האָט זיך באַטייליקט אין די אַקציעס, אַרויסגעוויזן אַזאַ מוט, אַז ער האָט פאַרבליפט אַפילו די דרייסטסטע פון די „מכבים". ער האָט זיך באַטייליקט אין פיר אָנפאַלן און איין מאָל איז ער געווען צווישן דער הויפּט־גרופּע, וואָס איז באַפאַלן דעם בנין פון געהיים־דינסט. עס איז דאַן געבוירן געוואָרן די לעגענדע פון „קליינעם גיורא" און זיין נאָמען איז געוואָרן אַ סינאָנים פון מוט און דרייסט־קייט.

גאַנץ ארץ־ישראל האָט מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם געוואַרט אויף די קומענדיקע רעוואַנזש־אַקציעס מצד די ענגלענדער. גענעראַל אַרנאָלד הייווען־הערסט האָט באַ־שלאָסן זיך נוקם צו זיין אין ישוב. ער האָט איינגעפירט אין לאַנד אַ מיליטערישן רעזשים, האָט דורכגעפירט אַבלאַ־וועס און אָנגריפן. אייניקע טעראָריסטן זענען אַפילו אויפ־געהאָנגען געוואָרן. זיינע קעגן־אַקציעס האָבן דערפירט די אינדוסטריע און דעם האַנדל צו אַ כמעט פולשטענדיקן פּאַראַליזש.

פאַר אַלעמען איז געווען קלאָר, אַז דער מאָרד איבערן מאַיאָר קאַלדוועל, , די צוויי־וואָכיקע אַקציע פון די „מכבים" און דער אָנגריף אויפן בנין פון בריטישן געהיים־דינסט האָט געמאַכט צו שפּאָט די קאָמפּעטענצן פון דער בריטי־שער מאַנדאַטאַרן־מאַכט. און אין דער זעלבער צייט, ווען די „מכבים" האָבן דורכגעפירט זייערע אַקציעס, האָבן די מענטשן פון „עליה ב" געבראַכט קיין ארץ־ישראל ווײַ־טערדיקע דריי שיפן מיט מעפּילים. דאָס ברענגען די אומ־לעגאַלע עולים האָט וואָס אַן אמת נישט געמאַכט קיין גרויסן איינדרוק כלפּי חוץ, אָבער זיי האָבן פּונקט אַזוי

באַדראָט די בריטישע מאכט, ווי די אַקציע פון די טעראָ־ריסטן. בריטישע זעלנער האָבן פּאַטראָלירט איבער די שטעט און שאָסייען אין אַ מצב פון נערוועזער געשפּאַנטקייט, מורא־האָבנדיק יעדע מינוט פאַן אַן אָנפאַל.

די אויספאָרשונגס־קאָמיסיע פון אונא האָט געזאָלט בקרוב קומען קיין ארץ־ישראל. גענעראַל הייוועך־הערסט האָט באַשלאָסן דורכצופירן זיינע אַנטי־יידישע אַקציעס, איידער די קאָמיסיע וועט אָנקומען. דער גענעראַל האָט באַקומען אַ רשימה פון אָפיצירן און זעלנער, וועלכע האָבן זיך באַרימט געמאַכט מיט זייערע אָפענע אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען. ער האָט פּערזענלעך דורכגע־קוקט די רשימה און האָט אויסגעוויילט צוויי אָפיצירן און פיר אונטעראָפיצירן. דאָס זענען געווען ווילדע אַנטיסעמיטן. די דאָזיקע זעקס מענטשן זענען געבראַכט געוואָרן צו אים אין ביורא, וואָס האָט זיך געפונען אין די שנעלער־קאַזאַרמעס און דאָרטן האָט מען ביי זיי אָפּגענומען אַ שבועה, איידער מען האָט זיי אויסגעזאָגט וועגן דער געהיי־מער שליחות, וואָס מען האָט זיי אָנפאַרטרויט. אין משך פון פינף טעג איז די אַקציע פּלאַנירט געוואָרן. אויפן זעקסטן טאָג איז הייוועך־הערסט צוגעטראַטן אויסצופירן זיין פּלאַן. דאָס איז געווען אַ פאַרצווייפלטער שריט, וואָס האָט לויט זיין מיינונג געדאַרפט ראַטעווען דעם מצב פאַר ענגלאַנד.

די זעקס אויסגעקליבענע בריטישע מיליטער־לייט זענען איבערגעטאָן געוואָרן אַלס אַראַבער. צוויי פון זיי זענען אַוועקגעפאָרן לענגאויס שדרות קינג דזשאָרדזש אויף אַ לאַסט־אויטאָ, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען צוויי טאָן דינאַמיט. דער לאַסט־אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים הויפּט־אריינגאַנג פון דער יידישער אַגענץ. דער שאָפער,

איבערגעטאָן אלס אראבער האָט געלאָזט די מאַשין אין גאנג און איז גלייך אַנטלאָפן צוזאמען מיט זיין חבר, לאָזנדיק פאָרן דעם אויטאָ אויף גאטס באַראט.

דער לאסט־אויטאָ איז א קורצע צייט געפאָרן פארביי דעם אפענעם טויער פון בנין. אין א רגע ארום האָט זיך דער אויטאָ אָנגעשטויסן אין טראטואר און געטראָפן אין הויפט־ארייננאנג. עס האָט זיך דערהערט א מעכטיקער אויפרייס. דער בנין פון דער אגענץ איז כמעט פולשטענ־דיק פארניכטעט געוואָרן.

אין דער זעלבער צייט האָבן צוויי אנדערע איבערגע־טוענע ענגלישע מיליטער־לייט זיך באַמיט דאָס זעלבע דורכצופירן ביים בנין פון „וועד הלאומי", ווו עס איז פאָרגעקומען א פארזאמלונג, אין וועלכער עס האָבן זיך בא־טייליקט כמעט אַלע אָנפירער פון ישוב... דער לאַסט־אויטא, אָנגעלאָדן מיט דינאמיט האָט זיך דערנענטערט צום צווייטן בנין, אָבער אין לעצטן מאָמענט איז ער געווען געצוווּנגען ארויפצופאָרן אויפן טראטואר, כדי זיך אויסצו־דרייען. צוליבן דאָזיקן דריי איז דער לאסט־אויטאָ אראָפּ פון וועג און אויפרייסנדיק האָט ער נישט געטראָפן אין בנין פון „וועד הלאומי", נאָר אין אַ דערבייאיקן וווין־הויז.

די פיר זעלנער זענען אָפּגעפירט געוואָרן אין צוויי אויטאָס קיין עבר הירדן.

גענעראל הייוועך־הערסט האָט געוואָלט ליקווידירן די אָנפירערשאפט פון ישוב מיט איין קלאַפּ. אין די בנינים פון דער יידישער אַגענץ זענען דערהרגעט געוואָרן הונדערט פערזאָן, אָבער קיינער פון די מיטגלידער פון „וועד הלאומי"

איז ני[illegible] געטראָפן געוואָרן. צווישן די דערהרגעטע האָט זיך אויך ג[illegible] די אכציק־יאָריקע האריעט זאלצמאן, וועלכע איז געשט[illegible] בראש פון „עלית הנוער".

געציילטע מינוטן נאָך די אויפרייסן האָבן די אינפאָרמאַציע־דינסטן פון „הגנה" און פון די „מכבים" אָנגעהויבן פאָרשן אין גאַנץ ארץ־ישראל, כדי צו אַנטדעקן די פאַרברעכער. צום סוף פון ערשטן טאָג פון דער אויספאָרשונג האָבן ביידע ארגאניזאציעס שוין געוווסט, אַז די זעקס „אראבער" זענען געווען בריטישע זעלנער. עס איז אויך געלונגען זיך צו דערוויסן, אַז די אַקציע איז דורכגעפירט געוואָרן דירעקט דורכן גענעראַל הייוועז־הערסט.

דעם גענעראַלס פאַרצווייפלטער פרווו צו ליקווידירן מיט איין קלאַפּ די פירער פון ישוב האט געהאט א פאַרקערטן רעזולטאט. די דאָזיקע גרוילטאט האָט פאַרייניקט די יידן פון ארץ־ישראל ווי נאָך קיינמאָל בישט און זי האָט דערנענטערט צווישן זיך די ביידע באוואָפנטע אָרגאַניזאציעס — די „הגנה" און די „מכבים". דער „הגנה" איז געלונגען צו באַקומען אַ קאָפּיע פון גענעראַל הייוועז־הערסט „צוועלף־פונקטיקן פראָגראַם", וואָס ער האָט זיינער צייט געשיקט אין לאָנדאָן וועגן אונטערדריקן דעם ישוב אין ארץ־ישראל. אויב ביז איצט איז נישט געווען פולשטענדיק קלאָר די ליניע פון גענעראַל הייוועז־הערסט, איז איצט פאַר אַלעמען קלאָר געוואָרן, אַז דער דאָזיקער גענעראַל האָט בדעה צו פאַרניכטן די יידן אין ארץ־ישראל. אבידן האָט אוועקגעשיקט זאב גלבוע קיין ירושלים, כדי דאָרטן אויפצוזוכן בן־ישראל און בעטן א צוזאמענטרעף צווישן אים און די „מכבי"־אָנפירערשאפט.

דער צוזאמענטרעף איז פאָרגעקומען איינס א זייגער

ביינאַכט אויף אַן אַפענעם וועג, דאָרטן ווו עס האָט אַמאָל געלאַגערט דער „צענטער רוימישער לעגיאָן״. פיר פּערזאָן זענען אָנוועזנד געווען: עקיבא און בן־משה פון די „מכ־בים״, אבידן — פון דער „הגנה״ און זאב גלבוע — דער פאָרשטייער פון פלמ״ח. די פאָרשטייער פון ביידע אָרגאַ־ניזאַציעס האָבן נישט געדריקט איינער דעם אַנדערן די הענט און האָבן נישט אויסגעטוישט קיין העפלעכע באַ־גריסונגען. זיי זענען געשטאַנען פּנים אל פּנים אין דער פינצטער און זייערע הערצער זענען געווען פול מיט קעגנזייטיקן אומצוטרוי.

— איך האָב געבעטן א צוזאַמענטרעף, כדי פעסטצו־שטעלן, צי עס עקזיסטירט אַ פעסטע באַזע פאַר אַן ענגערער צוזאַמענאַרבעט צווישן אונזערע כוחות — האָט זיך אָפּ־גערופן אבידן.

— צי ווילסטו זאָגן, אַז מיר זאָלן זיך אונטערוואַרפן אייערע באַפעלן? — האָט בן־משה געפרעגט מיט חשד.

—איך האָב שוין פון לאַנג מוותר־געווען אויפן פרווו צו באַאיינפלוסן די מעשים פון די „מכבים״ — האָט אבידן געענטפערט. — איך האַלט פשוט, אַז די אומשטענדן פאַר־פליכטן אַ מאַקסימאַלן אָנשטרענג. איר האָט שטאַרקע כו־חות אין די דריי שטעט און איר זענט אין דער לאַגע צו פירן א ברייטערע טעטיקייט ווי מיר.

— דאָס איז אַלזאָ די אמתע סיבה — האָט עקיבא שטעכיק זיך אָפּגערופן. — איר ווילט, אַז מיר זאָלן טאָן פאַר אייך די שוואַרצע אַרבעט?

— לאָז אים אויסריידן ביזן סוף, עקיבא — האָט בן־משה אים איבערגעריסן.

— דער גאַנצער ענין געפעלט מיר נישט — האָט עקיבא

ווייטער געזאָגט. — איך בין פון אָנהויב אָן געווען קעגן דאָזיקן צוזאמענטרעף. די דאָזיקע מענטשן האָבן אונז ביז איצט פאראטן און זיי וועלן עס טאָן אויך אין דער צוקונפט.

אבידן איז פאר כעס אזש רויט געוואָרן, הערנדיק די רייד פון אלטן מאן.

— איך בין גרייט אויסצוהערן דיינע באליידיקונגען, עקיבא, בלויז צוליב דעם, וואָס די לאגע איז זייער אַן ערנסטע — האָט אבידן זיך אָפּגערופן. — טראָץ די חילוקי דעות, וואָס הערשט צווישן אונז, ביזטו א ייד און האָסט ליב דיין לאַנד.

דאָס זאָגנדיק האָט אבידן איבערגעגעבן עקיבאן אַ קאָפּיע פון גענעראַל הייוועץ־הערסט „צוועלף־פונקטיקן פראָגראַם״.

עקיבא האָט איבערגעגעבן דעם דאָקומענט בן־משהן, וועלכער האָט אים אריינגעבליקט ביים שיין פון זיין טאַשן־לעמפל.

— מיט פערצן יאָר צוריק האָב איך שוין געזאָגט, אז די ענגלענדער זענען אונזערע שונאים. דו האָסט מיר דאַן נישט געוואָלט גלויבן — האָט עקיבא ארויסגעשעפּטשעט.

— איך בין נישט געקומען אהער כדי צו פירן פּאָלי־טישע וויכוחים. צי ווילט איר מיט אונז צוזאמענארבעטן אָדער נישט? — האָט אבידן געפרעגט.

— מיר וועלן פּרובירן — האָט בן־משה געענטפערט.

נאָכן דאָזיקן צוזאמענטרעף זענען פארבינדונגס־גרופן פוןביידע ארגאַניזאציעס צוגעטראטן אויסצוארבעטן א פּלאַן פאר א געמיינזאמער אקציע. צוויי וואָכן שפּעטער האָבן די ענגלענדער באקומען אַן ענטפער אויף זייער דינא־

מיט־אקציע און פארן פרווו צו פארניכטן דעם בנין פון „וועד הלאומי".

אין איין און איינציקער נאַכט האָט די „הגנה" צעשטערט אַלע באַן־ליניעס אין ארץ־ישראל און אזוי ארום פאראלי־זירט דעם גאנצן באַן־פארקער. א פּאָר טעג שפּעטער זענען גרופּן פון „מכבים" אריינגעדרונגען אין די געביידעס פון זעקס ענגלישע אמבאסאדעס און קאָנסולאטן פון אייניקע מדינות אין מיטעלן מזרח און האָבן דאָרט פארניכטעט אַלע דאָקומענטן, וואָס האָבן געהאט א שייכות מיט דער ענגלישער אקציע צו באקעמפן די אומלעגאלע עליה קיין ארץ־ישראל. גלייכצייטיק האָט א גרופּע פון פלמ"ח צע־שטערט אין פופצן ערטער די נאַפט־רערן, וואָס האָבן זיך געצויגן פון מאסול קיין חיפה.

נאָך די דאָזיקע רעוואנזש־אקציעס זענען די „מכבים" צוגעטראָטן אויסצואַרבעטן א פּלאַן פאר א לעצטער און אנטשיידענער אקציע: ליקווידירן דעם גענעראל סער ארנאלד הייוועך־הערסט. „מכבי"־מיטגלידער האָבן אָנגעהויבן טאָג און נאַכט צו אָבסערווירן די שנעלער־קאַזאַרמעס, האָבן פארצייכנט יעדן גומער פון די אלע אויטאָס וואָס זענען אריינגעפאָרן אָדער אַרויסגעפאָרן פון די קאַזאַרמעס און האָבן געמאַכט אַ קאָמפּלעטן פּלאַן פון אַלע געביידעס, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן שטח פון די קאַזאַרמעס.

נאָך פיר טעג פון אָבסערוואציע האָט עס אַויסגעזען, אז עס איז פשוט אוממעגלעך צוצוקומען צום גענעראל. הייוועך־הערסט איז געזעסן אין מיטן א פעסטונג, וואָס איז געווען ארומגערינגלט פון טויזנטער זעלנער. קיין איין מענטש, וואָס האָט נישט געהערט צום בריטישן פערסאָנאַל, האָט נישט געהאַט קיין רעכט זיך צו דערנענטערן צו זיין קאַנצע־

לאַריע אָדער צו זיין אמטלעכער וווינונג. ווען הייוועז־הערסט האָט געדאַרפט פאַרלאָזן די דאָזיקע פעסטונג, איז דאָס געמאכט געוואָרן שטרענג בסוד אָדער אונטער א שווערער וואַך. די „מכבים" וואָלטן פאַרלאָרן הונדערטער מענטשן, ווען זיי וואָלטן געוואַגט אָנצוגרייפן דעם גע־נעראַלס לייב־וואַך.

א געוויסן טאָג איז אָבער אַנטדעקט געוואָרן א שוואכער פונקט אין דער כלומרשטער אומבאַזיגבאַרער פעסטונג. מען האָט פעסטגעשטעלט, אַז דריי מאָל א וואָך, אין מיטן נאכט, פאָרט אַרויס אַ פּריוואַטער אויטאָ פון די שנעלער־קאַזאַרמעס און ער קומט צוריק פאַרטאָג. אין דאָזיקן אויטאָ איז געווען בלויז איין פאסאזשיר, אָנגעטאָן אין ציווילער קליידונג. די רעגלמעסיקייט, מיט וועלכער דער דאָזיקער פּריוואַטער אויטאָ פלעגט אַרויספאָרן און צוריקקומען האָט אַרויס־גערופן אַ פאַרדאַכט. די „מכבים" האָט זיך איינגעגעבן פעסטצושטעלן, אַז דער אויטאָ געהערט צו א רייכער אַראַ־בישער פאַמיליע. זיי זענען געקומען צום אויספיר, אַז די דאָזיקע אַראַבער מוזן אַרבעטן פאַר די ענגלענדער.

אינצווישנצייט זענען געזאַמלט געוואָרן אינפאָרמאַציעס וועגן פּריוואַטן לעבן פון גענעראַל. די „מכבים" האָבן גע־ווּסט, אַז דער גענעראַל איז זייער אַן ערגייציקער מענטש און אַז ער האָט חתונה־געהאַט מיט א פרוי פון אַן אייבּפלוס־רייכער משפחה. די דאָזיקע הייראַט האָט אים דערמעגלעכט צו באַקומען א הויכע שטעלונג אין דער אַרמיי און אים פאַרוואַנדלט אין א פאַרמעגלעכן מענטש. הייוועז־הערסט איז אָנגעגאַנגען אַלס מוסטער פון א דזשענטלמען, וועל־כער האָט זיך שטענדיק באַמיט נישט אַרויסצורופן מיט זיינע מעשים קיין רכילות אין באַצוג צו זיין פּערזאָן. מען האָט

איִם אפילו געהאלטן פאַר אַן אומדערטרעגלעך־קאַרעקטן מאַן.

ווען די „מכבים" האָבן אָבער אָנגעהויבן אויסצופּאַרשן, וואָס עס באַהאַלט זיך אויס הינטער דער דאָזיקער פּאַסאַדע, האָבן זיי אַנטדעקט, אַז גענעראַל הייוועןְ־הערסט האָט נישט איינע, נאָר אַ סך זייטיקע ליבעס־אַפערעס. אין די רייען פון די „מכבים" האָבן זיך געפונען מענטשן, וואָס האָבן געדינט מיט יאָרן צוריק אונטערן גענעראַל אין ענגלישן מיליטער. אַלע קלאַנגען, וואָס זענען פאַרשפּרייט געוואָרן וועגן גענעראַל האָבן זיך שטענדיק געדרייט אַרום זיינע געליבטע.

עס איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן די השערה, אַז הייוועןְ־הערסט פּילט זיך איינזאַם אין זיינע אָפּגעשלאָסענע קאַ־זאַרמעס. צוליב זיין הייראַט און שטעלונג האָט ער נישט געוואַגט צו ברענגען אַ פרעמדע פרוי צו זיך אין דער וווינונג. אפשר איז ער אַלזאָ געפאָרן יעדע נאַכט, כדי זיך צו טרעפן מיט אַ געליבטער? עס איז דערביי אויפ־געקומען דער געדאַנק, אַז דער מיסטעריעזער פּאַסאַזשיר אינעם אויטאָ, וואָס פאַרלאָזט יעדע נאַכט די קאַזאַרמעס, מוז זיין הייוועןְ־הערסט אַליין און ער פאָרט סטאַביל פון מיליטערישן לאַגער צום וווין־אָרט פון עפּעס אַ פרוי.

אפילו פאַר די „מכבים" איז דער דאָזיקער געדאַנק געווען אַבסורדאַל, אָבער כל־זמן מען האָט נישט געקאָנט אידענ־טיפיצירן דעם געהיימענישפולן אויטאָ און דעם פּאַסאַזשיר, האָט מען זיך געמוזט אויך רעכענען מיט אַזאַ מעגלעכקייט. ווער האָט געקאָנט זיין דעם גענעראַלס געליבטע? עס זענען נישט געווען קיין שום אָנהאַלטס־פּונקטן, וואָס זאָלן דער־מעגלעכן פעסטצושטעלן די ריכטיקייט פון די השערות. אויב

דער גענעראַל האָט באמת אויפגעשטעלט אַ ליבע־נעסט, האָט ער עס געטאָן זייער געשיקט און אים איז געלונגען דאָס צו האַלטן בסוד. קיין שום יידישע פרוי וואָלט נישט געוואַגט זיך אַריינצולאָזן מיט אים אין אַ ליבע, און קיין ענגלישע פרויען זענען דאָ נישט געווען. עס איז איבערגעבליבן בלויז איין מעגלעכקייט — אַן אַראַבישע פרוי.

ווען מען וואָלט געמאַכט אַ פרווו נאָכצופאָרן דעם אויטאָ, וואָלט מען ריזיקירט אַנטדעקט צו ווערן. נאַטירלעך האָבן די „מכבים" געהאַט די מעגלעכקייט צו פאַרשפאַרן דעם וועג פאַרן אויטאָ, וואָס איז געפאָרן אַליין אין דער פינצטער. אָבער די אָנפירונג פון די „מכבים" האָט געהאַלטן פאַר בע־סער, אַז מען דאַרף פריער פעסטשטעלן וווהין דער אויטאָ פאָרט. מען וואָלט דאָ געקאָנט — אין פאַל ווען דער פאַסאַזשיר פון אויטאָ וואָלט געווען דער גענעראַל הייוועך־הערסט — כאַפּן אים ביי אַ קאָמפּראָמיטירנדיקן ראַנדעוו.

מען האָט אויסגעפונען, אַז דער אויטאָ געהערט צו אַ פאַמיליע פון אַראַבישע גרויסע גרונט־באַזיצער. צו דער דאָזיקער פאַמיליע האָט געהערט אַ יונגע פרוי, וועלכע האָט געקאָנט מיט איר אויסערגעוויינלעכער שיינקייט, בילדונג און אָפּשטאַמונג געפעלן ווערן אַזאַ מאַן ווי גענעראַל הייוועך־הערסט. די איינצלנע טיילן פון די באַזונדערע השערות האָבן אָנגעהויבן אויסצוזען וואַרשיינלעכער ווי פריער. די „מכבים" האָבן אָבסערווירט דאָס הויז פון דער אַראַבישער פאַמיליע און אָנגעהויבן נאָכצושפּיאָנירן דאָס מיידל. אויף דער צוויי־טער נאַכט איז זייער אויסדויער באַלוינט געוואָרן. דאָס מיידל איז אין מיטן נאַכט אַרויס פון הויז און איז אַוועק אין אַ ווילע, וואָס האָט זיך געפונען אין שכונה בקעה אין ירושלים, נעבן שאָסיי בית־לחם—חברון.

דאָס איז געווען אַ געגנט וווּ עס האָבן געוווינט רייכע אַראַבער. אַ האַלבע שעה שפּעטער איז צום אָרט אָנגעקומען דער געהיימנישפּולער אויטאָ און די „מכבי״־מענטשן האָבן אויף איין אויגנבליק דערזען, ווי גענעראַל הייוועך־הערסט גייט שנעל אַרויס פון אויטאָ און פאַרשווינדט אין דער ווילע.

דריי אַזייגער פאַרטאָג איז גענעראַל הייוועך־הערסט אויפֿ־געוועקט געוואָרן פון שלאָף דורך אַ שטימע, וואָס האָט אָנגעוואָרפן אויף אים אַ טויט־שרעק. ער האָט דערהערט ווי עמיצער רופט אויס: „והיום ההוא לה׳ אלוהי צבאות, יום נקמה להינקם מצריו״.

הייוועך־הערסט איז אַרויסגעשפּרונגען פון בעט, אָבער אין דער זעלבער מינוט איז ער דורכגעלעכערט געוואָרן ווי אַ זיפּ פון די „מכבים״־קוילן. די אַראַבישע פרוי האָט אויס־געבראָכן אין אַ היסטערישן געשריי...

עטלעכע שעה שפּעטער האָבן די „מכבים״ אָנגעקלונגען צום בריטישן הויפּט־שטאַב. זיי האָבן מיטגעטיילט די ענג־לענדער, וווּ זיי קאָנען געפינען דעם טויטן קערפּער פון זייער געוועזענעם הויפּט־קאָמאַנדיר. חוץ דעם, האָט מען די ענגלענדער געזאָגט, אַז דאָס אָרט וווּ גענעראַל הייוועך־הערסט האָט געפונען זיין טויט, איז פאָטאָגראַפירט געוואָרן און אויב די ענגלענדער וועלן פּרווון נעמען נקמה אין ישוב, וועלן די „מכבים״ פאַרעפנטלעכן די דאָזיקע בילדער. דער ענגלישער הויפּט־שטאַב אין ארץ־ישראל האָט גוט פאַר־שטאַנען אַז עס איז בעסער נישט צו דערלאָזן צו אַן עפנט־לעכן סקאַנדאַל. זייער קאָמאַנדיר, דער גענעראַל, איז דער־מאָרדעט געוואָרן אין בעט פון זיין אַראַבישער געליבטער!

זיי האָבן דעריבער באַשלאָסן צו פאַרטושן דעם גאַנצן ענין און צו דערקלערן עפנטלעך, אַז דער גענעראַל איז אומגעקומען אין אַן אויטאָ־קאַטאַסטראָפע. די „מכבים" האָבן מסכים־געווען צו דעם.

נאָך דעם, ווי דער גענעראַל איז פאַרשווונדן פון עפנטלעכן לעבן אין ארץ־ישראל האָבן די טעראָריסטן אָפּגעשטעלט זייערע אַקציעס. דער דערוואַרטער אָנקום פון דער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע האָט באַווירקט אַ געוויסע רו, אונטער וועלכער עס האָט זיך אָבער אויסבאַהאַלטן אַ געשפאַנטע שטילקייט.

סוף יוני 1947 איז קיין חיפה אָנגעקומען די „ספעציעלע אונא־קאָמיסיע פאַר ארץ־ישראל" — „אונעסקאפ". די נייטראַלע מדינות אין דער דאָזיקער קאָמיסיע זענען געווען: שוועדן, האָלאַנד, קאַנאַדאַ, אויסטראַליע, גוואַטעמאַלאַ, אורוגוויי, פערו, טשעכאָסלאָוואַקיע, יוגאָסלאַוויע, פערסיע און אינדיע.

דער גייסט, וואָס האָט געהערשט צווישן די קאָמיסיע־מיטגלידער איז פון לכתחילה געווען נישט לטובת די יידן. פערסיע איז געווען אַ מוסולמענישע מדינה. אויך אינדיע איז טיילווייז געווען מוסולמעניש און גלייכצייטיק איז דער אינדישער דעלעגאַט נישט נאָר געווען קיין מוסולמענער, נאָר אויך אַ פאַרטרעטער פון אַ לאַנד, וואָס האָט געהערט צום בריטישן קאמאנוועלט. אויך קאַנאַדע און אויסטראַליע האָבן געהערט צום בריטישן קאמאנוועלט. טשעכאָסלאָוואַקיע און יוגאָסלאַוויע האָבן געהערט צום סאָוויעטישן בלאָק און זיי האָבן געהאַט אַן אַנטי־ציוניסטישע טראַדיציע. די פאָרשטייער פון די דרום־אַמעריקאַנישע מדינות, ווי אורוגוויי, פערו און גוואַטעמאַלאַ, זענען געווען קאַטוילישע לענדער

און באַאײנפלוסט פון דער אומקלאָרער שטעלונג פון וואַטי־קאַן לגבי דעם ציוניזם. נאָר שוועדן און האָלאַנד האָבן גע־קאָנט באמת אָנגיין אַלס אָביעקטיווע לענדער. טראָץ דעם אָבער האָבן די יידן אין ארץ־ישראל אויפגענומען מיט אַ ברכה די אונא־קאָמיסיע.

די אַראַבער דאַקעגן זענען נישט געווען איינשטימיק מיט דער אונא־אינטערווענץ אין ארץ־ישראל. זיי האָבן פּראָקלאַמירט אַ גענעראַל־שטרייק, דורכגעפירט דעמאָנסטראַ־ציעס און האָבן געדראָט מיט רעוואַנזש־אַקציעס. אין די שכנותדיקע אַראַבישע לענדער איז דערגאַנגען צו בלוטיקע אומרועס און צו פּאָגראָמען קעגן די דאָרטיקע יידן.

ברק בן־כנען, דער אַלטער קעמפער און פאַרמיטלער, איז ווידער אַמאָל איינגעשפּאַנט געוואָרן אין דינסט פון ישוב. צוזאַמען מיט בן־גוריון און ד״ר ווייצמאַן איז ער באַשטימט געוואָרן אין דער באַראַטונגס־קאָמיסיע וואָס האָט געדאַרפט רעפּרעזענטירן דעם ישוב פאַר די פאָרשטייער פון אונא.

## קאַפּיטל 13

קיטי און קאַרען האָבן זיך צוריקגעקערט קיין גן־דפנה. קיטי האָט געוואַרט מיט אומגעדולד אויפן מאָמענט, ווען זי וועט קאָנען ענדלעך ריידן אָפנהאַרציק מיטן מיידל און ווען עס איז אָנגעקומען דער בריוו פון דב לאַנדאַו האָט זי באַשלאָסן מער נישט אָפּצולייגן דעם ענין. קיטי, וועלכע האָט געוואַשן קאַרענס האָר, האָט אויסגעדריקט דאָס וואַסער פון אירע לאַנגע, געדיכטע, ברוינע צעפּ און זיי אָפּגעטריקנט מיט אַ גרויסן האַנטוך.

— פו! — האָט דאָס מיידל געשריִען, אויסווישנדיק זיך מיט אַ ברעג האַנטוך דעם זייף פון די אויגן.

דאָס וואַסער אין טשייניק האָט געקאָכט. קאַרען איז אויפגעשטאַנען, האָט אַרומגעבונדן דעם האַנטוך איבערן קאָפּ, ווי אַ טורבאַן, און פאַרבריט טיי. קיטי איז געזעסן אויפן קיך־טיש און געפּיילט אירע לאַקירטע פינגער־נעגל.

— וואָס ביסטו אַזוי פאַרזאָרגט? — האָט קאַרען געפרעגט.

— מיין גאָט — האָט קיטי זיך אָפּגערופן. — צי מוז איך דיר וועגן אַלץ דערציילן?

— עפּעס איז מיט דיר נישט אין אָרדענונג, קיטי. זינט דו ביסט צוריקגעקומען פון שפּאַציר אין טבריה ביסטו שטענדיק פאַרזאָרגט. צי האָט עפּעס פּאַסירט צווישן דיר און בן־כנען?

— צווישן מיר און בן־כנען האָבן פּאַסירט אַ סך זאַכן, אָבער נישט צוליב דעם בין איך פאַרזאָרגט. קאַרען, איך

מוז מיט דיר ריידן וועגן אונדזער צוקונפט. איך האַלט, אַז עס וואָלט געווען גוט, ווען מיר זאָלן דאָס איצט טאָן.

— איך פאַרשטיי נישט, וואָס דו מיינסט — האָט קאַרען זיך אָפּגערופן.

קיטי איז אויפגעשטאַנען און פאַרויכערט אַ סיגאַרעט.

— צי ווייסטו ווי איך האָב דיך ליב און וואָס דו באַדייטסט פאַר מיר? — האָט זי געפרעגט.

— יאָ — האָט קארען שטיל געענטפערט. — איך ווייס...

— גלויב מיר, אַז איך האָב די זאַך גוט באַטראַכט און איך וויל דיין טובה. דו מוזט האָבן צוטרוי צו מיר.

— דו ווייסט דאָך אויך וועגן דעם, אַז איך האָב צוטרוי צו דיר.

— עס וועט דיר זיין זייער שווער צו באַגרייפן די באַדייטונג פון דעם, וואָס איך וויל דיר זאָגן. אויך מיר איז שווער וועגן דעם צו ריידן, ווייל איך האָב דאָ ליב באַקומען אַ סך פון די קינדער און מיך פאַרבינדט איצט זייער אַ סך מיט גן־דפנה. קארען, איך וויל דיך מיטנעמען צו זיך אהיים, קיין אמעריקע.

קארען האָט אָנגעקוקט קיטין מיט אַ מאָדנעם, אומפאַרשטענדלעכן בליק. אין ערשטן אויגנבליק האָט זי נישט פאַרשטאַנען וואָס קיטי וויל פון איר, אָבער גלייך ווי עס איז איר קלאָר געוואָרן קיטיס מיין האָט זי זיך אָפּגערופן:

— אַהיים? אָבער מיין היים איז דאָך דאָ. איך האָב נישט קיין אַנדער היים.

— איך וויל, אַז דיין היים זאָל זיין ביי מיר, שטענדיק...

— דאָס וויל איך אויך, קיטי. איך האָב נישט קיין שטאַרקערן פאַרלאַנג, ווי דאָס. די זאַך איז אַזוי אויסטערליש.

— וואָס איז אויסטערליש, מיין טייערע ? — האָט קיטי געפרעגט.

— דער אופן, ווי דו האָסט געזאָגט : אהיים, קיין אַמעריקע.

— איך בין דאָך אַן אַמעריקאַנערין, קארען. דאָרטן איז מיין היים און איך בענק צו איר.

קארען האָט זיך געמוזט איינבייסן די ליפּן, כדי נישט אויסצוברעכן אין אַ געוויין.

— באמת קאָמיש — האָט זי געזאָגט. — איך האָב געמיינט, אַז מיר וועלן קאָנען ווייטער לעבן, אַזוי ווי ביז איצט. דו וואָלסט זיך געפונען אין גן־דפנה, און...

— און דו אין פלמ״ח, און דאַן אין אַ קיבוץ ביי דער גרענעץ, נישט אמת ?

— יאָ, אזוי האָב איך מער־ווייניקער זיך פאָרגעשטעלט די זאַך.

— עס זענען פאַראַן אַ סך זאַכן אין ארץ־ישראל, וועלכע איך האָב זיך אויסגעלערנט צו ליבן און אַכטן, אָבער דאָס לאַנד איז נישט מיין היים און די היגע מענטשן זענען נישט מיינע לאַנדסלייט.

— ווייזט אויס, אַז איך בין געווען זייער עגאָאיסטיש — האָט קארען געזאָגט. — איך האָב קיינמאָל נישט געטראַכט, אַז דו קאָנסט אָנהויבן צו בענקען אַהיים אָדער אַז דו קאָנסט אויך געדענקען וועגן דיינע פערזענלעכע ענינים.

— דאָס איז דער שענסטער קאָמפּלימענט, וועלכן איך האָב ווען עס איז געהערט.

קארען האָט אָנגעגאָסן צוויי גלעזער טיי און ביים טרינקען האָט זי זיך באַמיט נאָכצוטראַכטן וועגן מצב. קיטי האָט באַדייט פאַר איר אַלץ אויף דער וועלט, אָבער פאַרלאָזן ארץ־ישראל ? אַוועקפאָרן ?

— איך ווייס נישט, קיטי, ווי איך זאָל דיר דאָס אויפ־קלערן — האָט קארען זיך אָפּגערופן. — אָבער די גאַנצע צייט, זינט איך האָב אָנגעהויבן צו לייענען ביכער, שוין אין דענעמאַרק, האָב איך זיך פאַרנומען מיט דער פראַגע פון מיין יידישקייט. איך האָב נאָך נישט באַקומען קיין ענטפער אויף דער דאָזיקער פראַגע. איך ווייס אָבער, אַז דאָ פאַרמאָג איך עפּעס אַ זאַך, וואָס געהערט צו מיר, אַ זאַך, וואָס קיינער וועט עס נישט קאָנען צונעמען ביי מיר. איך ווייס נישט קלאָר, וואָס דאָס איז אַזוינס. אָבער דאָס איז דאָס וויכטיקסטע, וואָס עקזיסטירט איבערהויפּט פאַר מיר אויף דער וועלט. אפשר וועל איך אַ געוויסן טאָג דאָס קאָנען אויסדריקן מיט ווערטער, אָבער איצט — קאָן איך נישט פאַרלאָזן ארץ־ישראל.

— דאָס וואָס דו האָסט דאָ, וועסטו אויך האָבן אין אַמע־ריקע. די יידן אין אַמעריקע, — און ווי איך גלויב — אויך די יידן אין אַנדערע לענדער, האָבן דאָס זעלבע געפיל פון געמיינזאַמקייט, ווי דו האָסט עס. דורך דעם, וואָס דו וועסט אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע, וועט זיך דאָס געפיל נישט ענ־דערן.

— אָבער די דאָרטיקע יידן געפינען זיך דאָך אין גלות.

— ניין, מיין קינד, צי באַגרייפסטו נישט, אַז די יידן אין אַמעריקע ליבן דאָס לאַנד ווי זייער אייגענע היים?

— די יידן אין דייטשלאַנד האָבן אויך געהאַט זייער איי־גענע היים.

— הער אויף! — האָט קיטי פּלוצים אויסגעשריען. — מיר, אַמעריקאַנער, זענען נישט ווי יענע און איך וויל בכלל נישט הערן וועגן די ליגנס, מיט וועלכע מען פּאַשעט אייך דאָ.

קיטי האָט זיך אָבער גלייך בארואיקט און זיך מילד אָפּגערופן:

— אין אַמעריקע זענען פֿאַראַן יידן, וואָס ליבן אזוי דאָס לאַנד, אַז זיי וואָלטן בעסער געוואָלט שטאַרבן איידער זען, אַז אין אַמעריקע חזרט זיך איבער דאָס זעלבע וואָס אין דייטשלאַנד. צי מיינסטו, אַז איך ווייס נישט, ווי שווער עס איז פֿאַר דיר אָנצונעמען אַ דעציזיע און צי גלויבסטו, אַז איך וועל פֿאָדערן דו זאָלסט טאָן אַ זאַך, וואָס פֿאַרשאַפֿט דיר ווייטיק?

— ניין... — האָט קאַרען ארויסגעפּליסטערט.

קיטי האָט אַנידערגעקניט נעבן קאַרענס שטול.

— אָך, קאַרען, דו ווייסט איבערהויפּט נישט, וואָס דאָס איז אזוינס פרידן. אין דיין גאַנצן לעבן האָסטו נאָך נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו לעבן באמת פריי און אָן מורא. צי גלויבסטו, אַז דאָ איז בעסער? קאַרען, איך וויל נישט, אַז דו זאָלסט אויפהערן צו זיין אַ יידישקע און נישט ליבן ארץ־ישראל, אָבער עס זענען פֿאַראַן נאָך אַ סך זאַכן, וועלכע איך וואָלט געוואָלט, אַז דו זאָלסט זיי האָבן.

קאַרען האָט אָפּגעווענדעט איר בליק פון קיטין.

— אויב דו וועסט בלייבן דאָ — האָט קיטי געזאָגט — וועסטו דאָס גאַנצע לעבן טראָגן אַ ביקס. דו וועסט ווערן האַרט און ציניש, געַנזי ווי אַרי און ירדנה.

— ווייזט אויס, אַז ס'איז געווען פֿאַלש פון מיין זייט צו האָפן, אז דו וועסט דאָ שטענדיק בלייבן — האָט קאַרען זיך אָפּגערופן.

— קום מיט מיר, קאַרען. לאָמיר אוועקפֿאָרן קיין אמע־ריקע. גיב אונדז ביידן אַ שאַנס. מיר דאַרפֿן האָבן איינע די אַנדערע. מיר האָבן ביידע גענוג געליטן.

— איך ווייס נישט, צי איך וועל קאָנען פֿאַרלאָזן דאָס דאָזיקע לאַנד — האָט קאַרען געזאָגט מיט אַ ציטערנדיקער

שטימע. — איך ווייס נישט... איך ווייס עס פשוט נישט...

— קארען, איך וואָלט אַזוי שטאַרק געוואָלט דיך זען אין רייט־שטיוול און אין געפּאַלדעוועטע קליידער. איך וואָלט געוואָלט פאָרן מיט דיר אין אַ שיינעם פאָרד־אויטאָ צו אַ פוטבאָל־מעטש. איך וויל הערן ווי דער טעלעפאָן קלינגט און דו רעדסט מיט אַ הילכיקן געלעכטער מיט איי־נעם פון דיינע פארערער. איך וויל, אַז דו זאָלסט זיך פאַר־נעמען מיט די אַלע קלייניקייטן, מיט וועלכע עס דאַרף זיך פאַרנעמען אַ מיידל אין דיין עלטער און איך וויל נישט, אַז דו זאָלסט טראָגן געווער אָדער שמוגלען וואָפן. עס זענען פאַראַן אַזוי פיל זאַכן, וועגן וועלכע דו ווייסט נישט. איך וויל, אַז דו זאָלסט זען די דאָזיקע זאַכן איידער דו באַשליסט ענדגילטיק, וועגן דיין צוקונפט. איך בעט דיך, קארען.

קארען איז בלייך געוואָרן. זי איז אויפגעשטאַנען פון אָרט און זיך דערווייטערט פון קיטי.

— און וואָס וועט זיין מיט דבן? — האָט זי געפרעגט.

קיטי האָט ארויסגענומען דבס בריוו פון קעשענע און אים אויסגעשטרעקט צו קארען.

— איך האָב אים היינט געפונען אויף מיין שרייב־טיש — האָט קיטי געזאָגט. — איך ווייס אַליין נישט, ווי אזוי דער בריוו איז אַהין אָנגעקומען.

פרוי פרעמאָנט,

דער דאָזיקער בריוו איז אָנגעשריבן געוואָרן דורך אַ מענטשן, וואָס קאָן בעסער ענגליש ווי איך, אָבער איך האָב אים איבערגעשריבן מיט מיין האַנט, כדי איר זאָלט זיין זיכער, אַז דאָס איז מיין בריוו. צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים

שיק איך דעם בריוו אויף אַ באַזונדערן וועג. איך בין איצט זייער באַשעפטיקט. איך געפין זיך ביי גוטע פריינט. דאָס איז צום ערשטן מאָל, זינט אַ לענגערער צייט, ווי איך געפין זיך צווישן פריינט און זיי זענען באמת גוטע פריינט. איצט, נאָכדעם ווי איך האָב געפונען אַ סטאַבילן אויפהאַלט־אָרט, וויל איך אייך שרייבן און מיטיילן, ווי גרויס עס איז מיין פרייד, וואָס איך געפין זיך נישט אין גן־דפנה, ווו אַלע מענטשן האָבן ארויסגערופן ביי מיר עקל, אויך איר און קאַרען קלעמענט. איך שרייב דעם דאָזיקן בריוו, כדי אייך מיטצוטיילן, אַז איך וועל מער נישט זען קארען קלע־מענט, ווייל איך בין שטאַרק באַשעפטיקט און איך בין צוזאַ־מען מיט מענטשן, וואָס זענען באמת מיינע פריינט. איך וויל נישט, אַז קאַרען קלעמענט זאָל מיינען, אַז איך וועל צוריק־קומען, כדי זיך מיט איר צו פאַרנעמען. זי איז נישט מער ווי אַ קינד. איך האָב דאָ געפונען אַן אמתע פרוי, וועלכע איז אַלט ווי איך, און מיר לעבןביידע צוזאַמען. פאַרוואָס פאָרט איר אייגנטלעך נישט אַוועק צוזאַמען מיט קארען קיין אַמעריקע. איר אָרט איז זיכער נישט דאָ.

דב לאנדאו.

**קיטי האָט גענומען דעם בריוו פון קארענס האַנט און אים צעריסן אויף פיצלעך.**

**— איך וועל זאָגן דעם ד״ר ליבערמאַן, אַז איך הער אויף צו אַרבעטן. מיר וועלן דערנאָך דערליידיקן אונדזערע ענינים, באַשטעלן שיפס־קאַרטן און אָפּפאָרן קיין אַמעריקע.**

**— יאָ, קיטי — האָט קארען ארויסגעפליסטערט. — איך פאָר מיט דיר...**

## קאַפּיטל 14

יעדע פּאָר וואָכן האָט דער הויפּט־שטאַב פון די „מכבים" געטוישט זיין זיץ־אָרט. נאָכן אומברענגען דעם גענעראַל הייוועך־הערסט האָבן בן־משה און עקיבא געהאַלטן, אַז ס'איז בעסער צו פאַרשווינדן אויף אַ געוויסער צייט פון ירושלים. צוליב דעם, וואָס דער הויפּט־שטאַב האָט שטענדיק געמוזט אַריבערגעטראָגן ווערן אויף אַן אַנדער אָרט, איז ער רעדוצירט געוואָרן בלויז צו אַ האַלבן טוץ מענער. איצט איז דער מצב געוואָרן אַזוי מסוכן, אַז אויך די דאָזיקע קליינע גרופּע איז פאַנאַנדערגעטיילט געוואָרן און נאָר פיר פון די „מכבי"־אָנפירער זענען אַריבערגעפאָרן קיין תל־אביב. די דאָזיקע פיר זענען געוועזן: עקיבא, בן־משה, נחום בן־עמי — דער ברודער פון דוד בן־עמי — און דער „קליינער גיורא" — דב לאַנדאו. צוליב זיין אויסערגעוויינלעכן מוט, וועלכן ער האָט אַרויסגעוויזן בעת די אַקציעס, ווי אויך צוליב זיינע פעיקייטן ביים פעלשן דאָקומענטן, איז דב לאַנדאו פאַררעכנט געוואָרן צו דער ענגער אָנפירונג פון „מכבי" און ער איז געוואָרן דער ליבלינג פון עקיבא.

די פיר „מכבי"־אָנפירער האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ קעלער־דירה, וואָס האָט געהערט צו אַ „מכבי"־מיטגליד, אויף רחוב בני־ברק, נעבן דער תחנה מרכזית. דערנעבן האָט זיך אויך געפונען דער אַלטער מאַרק און די באַוועגונג איז דאָרטן געווען זייער אַ גרויסע. אַרום הויז האָבן די „מכבים" אַוועקגעשטעלט וואַך־פּאָסטנס און אויפן פאַל פון געפאַר איז צוגע־

גרייט געוואָרן אַ וועג צום אַנטלויפן. דאָס אָרט האָט געשיינט צו זיין זייער זיכער, אין פאַרגלייך מיט אַנדערע ערטער.

אין משך פון לאַנגע פופצן יאָר איז עקיבאַן געלונגען צוגישט צו מאַכן אַלע פרוּוון פון ענגלישן געהיים־דינסט אים צו כאַפּן. דורך אַ צופאַל האָבן די בריטישע אַגענטן אָנגעהויבן צו אָבסערווירן אייניקע הייזער אויף רחוב בני־ברק, וואָס האָבן זיך געפונען נעבן דער באַהעלטעניש פון די „מכבים"־אָנפירער. עס האָט זיך דאָ געהאַנדלט וועגן אַ שמוגלער־באַנדע, וואָס האָט אויסבאַהאַלטן געשמוגלטע סחורות אין יפוער פּאָרט. די אַגענטן, וועלכע האָבן אָבסערווירט דאָס הויז פון דער אַנדערער זייט טראָטואַר, האָבן באַמערקט, אַז נעבן אַ געווי־סער קעלער־וואוינונג שטייען טאָג און נאַכט פּאָסטנס. מיט אַ טעלע־אָביעקטיוו האָבן זיי פאָטאָגראַפירט די פּאָסטנס, וועלכע זענען אידענטיפיצירט געוואָרן אַלס באַקאַנטע מיטגלידער פון די „מכבים". זוכנדיק שמוגלער האָבן די בריטישע אַגענטן זיך אָנגעטראָפן אויף דער באַהעלטעניש פון „מכבים"־שטאַב. אויפן גרונט פון זייער לאַנגיאָריקער דערפאַרונג מיט די „מכבים" האָבן די בריטישע אַגענטן באַשלאָסן תיכף דורכצו־פירן אַן אַבלאַווע. זיי האָבן אָרגאַניזירט די זאַך אין דער גרעסטער איילעניש און זענען אויף אַן איבעראַשנדן אופן אריינגעדרונגען אין קעלער. זיי האָבן דערביי אפילו קיין אַנונג נישט געהאַט, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן הויפּט־שטאַב פון די „מכבים".

דב איז געזעסן אין איינעם פון די דריי צימערן אין קעלער און זיך פאַרנומען מיט פעלשן אַ פּאַספּאָרט פון דער מדינה סאַן־סאַלוואַדאָר. חוץ אים האָט זיך נאָך אין קעלער געפונען בלויז עקיבא. נחום בן־עמי און בן־משה זענען אַוועקגעגאַנ־

גען, כדי זיך צו טרעפן מיט זאב גלבוע, דעם פֿאַרבינדונגס־מאַן צווישן דער „הגנה" און די „מכבים".

עקיבא איז אריינגעקומען אין צימער, אין וועלכן דב האָט געאַרבעט.

— דערצייל מיר, קליינער גיורא, ווי אַזוי איז דיר געלונגען איבערצורעדן בן־משה ער זאָל דיך היינט נישט מיטנעמען מיט זיך? — האָט עקיבא געפרעגט.

— איך מוז פֿאַרטיק מאַכן דעם פּאַספּאָרט — האָט דב אַרויסגעברומט.

עקיבא האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן האַנט־זייגערל און דאַן האָט ער זיך אויסגעצויגן אויפֿן פֿעלד־בעטל, וואָס איז געשטאַנען הינטער דבן.

— זיי דאַרפֿן באַלד זיין צוריק — האָט ער זיך אָפּגערופֿן.

— איך האָב נישט קיין צוטרוי צו די מענטשן פֿון „הגנה" — האָט דב געזאָגט.

— מיר האָבן נישט קיין אַנדער ברירה, ווי נאָר צו האָבן צוטרוי צו זיי — האָט דער אַלטער מאַן שטיל אַרויסגעפּליסטערט.

דב האָט אויפֿגעהויבן דעם פּאַספּאָרט אַנטקעגן ליכט, כדי פֿעסטצושטעלן צי מען זעט דעם וואַסער־צייכן און דעם שטעמפּל אויפֿן אָרט, וואָס ער האָט פֿריער אויסגעריבן. דאָס איז געווען אַ גוטע אַרבעט. אפילו אַ פֿאַכמאַן וואָלט נישט געקאָנט פֿעסטשטעלן, אַז דער נאָמען און די פֿאַמיליע פֿון פֿריערדיקן פּאַספּאָרט־אייגנטימער זענען געענדערט געוואָרן. דב האָט זיך אַריבערגעבויגן איבערן פּאַספּאָרט און נאָכגעמאַכט די אונטערשריפֿט פֿון באַאַמטן פֿון סאַן־סאַלוואַדאָר. דאַן האָט ער אָפּגעלייגט די פֿעדער, איז אויפֿגעשטאַנען פֿון שטול און אָנגעהויבן נערוועז צו שפּאַנען הין און צוריק

איבערן קליינעם צימערל. אַ געוויסן מאָמענט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, כדי אַ קוק צו טאָן צי דער טינט האָט זיך אָפּגעטריקנט, און דאַן האָט ער ווידער אָנגעהויבן צו שפּרייזן איבערן צימער.

— זיי נישט אַזוי אומגעדולדיק, קליינער גיורא, — האָט עקיבא זיך אָפּגערופן. — וועסט זיך נאָך דערוויסן, אַז ווען מען לעבט אין אומלעגאַלע באַדינגונגען, איז דאָס וואַרטן די ערגסטע זאַך אויף דער וועלט. דאָס וואַרטן — איך פרעג זיך אָפּט: אויף וואָס וואַרט אַ מענטש?

— איך האָב שוין געלעבט פריער אין אונטערגרונט — האָט דב געזאָגט.

— ריכטיק, ריכטיק — האָט עקיבא זיך אָפּגערופן און זיך אויפגעהויבן פון בעטל. — וואַרטן, וואַרטן, וואַרטן... דו ביסט נאָך זייער יונג, דב. דו דאַרפסט זיך אויסלערנען נישט צו זיין אַזוי ערנסט און פאַרביסן. דאָס איז שטענדיק געווען מיין פעלער. איך בין שטענדיק געווען צו אינטענסיוו. איך האָב קיינמאָל נישט געטראַכט וועגן זיך, נאָר שטענדיק געאַרבעט פאַרן ציל.

— אַזעלכע רייד קלינגען אויסטערליש אין מויל פון עקיבא — האָט דב געזאָגט.

— ווען מען ווערט עלטער, ווערן אַ סך זאַכן אַ סך קלאָרער. מיר וואַרטן, מיר וואַרטן אויף אַ מעגלעכקייט ווייטער צו קאָנען וואַרטן. אויב זיי וועלן אונדז כאַפּן קאָנען מיר אין בעסטן פאַל דערוואַרטן גלות אָדער לעבנסלענגלעכע תפיסה. געוויינלעך אָבער הענגען זיי אויף יעדן איינעם פון אונדז, וואָס פאַלט אריין אין זייערע הענט. דערפאַר זאָג איך דיר... זיי נישט אַזוי ערנסט. צווישן די „מכבים" געפינען זיך אַ סך שיינע מיידלעך, וואָס וואָלטן זיך געוואָלט טרעפן מיט אונדזער

„קליינעם גיורא". געניס פון לעבן, כל־זמן דו האָסט דערצו אַ געלעגנהייט.

— איך בין נישט פאראינטערעסירט — האָט דב העפטיק זיך אָפגערופן.

— באמת, — האָט דער אלטער געפרעגט מיט פריינטלעכער איראָניע. — אפשר האָסטו שוין אַ מיידל און דו זאָגסט אונדז נישט אויס וועגן דעם ?

— פריער בין איך געווען באפריינדעט מיט אַ מיידל, אָבער איצט שוין נישט מער.

— איך מוז זאָגן בן־משה, אַז ער זאָל געפינען פאַר דיר אַ נייע פריינדין און דו זאָלסט מיט איר אַרויסגיין שפּאַצירן, זיך אונטערהאַלטן.

— איך וויל נישט קיין מיידל, איך וויל בלייבן אין שטאַב. דאָס איז וויכטיקער ווי יעדער אַנדערע זאַך.

דער אַלטער מאַן האָט זיך ווידער אויסגעשטרעקט אויפן פעלד־בעטל.

— דו האָסט אַ טעות, קליינער גיורא, — האָט ער זיך אָפּגערופן נאָך אַ לענגערער ווײַלע —דו האָסט אַ גרויסן טעות. דאָס וויכטיקסטע איז אויפצושטיין אינדערפרי און אַ קוק צו טאָן דורכן פענצטער אויף דיינע פעלדער, וועלכע דו באַאַרבעטסט, און אין אָוונט קומען אַהיים, צו אַ מענטשן וועלכן דו ליבסט און וועלכער ליבט דיך.

— דער אַלטער איז געוואָרן סענטימענטאַל — האָט דב אַ טראַכט־געטאָן. ער האָט נאָכאַמאָל אונטערזוכט דעם געפעלשטן פּאַספּאָרט און דאַן האָט ער אריינגעקלעבט אַ פאָטאָגראַפיע. ווען עקיבא האָט אײַנגעדרעמלט אויפן בעטל האָט דב ווידער אָנגעהויבן צו שפּאַנען איבערן צימער.

זינט ער האָט אַרויסגעשיקט דעם בריוו צו מיסיס פרעמאנט

איז אים געוואָרן שווערער אויפֿן האַרצן ווי פֿריער. סוף כּל סוף וועלן אים די ענגלענדער כאַפּן און אים אויפֿהענגען. דאַן וועט צו אַלץ קומען אַ סוף. די מענטשן אַרום אים האָבן נישט געוווּסט, אַז די סיבה פֿון זײַן לעגענדאַרן מוט איז געווען דער פֿאַקט, וואָס אים איז געווען אַלץ איינס צי ער וועט בלײַבן לעבן אָדער וועט שטאַרבן. עס האָט געשײַנט ווי ער וואָלט זיך פּשוט געבעטן, אַז אַ פֿײַנטלעכע קויל זאָל אים טרעפֿן. לעצטנס האָט ער ווידער אָנגעהויבן צו זען קאָשמאַרן אין זײַנע חלומות און קאַרען איז נישט געווען נעבן אים, כּדי זיך אָוועקצושטעלן ווי אַ שוץ־וואַנט צווישן אים און די גאַז־קאַמערן. מיסיס פּרעמאַנט וועט איצט אָוועקנעמען דאָס מיידל קיין אַמעריקע. דאָס איז געווען גוט. ער וועט ווײַטער אַרויסגיין מיט די „מכבּים" אויף אַקציעס, ביז מען וועט אים כאַפּן, ווײַל עס איז געווען זינלאָז צו לעבן אָן קאַרען.

אינדרויסן האָבן פּופּציק בריטישע געהיים־אַגענטן, איבער־געטוענע אין ציווילער קליידונג, זיך אויסגעמישט מיטן עולם, וואָס האָט זיך געפֿונען נעבן דער אויטאָבוס־סטאַציע. זיי האָבן שנעל פֿאַרכאַפּט די וואַך־פּאָסטנס נעבן הויז און אָפּגעפֿירט פֿון אָרט, איידער זיי האָבן באַוויזן צו געבן אַ וואָרענונגס־סיגנאַל. דאַן האָבן זיי אָפּגעשלאָסן דעם גאַנצן ווינ־בלאָק.

פּופּצן אַגענטן, באַוואָפֿנטע מיט אויטאָמאַטן, טרערן־באָמבעס, העק און קילאָפּן זענען שטיל אַראָפּגעגאַנגען די טרעפּ צו דער קעלער־ווינונג און זיך אויסגעשטעלט נעבן דער טיר.

עס האָט זיך דערהערט אַ שטילער קלאַפּ. עקיבא, וועלכער האָט געהאַט אײַנגעדימלט, האָט אויפֿגעעפֿנט די אויגן און געזאָגט:

— דאָס זענען אוודאי בן־משה און נחום בן־עמי, עפן אויף די טיר, דב.

דב האָט אָפּגעריגלט די טיר און זי עטוואָס אויפגעלענט, אָבער אין זעלבן מאָמענט איז אין שמאָלן שפּעלטל אַריינגע־האַקט געוואָרן אַ קילאָף און די טיר האָט זיך ברייט פּאַנאַנ־דערגעעפנט.

— ענגלענדער! — האָט דב אויסגעשריען מיט אַ פּאַר־שטיקטער שטימע.

עקיבא און דער קליינער גיורא זענען אַרעסטירט! די דאָזיקע ידיעה איז בליץ־שנעל פאַרשפּרייט געוואָרן איבער גאַנץ ארץ־ישראל. דער לעגענדאַרער עקיבא, וועלכער האָט אין משך פון איבער צען יאָר זיך ארויסגעדרייט פון די ענג־לענדער, געפינט זיך איצט אין זייערע הענט!

דער בריטישער הויך־קאָמיסאַר האָט באַשלאָסן תיכף צו שטעלן ביידע אַרעסטירטע פאַרן געריכט און אַרויסטראָגן איבער זיי אַן אורטייל, וואָס זאָל נאָך מער צעטרייסלען די „מכבי״־אָרגאַניזאַציע. ער איז געווען ביי דער מיינונג, אַז אַ שנעלע פאראורטיילונג פון עקיבא וועט ווידער פאַר־שטאַרקן די אויטאָריטעט פון דער ענגלישער מאַכט און וועט פאַראַליזירן די טעטיקייט פון די „מכבים״, ווייל דער אַלטער עקיבא איז געווען דער גייסטיקער מנהיג פון דער דאָזיקער טעראָריסטישער אָרגאַניזאַציע.

אויפן באַפעל פון הויך־קאָמיסאַר איז דורכגעפירט געוואָרן אַ געהיימער משפט. דער נאָמען פון ריכטער איז נישט פאַר־עפנטלעכט געוואָרן צוליב זיין פערזענלעכער זיכערקייט. צוויי וואָכן נאָכן אַרעסט זענען עקיבא און דער „קליינער גיורא״ פאַרמשפט געוואָרן צום טויט דורך הענגען. דער

אורטייל האָט געזאָלט בקרוב אויסגעפירט ווערן אין דער תפיסה אין עכו.

אין זיין אייפער איז דער הויך־קאָמיסאר באַגאַנגען אַ שווערן פעלער. ער האָט נישט צוגעלאָזט די צייטונגס־קאָרעס־פּאָנדענטן צו די געריכטס־פּאַרהאַנדלונגען. די „מכבים" האָבן גלייכצייטיק געהאַט איינפלוסרייכע פריינט אין אויסלאַנד, דער עיקר אין די פּאראייניקטע שטאַטן. אין די פּלאַמיקע פּראָטעסטן, וואָס זענען אויפגעהויבן געוואָרן אין שייכות מיטן דאָזיקן ענין, איז בכלל נישט אַרויסגעהויבן געוואָרן די פּראַגע וועגן דער שולד פון עקיבא און דב לאנדאו. פּונקט ווי די פּרשה „יציאת אייראָפּע", האָט אויך דער אורטייל איבער די צוויי „מכבים" אַרויסגערופן אַ כוואַליע פון שאַרפער קריטיק קעגן דער ענגלישער מאַנדאַט־פּאָליטיק.

סעסיל ברעדשאו האָט זיך צו יענער צייט געפונען אין ארץ־ישראל. ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער אונא־קאָמיסיע, וואָס האָט דאַן באַזוכט דאָס לאַנד. נישט וועלנדיק דערלאָזן צו דעם, אַז עס זאָל זיך איבערחזרן אַ צווייטע פּרשה „יציאת אייראָפּע" האָט ער שנעל אָפּגעהאַלטן אַ קאָנפערענץ מיטן הויך־קאָמיסאַר און זיך געווענדעט קיין לאָנדאָן נאָך אינסטרוקציעס. דער שווערער אורטייל קעגן די „מכבים" האָט אויפגערודערט די עפנטלעכע מיינונג פון דער וועלט קעגן ענגלאַנד דווקא אין אַזאַ דעליקאַטן מאָמענט, ווען די אויספאָרשונגס־קאָמיסיע פון דער אונ"א האָט זיך געפונען אין ארץ־ישראל. עס האָט אויך עקזיסטירט די געפאַר, אַז אנשטאט די טעראָר־אַקטן זאָלן אויפהערן, וועלן זיי זיך נאָך מען אויסברייטערן. סעסיל ברעדשאו און דער הויך־קאָמיסאַר האָבן באַשלאָסן צו האַנדלען שנעל און ווייזן דער וועלט, אַז די ענגלענדער קאָנען אויך מוחל־זיין. דער געוואַלדיק־גרויסער אונטערשייד אין עלטער

פון עקיבא און דב לנדאו איז געוועו פֿאַר זיי אַן אויסרייד מיטצוטיילן פֿאַר דער עפֿנטלעכקייט, אַז זיי וועלן דערלויבן די פֿאַרמשפּטע ארײנצוטראָגן אַ ביטע וועגן באַגנעדיקונג, כדי צו ראַטעווען זייערע לעבנס. דער דאָזיקער שריט פון די ענגלענדער האָט אַ סוף געמאַכט צו דער כוואַליע פון פּראָטעסטן.

דער הויך־קאָמיסאַר און סעסיל ברעדשאו זענען פּער־זענלעך אָפּגעפֿאָרן אין דער תּפֿיסה פון עכו, כדי איבערצו־געבן עקיבאַן און דבן די גוטע בשורה, אַז רעכענענדיק זיך מיטן הויכן עלטער פון עקיבאַן און מיטן יונגן עלטער פון דב לאנדאָו, האָט מען באַשלאָסן זיי צו דערמעגלעכן אָנצוגעבן אַ ביטע וועגן באַגנעדיקונג, כדי זיי צו שענקען דאָס לעבן.

ביידע אַרעסטירטע זענען געבראַכט געוואָרן אין ביורא פון תּפֿיסה־דירעקטאָר, ווו די צוויי הויכע בריטישע באַאַמטע האָבן קלאָר און אָפֿן געזאָגט די אַרעסטירטע „מכבי״־מיט־גלידער אין וואָס עס גייט.

— מיר זענען דאָך פֿאַרנונפֿטיקע מענטשן —האָט דער הויך־קאָמיסאַר געזאָגט. — מיר האָבן שוין צוגעגרייט פֿאַר אייך די צוויי ביטעס און איר דאַרפֿט זיי בלויז אונטערשרייבן. אָפֿיציעל האַנדלט זיך דאָ וועגן אַ ביטע צו אַמנעסטירן, אָבער אין גרונט גענומען איז דאָס בלויז אַ פֿאָרמאַליטעט... אויב איר ווילט, איז דאָס בלויז אַ הינטער־טיר, דורך וועלכער איר וועט קאָנען אַנטרינען...

— אַלזאָ, איר דאַרפֿט אונטערשרייבן די ביטעס — האָט ברעדשאו זיך אָפּגערופֿן. — מיר וועלן דאַן גיין מיט אייך אויף אַ פּשרה. מיר וועלן אייך ביידן אַרויספֿירן פון לאַנד, איר וועט אָפּזיצן אַ קורצע תּפֿיסה־שטראָף אין אײנער פון די

אַפריקאַנישע קאָלאָניעס און אין אַ פּאָר יאָר אַרום וועט אַלץ פאַרגעסן ווערן...

— איך פאַרשטיי אייך נישט געגוג קלאָר — האָט עקיבא געענטפערט. —פאַרוואָס זאָלן מיר זיצן אין תּפיסה? מיר זענען נישט באַגאַנגען קיין שום פאַרברעכן. מיר האָבן בלויז פאַרטיידיקט אונדזערע נאַטירלעכע היסטאָרישע רעכט. זינט ווען ווערט דאָס דער קאַמף פון אַ זעלבער פאָר זיין היימלאַנד באַטראַכט אַלס פאַרברעכן? מיר זענען קריגס־געפאַנגענע און איר האָט נישט קיין שום רעכט אַרויסצוטראָגן קעגן אונדז אַן אורטייל. אונדזער לאַנד איז אָקופּירט.

אַ שווייס האָט באַדעקט דאָס פּנים פון הויך־קאָמיסאַר. דער אַלטער מאַן איז געווען פאַרעקשנט. די זעלבע אַרגומענטן האָט ער שוין נישט איינמאָל געהערט פון אַרעסטירטע „מכבּים״.

— הערט אויס, עקיבא — האָט ער זיך אָפּגערופן — מיר פירן דאָ נישט קיין פּאָליטישע דיסקוסיע. דאָ האַנדלט זיך וועגן אייערע קעפּ. אָדער איר שרייבט אונטער די ביטע וועגן באַגנעדיקונג אָדער מיר וועלן זיין געצוווּנגען אויסצופירן דעם אורטייל.

עקיבא האָט אָנגעקוקט די ביידע הויכע באַאַמטע און פאַר אים איז געווען קלאָר, אַז זיי זענען זייער שטאַרק פאַראינטערעסירט אין רעגולירן דעם ענין, כּדי ווידער גוט צו מאַכן דעם באַגאַנגענעם פעלער.

— און דו, יינגל — האָט ברעדשאו זיך געווענדעט צו דבן. — דו ווילסט דאָך נישט מען זאָל דיך אויפהענגען, נישט אמת? שרייב אונטער און עקיבא וועט אונטערשרייבן נאָך דיר.

ברעדשאו האָט אויסגעשטרעקט די ביטע צו דבן און אַרויס־געצויגן פון קעשענע אַ פעדער. דב האָט אַ פּאָר רגעס געקוקט

אויפן דאָקומענט און דאַן האָט ער אַ שפּיי־געטון אויף אים.
עקיבא האָט אָנגעקוקט ביידע ענגלענדער און באַמערקט זייער אַנטוישונג.
— דיין אייגן מויל האָט אַרויסגעטראָגן דעם אורטייל — האָט עקיבא זיך אָפּגערופן מיט בייסיקן שפּאָט.

דער פאַקט, אַז עקיבא און דב לנדאו האָבן אָפּגעוואָרפן די ביטעס וועגן באַגנעדיקונג, איז געבראַכט געוואָרן דורך אַלע צייטונגען מיט גרויסע אותיות אַלס דראַמאַטישער פּראָטעסט קעגן די ענגלענדער. אַ סך איינוווינער פון ישוב, וועלכע האָבן פריער נישט גאָר שטאַרק סימפּאַטיזירט מיט די „מכבים", זענען געווען באַגייסטערט פון זייער האַלטונג. איבערנאַכט זענען דער זקן און דאָס יינגל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ סימבאָל פון יידישן ווידערשטאַנד.
אנשטאָט אויפצוטרייסלען די פּאָזיציעס פון די „מכבים" האָבן די ענגלענדער דערפּירט דערצו, אַז עס זענען אויפגעקומען צוויי קדושים. די בריטישע מאַכט האָט דאַן נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה, ווי פעסטצושטעלן דעם טערמין פון דער הינריכטונג: אין צען טעג אַרום.
די שפּאַנונג אין ארץ־ישראל איז געוואָקסן פון טאָג צו טאָג. די אַקציעס פון די „מכבים" און פון „הגנה" האָבן אויפגעהערט, אָבער אין גאַנצן לאַנד האָט יעדער גוט אָפּגעפילט, אַז מען זיצט אויף אַ פּולווער־פאַס, וואָס איז עלול זייער שנעל אויפצורייסן.
עכו איז געווען פולשטענדיק באַוואוינט דורך אַראַבער. די תפיסה אין שטאָט איז אויפגעבויט געוואָרן אויף די רעשטלעך פון אַ קרייצריטער־פעסטונג, ענג־אויס דעם מאלא, וואָס האָט זיך געצויגן פון צפונדיקן שטאָט־טייל ביז צום קעגנ־

איבערדיקן טייל פון שטאָט. אחמד אל יאזאר — דער „קצב" — האָט פאַרוואַנדלט דאָס אָרט אין אַ טערקישער באַפעסטיקונג, וואָס האָט אפילו אויסגעהאַלטן די שטורמישע אַנגריפן פון נאַפּאָלעאָנען. די געביידעס זענען געווען אַ געמיש פון פאַר־טיידיקונגס־מויערן, היילן, קאַנאַלן, שוץ־טורעמס, אויסגע־טריקנטע וואַסער־גראָבנס, גרויסע הייפן און דיקע ווענט. די ענגלענדער האָבן די דאָזיקע באַפעסטיקונגען פאַרוואַנדלט אין איינער פון די ערגסטע תפיסות פון דער גאַנצער בריטישער אימפּעריע.

דב און עקיבא זענען אריינגעזעצט געוואָרן אין ענגע צעלעס, וואָס האָבן זיך געפונען אין צפונדיקן פליגל פון תפיסה. די ווענט, דער סופיט און די פּאָדלאָגע זענען געווען פון שטיינער. די לענג פון די צעלעס זענען געווען איין מעטער אכציק אויף צוויי פערציק די ברייט. די אויסערלעכע וואַנט איז געווען פינף מעטער דיק. דאָרטן איז נישט געווען קיין עלעקטריש ליכט און נישט קיין וואַסער־קלאָזעטן. די לופט איז געווען אָנגעפילט מיט אַ ריח פון פוילעכץ. די טירן זענען געווען פון אייזן און דורך אַ לאָך האָט מען געקאָנט אָבסערווירן די אַרעסטירטע. די איינציקע עפענונג איז געווען אַ דין שפּעלטעלע אין דער אויסערלעכער וואַנט — פינף צענטימעטער די ברייט און פינף און צוואַנציק צענטימעטער די הויך.

עקיבא האָט זיך געפילט נישט גוט אין דער צעלע. דער סופיט און די ווענט זענען געווען פייכט און דער רעאומאַטיזם האָט אים שרעקלעך געפּייניקט. יעדן טאָג זענען געקומען ברי־טישע באַאַמטע, כדי מיט אים צו פאַרהאַנדלען וועגן אַ קאָמ־פּראָמיס, וואָס וואָלט דערמעגלעכט דאָס אָפּלייגן דעם טויט־אורטייל. דב האָט בכלל נישט געלייגט קיין אַכט אויף די

דאָזיקע מענטשן. עקיבא דאַקעגן האָט אין זייער אַנוועזנהייט ציטירט אַזוי לאַנג קאַפּיטלעך תנ״ך, ביז זיי פלעגן זיך אָפּטראָגן.

עס זענען פאַרבליבן בלויז זעקס טעג ביזן אויספירן דעם אורטייל. עקיבא און דב זענען אַריבערגעפירט געוואָרן אין דער טויטן־קאַמער, וואָס האָט זיך געפונען נעבן אָרט, ווו מען פלעגט דורכפירן די עקזעקוציעס. מען האָט זיי ביידן אָנגעטאָן רויטע הויזן און העמדער — דער טראַדיציאָנעלער ענגלישער קאָסטיום פאַר די יעניקע, וועלכע האָבן געזאָלט אויפגעהאָנגען ווערן.

## קאַפּיטל 15

עס איז געווען איינס אַזייגער נאָך האַלבער נאַכט. ברוס סאטערלענד איז געזעסן אין זיין ביבליאָטעק־צימער און געלייענט. פּלוצים האָט ער דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר און אַן איבעראַשטער האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ. קארען קלעמענט איז אריינגעקומען אין צימער.

— וואָס טוסטו דאָ אַזוי שפּעט? — האָט ער אַ פאַרוווּנ־דערטער געפרעגט.

קאַרען איז געשטאַנען פאַר אים אַ ציטערנדיקע און נישט אויסגערעדט קיין וואָרט.

— צי ווייסט קיטי, אַז דו ביסט דאָ? — האָט ער געפרעגט.

קארען האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. סאטערלענד האָט זיך דאַן אויפגעהויבן און זי אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול.

— דערצייל, קליינע, נאָך וואָס ביסטו געקומען אַזוי שפּעט.

— איך וויל באַזוכן דב לאנדאו אין תּפיסה. איר זענט דער איינציקער מענטש פון מיינע באַקאַנטע, וועלכער וואָלט מיר געקאָנט העלפן אין דעם.

סאטערלענד האָט פאַרלייגט די הענט אויפן רוקן און אָנגעהויבן צו שפּרייזן איבערן צימער.

— ווען איך וואָלט אפילו געקאָנט דאָס דורכפירן, וואָלט איך דיר דערמיט נישט געטאָן קיין טובה — האָט ער זיך אָפּגערופן. — אין עטלעכע וואָכן אַרום וועסטו מיט קיטין פאַרלאָזן ארץ־ישראל. פאַרוואָס באַמיסטו זיך נישט בעסער אים צו פאַרגעסן, קינד?

— איך בעט אייך — האָט קאַרען זיך אָפּגערופן. — איך ווייס קלאָר, וואָס איך וויל. זינט מען האָט אים אַרעסטירט קאָן איך נישט טראַכטן וועגן קיין שום אַנדער זאַך. איך מוז אים נאָך איינמאָל זען. העלפט מיר, גענעראַל סאַטערלענד... איך בעט אייך.

— איך וועל טאָן וואָס איך וועל קאָנען — האָט ער געזאָגט. — אָבער איצט וועלן מיר טעלעפאָנירן צו קיטין און איר זאָגן, אַז דו ביסט דאָ ביי מיר. מסתמא איז זי שוין האַלב משוגע פאַר שרעק. ווי אַזוי האָסטו דאָס נישט מורא געהאַט צו גיין אַזוי שפּעט דורך די אַראַבישע געביטן?

צומאָרגנס האָט סאַטערלענד אָנגעקלונגען אין ירושלים. דער הויך־קאָמיסאַר האָט שנעל מסכים־געווען, אַז קאַרען זאָל זיך טרעפן מיט דבן. די ענגלענדער האָבן זיך נאָך אַלץ באַמיט איינצוברעכן די עקשנות פון עקיבא און דבן. עס האָט עקזיסטירט די מעגלעכקייט, אַז דב וועט נאָך קאַרענס באַזוך ווייכער ווערן.

קיטי איז אַוועקגעפאָרן פון גן־דפנה קיין צפת, ווו סאַטערלענד האָט זי אָפּגעוואַרט מיט זיין אויטאָ און פון דאָרטן זענען זיי אָפּגעפאָרן קיין נהריה. פון דער דאָרטיקער פּאָליציי־סטאַציע זענען זיי אין באַגלייטונג פון אייניקע זעלנער אָפּגעפאָרן קיין עכו, ווו מען האָט זיי אריינגעפירט אין ביוראָ פון תפיסה־דירעקטאָר.

דעם גאַנצן וועג איז קאַרען געווען ווי באַטויבט. אפילו געפינענדיק זיך שוין אין תפיסה האָט דאָס אַלץ אויסגעזען פאַר איר ווי אומנאַטירלעך. דער דירעקטאָר פון תפיסה איז נאָך אַ קורצער צייט אריינגעקומען אין זיין ביוראָ און גערופן קאַרען זי זאָל מיטגיין מיט אים.

— עס וועט זיין בעסער, אַז איך וועל גיין מיט דיר — האָט קיטי זיך אָפּגערופן.

— ניין — האָט קאַרען געענטפערט. — איך וויל רעדן מיט אים אונטער פיר אויגן.

אויפן קאָרידאָר זענען געשטאַנען צוויי וואַך־פּאָסטנס, וועלכע האָבן אָפּגעפירט קארען דורך אַ ריי אייזערנע טירן צו אַ גרויסן הויף, וואָס איז געווען אויסגעפּלאַסטערט מיט שטיינער און אַרומגערינגלט מיט פאַרקראַטעוועטע פענצטער. קארען האָט געזען די בליקן פון די אַרעסטירטע, וועלכע האָבן זי נאָכגעקוקט. די זעלנער האָבן זי געפירט דורך שמאָלע טרעפּ צום הינטערשטן טייל פון תפיסה, ווו עס האָבן זיך געפונען די צעלן פון די פאַרמשפּעטע צום טויט. זי איז פאַרבייגעגאַנגען אַ גרופּע וועכטער, וואָס זענען געשטאַנען נעבן אַ מאַשין־געווער, זייער פּאָזיציע איז געווען אַרומגע־רינגלט מיט שטעכל־דראָט.

מען האָט זי אַריינגעפירט אין אַ קליינער קאָמער. די טיר האָט זיך הינטער איר פאַרמאַכט. אַ זעלנער, וואָס האָט זיך אָוועקגעשטעלט נעבן איר, האָט געעפנט אַ שמאָלע קלאַפּע.

— דורכן דאָזיקן שפּאַלט קאָנסטו מיט אים רעדן, קליינע — האָט דער זעלנער זיך אָפּגערופן.

קארען האָט אריינגעקוקט אין דער שמאָלער עפענונג. זי האָט געזעןביידע צעלעס, וואָס האָבן זיך געפונען קעגנאיבער איר. אין איין צעלע איז געזעסן עקיבא און אין דער צוויי־טער — דב לאנדאו. דב איז געלעגן אין זיינע רויטע בגדים און געקוקט אויפן סופיט. קארען האָט געזען, ווי אַ וועכטער איז צוגעגאַנגען צו דבס צעלע און זי אויפגעשלאָסן.

— שטיי אויף, לאנדאו — האָט דער וועכטער אויסגע־שריען. — עמיצער וויל רעדן מיט דיר.

דב האָט אויפגעהויבן אַ בוך פון פּאָדלאָגע און אָנגעהויבן צו לייענען, נישט לייגנדיק קיין אכט אויף דעם וועכטערס רייד.

— דו האָסט אַ גאַסט! — האָט דער וועכטער אַ צווייטן מאָל אויסגעשריען.

דב האָט גלייכגילטיק איבערגעמישט אַ בלאַט פון בוך.

— ביסט טויב, אָדער וואָס? דו האָסט אַ גאַסט — האָט דער וועכטער אַרויסגעברילט.

— איך האָב נישט בדעה צו ריידן מיט די דאָזיקע מענטשן. זאָגט זיי, אַז...

— דאָס איז נישט קיין אונדזעריקער, נאָר אייערער אַ מענטש. אַ מיידל, לאַנדאו.

דב האָט איינגעקרעמפּט דאָס בוך אין האַנט. דאָס האַרץ האָט אים אָנגעהויבן האַסטיקער צו קלאַפּן.

— זאָגט איר, אַז איך האָב נישט קיין צייט — האָט ער זיך אָפּגערופן.

דער וועכטער האָט אַ צוק־געטאָן מיטן אַקסל און איז צוגעגאַנגען צו דער עפענונג אין וואַנט.

— ער זאָגט, אַז ער וויל קיינעם נישט זען — האָט ער אריינגעשריען אין דער קלאַפּע.

— דב! — האָט קאַרען אויסגעשריען. — דב!

דער עכאָ פון איר אויסגעשריי האָט אָפּגעהילכט אין דער טויטן־קאַמער.

— דב! דאָס בין איך, קאַרען!

עקיבא האָט מיט אַ געשפּאַנטן בליק א קוק געטאָן אויף דבס צעלע. דב האָט פאַרקריצט די ציינער און ווייטער געלייענט.

— דב! דב! דב! — האָט קאַרען נישט אויפגעהערט צו שרייען.

— רייד מיט איר, דב — האָט עקיבא הויך אויסגערופן. — גיי נישט אַוועק פון דער וועלט מיטן פּיינטלעכן שווייגן, צו וועלכן מיין ברודער האָט מיך פאַרמשפּט. רייד מיט איר, דב.

דב האָט אָפּגעלייגט דאָס בוך און האָט זיך אויפגעשטעלט פון דער פּריטשע. ער האָט געגעבן אַ צייכן דעם וועכטער און יענער האָט צוריק אויפגעשלאָסן די טיר פון דער קאַמער. דב איז צוגעגאַנגען צו דער עפענונג אין וואַנט און אַרייַנגעקוקט. ער האָט נאָר געקאָנט זען איר פּנים.

קארען האָט אַרייַנגעקוקט אין זיינע אויגן. זי האָט געזען אין זיי אַ קאַלטן און בייזן בליק.

— איך האָב שוין געזען די אַלע טריקן — האָט ער בייסיק זיך אָפּגערופן. — אויב מען האָט דיך געשיקט אַהער, כדי דו זאָלסט מיך בעטן אונטערצושרייבן אַ ביטע וועגן חסד, קאָנסטו גלייך גיין צוריק. איך וועל נישט בעטן די דאָזיקע הינט, זיי זאָלן מיך באַגנעדיקן.

— רייד נישט אַזוי מיט מיר, דב!

— איך ווייס, אַז מען האָט דיך ספּעציעל געשיקט צו מיר.

— קיין מענטש האָט מיך נישט געבעטן איך זאָל גיין צו דיר, דב, איך שווער דיר.

— צוליב וואָס ביסטו אַלזאָ געקומען?

— איך האָב דיך געוואָלט זען נאָך איינמאָל...

דב האָט מיט אַלע כוחות זיך באַמיט צו בלייבן פעסט. צוליב וואָס איז זי געקומען? זיין באַגער זי אָנצורירן ביי די באַקן איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז ער איז שיעור נישט אומגעפאַלן.

— ווי פילסטו זיך? — האָט קאַרען געפרעגט.

— זייער גוט...

אַ לאַנגע צייט האָבן זיי זיך שטום אָנגעקוקט. דאַן האָט קאַרען זיך אָפגערופן:

— דב, דאָס וואָס דו האָסט געשריבן צו קיטין... צי האָסטו עס געמיינט באמת, אָדער דו האָסט עס געשריבן...

— איך האָב דאָס געמיינט באמת...

— איך האָב דאָס געוואָלט וויסן — האָט קאַרען אַרויס־געפּליסטערט.

— אויב אַזוי, ווייסטו דאָס איצט.

— יאָ, איצט ווייס איך, דב. איך וועל בקרוב אָוועקפאָרן מיט קיטין קיין אַמעריקע.

דב האָט אַ צוק־געטאָן מיטן אַקסל.

— איך מיין, אַז איך וואָלט געטאָן אַ סך בעסער, ווען איך וואָלט בכלל נישט געקומען אַהער — האָט קאַרען גע־זאָגט. — עס טוט מיר לייד, וואָס איך האָב דיך באַמיט.

— שאַדט נישט. איך ווייס, אַז דו האָסט פשוט געוואָלט זיין העפלעך. איך וואָלט בעסער געוואָלט זען מיין פריינדין, אָבער זי געהערט צו די „מכבים" און זי קאָן נישט קומען אַהער. זי איז אַזוי אַלט ווי דו...

— איך ווייס.

— איבעריקנס איז דאָס אַלץ איינס. דו ביסט אויך אַ וויל מיידל, קאַרען און... פאָר רואיק קיין אַמעריקע און טראַכט נישט מער וועגן דעם. איך ווינטש דיר אַלדאָס גוטס.

— עס וועט זיין בעסער, אַז איך זאָל איצט אַוועקגיין — האָט קארען ארויסגעפליסטערט.

זי איז אויפגעשטאַנען פון אָרט. דער אויסדרוק אויף זיין פנים האָט זיך נישט געענדערט.

— קארען! — האָט ער אויסגערופן.

דאָס מיידל האָט זיך שנעל אויסגעדרייט.

— ווייסט וואָס איך וועל דיר זאָגן? אייגנטלעך קאָנען מיר זיך געבן די הענט... בלויז כדי צו ווייזן, אַז מיר זענען פריינט...

קאָרען האָט אָנגעכאַפּט זיין האַנט און זי אַרויסגעצויגן דורך דער אַנדערער זייט פון דער עפענונג.

— ניין! — האָט ער אויסגעשריען. — מען דאַרף נישט...

ער האָט אָבער קיין כוח נישט געהאַט אַרויסצונעמען צוריק זיין האַנט פון אירע הענט.

קארען האָט אָנגעהויבן צו קושן זיין האַנט, האָט זי צוגע־דריקט צו אירע ליפּן און באַקן און ער האָט געפילט, ווי זיין האַנט ווערט נאַס פון טרערן. קארען איז אַוועקגעגאַנ־גען. די טיר פון דער צעלע האָט זיך פארמאכט היגטער דבן מיט א שטאַרקן געררויש און ער האָט זיך אנידערגעוואָרפן אויף דער פּריטשע. ער האָט נאָך קיינמאָל אין זיין לעבן נישט געוויינט, אָבער איצט האָט ער מער נישט געקאָנט אַיינהאַלטן די טרערן און אויסדרייענדיק זיך צו דער וואַנט, כדי דער וועכטער און עקיבא זאָלן נישט זען זיין פנים, האָט ער צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן זיך פאַנאַדערגעוויינט, פון טיפן האַרצן.

ברק בן־כנען איז געווען איינער פון די ישוב־מנהיגים, וועלכע האָבן באַגלייט די אונ״א־קאָמיסיע אויף איר רייזע איבער ארץ־ישראל. די יידן האָבן מיט שטאָלץ אָנגעוויזן אויף זייערע דערגרייכונגען אין לאַנד. די אונא־דעלעגאַטן זענען געווען שטאַרק באַאיינדרוקט פונעם אונטערשייד צווישן די יידישע און אַראַבישע ישובים. נאָכדעם ווי די קאָמיסיע האָט פאַרענדיקט איר רייזע איבערן לאַנד האָט זיך אָנגעהויבן די אָפיציעלע אויספאָרשונג, בעת וועלכער ביידע צדדים האָבן געקאָנט ברענגען זייערע טענות.

בן־גוריון, ווייצמאַן, ברק בן־כנען און אַנדערע מנהיגים האָבן אויף אַ זייער איבערצייגנדן אופן אַרויסגעבראַכט די ישראל־פאָדערונגען פון מאָראַלישן און רעכטלעכן שטאַנדפונקט. דאַקעגן האָבן די אַראַבער אונטערן איינפלוס פון די כוסייניס, דורכגעפירט שטורמישע דעמאָנסטראַציעס קעגן דער אונ״א־קאָמיסיע. זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט ארייַנצולאָזן די קאָמיסיע־מיטגלידער אין די אַראַבישע דערפער כדי די אונאָ־פאָרשטייער זאָלן נישט זען די פרימיטיווע און שוידערלעכע לעבנס־באַדינגונגען, וואָס האָבן דאָרטן געהערשט. ווען די אונ״א־קאָמיסיע איז צוגעטראָטן צו די פּראַקטישע פאַרהאַנדלונגען, האָבן די אַראַבער באַשלאָסן צו באָיקאָטירן איר טעטיקייט.

פאַר די מיטגלידער פון דער אונ״א־קאָמיסיע איז שנעל קלאָר געוואָרן, אַז מען וועט נישט קאָנען דערגרייכן קיין קאָמפּראָמיס ביים לייזן דאָס ארץ־ישראל־פּראָבלעם. פון געזעצלעכן שטאַנדפונקט וואָלט די אונ״א געמוזט געבן גערעכט די יידן. פון דער אנדערער זייט האָט מען זיך אָבער אויך געמוזט רעכענען מיט די אַראַבישע דראָאונגען.

די יידן האָבן פאָרגעלייגט אַ פשרה־פאָרשלאַג, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין געדאנק צו צעטיילן דאָס לאנד.

ווען די קאָמיסיע האָט פאַרענדיקט איר אויספאָרשונג אין ארץ־ישראל האָט זי געזאָלט אָפּפאָרן קיין זשענעווע, כדי דאָרטן צו אַנאַליזירן דעם צונויפגעזאַמלטן מאַטעריאַל. אין דער זעלבער צייט האָט אַ סוב־קאָמיסיע פון אונ״אָ גע־פאָרשט דאָס פּראָבלעם פון די פּליטים־לאַגערן אין אייראָפּע, אין וועלכע עס האָבן זיך נאָך צו יענער צייט געפונען איבער אַ פערטל מיליאָן יידן. נאָך אירע אויספאָרשונגען האָט די דאָזיקע קאָמיסיע געדאַרפט איבערגעבן אירע רע־קאָמענדאַציעס צו דער גענעראַל־פאַרזאַמלונג פון אונ״אָ. און ווידער האָט ברק בן־כנען באַקומען דעם אויפטראַג ארויס־צופאָרן קיין זשענעווע און פאָרזעצן דאָרטן זיין טעטיקייט אַלס ראטגעבער.

עטלעכע טעג פאַרן אָפּפאָר קיין זשענעווע האָט ברק בן־כנען זיך צוריקגעקערט קיין יד־אל, כדי צו זיין אַ קורצע צייט אין שטוב, ביי שרהן, וועלכע האָט זיך נאָך אַלץ נישט געקאָנט צוגעוווינען צו זיינע אָפטע רייזעס אין אויסלאַנד. זי האָט אויך נישט שלום געמאַכט מיטן געדאנק, אַז אירע קינדער, ירדנה און ארי, מוזן זיך שטענדיק געפינען אוי־סער דער היים.

ארי און דוד בן־עמי זענען געווען אין קיבוץ עין־אור, נישט ווייט פון יד־אל, ווו ס׳האָט זיך געפונען דער הויפּט־שטאַב פון פלמ״ח פאַרן חולה־געביט. איידער ברק בן־כנען איז אַוועקגעפאָרן קיין זשענעווע, זענען צו דער גע־זעגענונג אראָפּגעקומען ארי און דוד בן־עמי, ווי אויך ירדנה פון גן־דפנה.

ברק איז דעם גאנצן אָוונט געזעסן א פארזונקענער אין

מחשבות. ער האָט כמעט גאָרנישט גערעדט און די שטי־מונג ביי אלעמען איז געווען א געדריקטע.

——האָסט זיכער געהערט, אז מיסיס פרעמאַנט פאַרלאָזט דאָס לאַנד — האָט ירדנה זיך אָפּגערופן נאָכן עסן.

— ניין, איך האָב נישט געהערט וועגן דעם — האָט ארי געענטפערט, אויסבאַהאַלטנדיק מיט מי זיין פאַרלעגנהייט.

— יאָ, זי פאָרט אַוועק. זי האָט שוין מיטגעטיילט וועגן איר רייזע דעם ד״ר ליבערמאַן. זי נעמט מיט זיך קארען קלע־מענט. איך האָב געוווסט, אַז זי וועט אַנטלויפן ביי די ער־שטע שוועריקייטן.

— פאַרוואָס טאָר זי נישט אַוועקפאָרן? — האָט ארי געזאָגט. — זי איז אַן אַמעריקאַנערין און זי איז געקומען קיין ארץ־ישראל בלויז צוליבן מיידל.

— זי האָט זיך קיינמאָל נישט אינטערעסירט מיט אונ־דזערע ענינים — האָט ירדנה בייסיק אויסגערופן.

— דאָס איז שוין נישט ריכטיק! — האָט דוד זיך אַריינ־געמישט.

— און דו פאַרטיידיקסט זי שטענדיק — האָט ירדנה געזאָגט.

— זי איז אַ וווּנדערבאַרע פרוי און איך האָב זי ליב — האָט שרה בן־כנען זיך אָפּגערופן. — זי איז אָפט געקומען קיין ידי־אל און האָט מיך באַזוכט. זי איז געווען זייער גוט צו די קינדער און די קינדער האָבן זי ליב.

— עס איז בעסער, אַז זי זאָל אַוועקפאָרן — האָט ירדנה זיך פאַרעקשנט. — עס איז אַ שאַנדע, וואָס זי נעמט מיט זיך דאָס מיידל, אָבער זי האָט קאַרען אַזוי צעפּיעשטשעט, אַז מען ווייסט שוין נישט צי זי איז אַ יידיש מיידל.

ארי איז אויפגעשטאַנען און אַרויס פון שטוב.

— וואָס ווילסטו פון אים? — האָט שרה געזאָגט מיט כעס. — דו ווייסט דאָך, וואָס ער פילט צו איר. זי איז זייער אַ גוטע פרוי.

— עס איז גוט, וואָס ער ווערט שוין פטור פון איר.

— און ווער ביסטו, וואָס דו נעמסט זיך אונטער אַרויס־צוטראָגן אַן אורטייל וועגן געפילן פון אַ מאַן? — האָט ברק זיך אָפּגערופן.

דוד האָט אָנגענומען ירדנהן פאַר אַ האַנט.

— דו האָסט צוגעזאָגט, אַז מיר וועלן היינט אַרויספאָרן אויף אַ שפּאַציר — האָט ער געזאָגט.

— איך דו שטייסט אויף איר זייט, דוד...

— איך האָב זי גערן, די קיטי פּרעמאַנט. קום, לאָמיר אַביסל רייטן.

ירדנה איז לאַנגזאַם אַרויס פון צימער און דוד איז איר נאָכגעגאַנגען.

— זאָלן זיי גיין, שרה — האָט ברק געזאָגט. — דוד וועט זי באַרואיקן. איך האָב מורא, אַז אונדזער טאָכטער איז אייפערזיכטיק אויף מיסיס פּרעמאַנט, און זי האָט אַ גרונט צו דעם. עס וועט קומען דער טאָג און אויך אונדזערע מיידלעך וועלן האָבן צייט אויף דעם, אַז זיי זאָלן זיך פילן ווי פרויען.

ברק האָט אָנגעהויבן צו מישן זיין טיי און שרה האָט זיך אָוועקגעשטעלט הינטער אים, אַרויפלייגנדיק איר באַק אויף זיינע געדיכטע רויטע האָר.

— ברק — האָט זי זיך אָפּגערופן. — דו מוזט מאַכן אַ סוף צו דעם. מוזט רעדן מיט דיין ברודער, אַנישט קאָנסטו נאָך באַדויערן די זאַך ביזן טויט.

ברק האָט אַ גלעט געטאָן זיין פרוי איבער דער האַנט, אָבער ער האָט גאָרנישט געענטפערט. צום סוף איז ער אויפֿגעשטאַנען און געזאָגט:

— איך וועל אַרויסגיין זען, ווו ארי איז.

ארי איז געשטאַנען נעבן דעם אויבסט־גאָרטן און אַרויפֿגעקוקט צו די בערג, וווּ עס איז געלעגן גן־דפנה.

ברק איז צוגעקומען צו אים און געפרעגט:

— צי איז זי דיר טאַקע אַזוי טייער, מיין זון?

ארי האָט אַ צוק־געטאָן מיט די אַקסלען.

— איך אַליין האָב זי אויך ליב — האָט ברק געזאָגט.

— וואָס איז די נפקא־מינה? זי קומט פון אַן אַנדער וועלט און זי קערט זיך אום צוריק אַהין.

ברק האָט גענומען אריין אונטערן אָרעם און זיי זענען ביידע אַוועק איבער די פעלדער צום אָרט, וווּ דער ירדן איז געפלאָסן. זיי האָבן געזען ווי ירדנה און דוד זענען אַוועקגעריטן אויף די פערד און האָבן געהערט זייער הילכיקן און פריידיקן געלעכטער.

— דו זעסט? — האָט ברק געזאָגט. — ירדנה האָט שוין פאַרגעסן וועגן מיסיס פרעמאַנט. און ווי זעט דאָס אויס מיטן פלמ״ח אין עין־אור?

— ווי שטענדיק, פאָטער. הערלעכע ייִנגלעך און מיידלעך. אָבער זיי זענען אַ קליין הייפל און מיר האָבן צו ווייניק געווער. מיר קאָנען נישט האָפן אויף געווינען אַ מלחמה קעגן זיבן אַרמייען.

אויף די פעלדער האָבן זיך אָנגעהויבן דרייען די וואַסער־שפּריצערס און די זון איז פאַרגאַנגען הינטער די לבנונישע בערג. דער פאָטער און זיין זון זענען לאַנג געשטאַנען אויפן באָדן, וואָס האָט געהערט צו זיי. ביידע האָבן אין געדאַנק

זיך געשטעלט די זעלבע פראַגע, צי עס וועט קומען אַמאָל די צייט און מען וועט נישט דאַרפן טראַכטן וועגן עפּעס אַנדערש, ווי נאָר וועגן אויסבעסערן דעם פּלויט אָדער וועגן אויפאַקערן די ערד.

— לאָמיר גיין אַהיים — האָט ברק געזאָגט. — די מאַמע איז אַליין אין שטוב.

ארי האָט אָנגעהויבן צו גיין, אָבער אין דער זעלבער רגע האָט ער דערפילט די שווערע האַנט פון זיין פאָטער אויפן אַקסל. ער האָט זיך אויסגעדרייט און געזען ווי ברק שטייט אַ פאַרטראַכטער מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ.

— אין צוויי טעג אַרום פאָר איך אַוועק קיין זשענעווע — האָט ברק זיך אָפּגערופן. — איך פאָר אַהין מיט אַזאַ שווערן געמיט, ווי נאָך קיינמאָל נישט. אין משך פון פופצן יאָר האָט איין מענטש געפעלט ביי אונדזער טיש. איך בין געווען פאַר־ עקשנט און גאווהדיק, אָבער איך האָב באַצאָלט פאַר דער דאָזיקער גאַווה מיט גרויסעליידן. ארי, מיין זון, דערלאָז נישט צו דעם, אַז מיין ברודער עקיבא זאָל אויפגעהאָנגען ווערן אויף אַן ענגלישער תליה...

## קאַפּיטל 16

ערב דעם אָפּפאָר פון דער אונ״אָ־קאָמיסיע האָט אין ירו־שלים געקאָכט ווי אין אַ קעסל. אין אַראַבישן ווין־קוואַרטאַל איז דער המון אויפגעהעצט געוואָרן דורך כוסייניס מענטשן. די באַזונדערע שטאָט־טיילן זענען אָפּגעצוימט געוואָרן מיט שטעכל־דראָט, נעבן וועלכע עס זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן ענגלישע וואַך־פּאָסטנס מיט מאַשין־געווער.

ארי בן־כנען האָט זיך געשלייכט איבער די גאַסן פון ירושלים זוכנדיק אין אַלע אים באַקאַנטע ערטער בר־ישׂראלן, דעם פאַרבינדונגס־מאַן פון די „מכבים״. עס האָט געשיינט ווי בר־ישׂראל וואָלט פאַרשווּנדן געוואָרן פון דער אויבער־פלאַך און מען קאָן אים מער נישט אָפּגעפינען. זינט עקיבא און דער קליינער גיורא זענען אַרעסטירט געוואָרן, איז דער קאָנטאַקט צווישן די „מכבים״ און דער „הגנה״ איבערגעריסן געוואָרן. ארין איז אָבער ענדלעך געלונגען פעסטצושטעלן, אַז בן־משה געפינט זיך אין אַ באַהעלטעניש אין שכונת קטמון.

ארי איז אָן צערמאָניעס אריין אין צימער. ער האָט אפילו נישט אָנגעקלאַפּט אין טיר. בר־ישׂראל איז געזעסן און גע־שפּילט אין שאך. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אָנגעקוקט ארין און דאַן ווידער זיך פאַרטיפט אין שפּיל.

— לאָז אונדז איבער אַליין! — האָט ארי זיך אָגערופן צום צווייטן שפּילער. ער האָט אַרויסגעשטופּט דעם בחור פון צימער און פאַרמאַכט הינטער אים די טיר.

— דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב אייך געזוכט — האָט ארי געזאָגט.

בר־ישראל האָט אַ צוק געטאָן מיט די אַקסלען און פאַרוי־כערט רואיק אַ פּאַפּיראָס.

— געוויס האָב איך געוווסט — האָט בר־ישראל געזאָגט.

— דו האָסט איבערגעלאָזן אין ירושלים פּופּציק ליבעס־ברי־וועלעך.

— פאַרוואָס האָסטו זיך נישט געשטעלט מיט מיר אין פאַרבינדונג? איך בין שוין פיר און צוואנציק שעה אין ירו־שלים.

— גענוג מיט דער דראַמאַטישער הקדמה. וואָס ווילסטו?

— האָט בר־ישראל געפרעגט.

— ברענג מיך צו בן־משה.

בר־ישראל האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— מיר שפּילן זיך נישט מער מיט אייך — האָט ער אויס־גערופן. — מיר ווילן נישט, אַז די „הגנה״־קאָמאַנדירן זאָלן וויסן ווו אונדזער הויפּט־שטאָב געפינט זיך.

— דו רעדסט נישט מיט קיין קאָמאַנדיר פון „הגנה״. דו רעדסט מיט ארי בן־כנען, עקיבאס א ברודער־זון.

— ארי, איך פערזענלעך געטרוי דיר, אָבער באַפעל איז באַפעל.

— ארי האָט מיטן גאַנצן כוח אַ הויב געטאָן בר־ישראלן פון שטול, צעוואַרפנדיק די שאַך־פיגורן אויף דער פּאָדלאָגע. ער האָט אָנגעכאַפּט דעם קליינעם מאַן פאַר די אַקסלען און אים אָנגעהויבן צו טרייסלען ווי אַ ליידיקן זאַק.

— וועסט מיך תיכף אָפּפירן צו בן־משה, אנישט דריי איך דיר אָפּ דעם קאָפּ! — האָט ארי ווילד געשריען.

בן־משה איז געזעסן ביי אַ שרייב־טיש אין הויפּט־שטאַב פון די „מכבים", וואָס האָט זיך געפונען אין גריכישן ווין־קוואַרטאַל. נעבן אים איז געשטאַנען נחום בן־עמי.ביידע האָבן מיט כעס געקוקט אויף בר־ישראל און ארי בן־כנען.

— מיר קענען דאָך אַלע ארין — האָט בר־ישראל זיך אָפּגערופן מיט אַ ציטערנדיקער שטימע. אויף זיין שטערן זענען אַרויסגעטראָטן קליינע שוויס־טראָפּנס.

— אַרויס פון דאַנען — האָט בן־משה ווילד אַ געשריי געטאָן. — מיר וועלן נאָך רעדן מיט דיר.

בר־ישראל איז שנעל אַרויסגעלאָפן פון צימער.

— און איצט, בן־כנען, אַז דו ביסט שוין דאָ, זאָג וואָס דו ווילסט — האָט בן־משה זיך געווענדעט צו ארין.

— איך וויל וויסן וואָס איר האָט בדעה צו טאָן אין שייכות מיט עקיבא און דב לאַנדאַו — האָט ארי געזאָגט.

— וואָס מיר האָבן בדעה צו טאָן? גאָרנישט! וואָס קאָנען מיר שוין טאָן.

— דו זאָגסט אַ ליגן! — האָט ארי אויסגעשריען.

— אויב מיר האָבן אפילו יאָ בדעה עטוואָס צו טאָן, גייט דאָס דיר נישט אָן — האָט נחום בן־עמי זיך אָפּגערופן.

ארי האָט אַ זעץ־געטאָן מיט דער פויסט איבערן טיש מיט אַזאַ כוח, אַז דאָס האָלץ האָט געפּלאַצט.

— מיר גייט דאָס יאָ אָן! עקיבא איז מיין פעטער!

בן־משה איז געבליבן קאַלט, ווי פריער.

— מיט פאַרעטער ווילן מיר מער נישט מיטאַרבעטן! — האָט ער זיך אָפּגערופן.

ארי האָט זיך אַריבערגעבויגן איבערן שרייב־טיש און אויסגעשריען:

— איך פיל אַן עקל צו דיר, בן־משה, און אויך צו דיר,

בן־עמי. אָבער איך וועל פון דאַנען נישט אַוועקגיין כל־זמן איך וועל נישט וויסן וואָס איר פּלאַנירט אין שייכות מיט די אַרעסטירטע.

— איך זע, אַז דו ווילסט מען זאָל דיר אַריינלאָזן אַ קויל אין קאָפּ — האָט נחום בן־עמי אויסגעשריען.

— פאַרמאַך דאָס מויל, נחום, אַנישט וועל איך דיר צעברעכן די ביינער — האָט ארי צוריקגעשריען.

בן־משה האָט אויסגעטאָן זיינע ברילן, אויסגעווישט די גלעזער און זיי צוריק אָנגעטאָן.

— ארי, דו קאָנסט זייער אָנגענעם איבערצייגן — האָט בן־משה זיך אָפּגערופן. — איך וועל דיר אַלזאָ זאָגן, אַז מיר האָבן בדעה צו אָרגאַניזירן אַן איבערפאַל אויף דער תפיסה אין עכו און צו באפרייען עקיבאן מיטן קליינעם גיורא.

— דאָס איז אייגנטלעך, וואָס איך האָב געטראַכט — האָט ארי געזאָגט אַביסל באַרואיקט. — און ווען ווילט איר דורכפירן די אַקציע?

— איבערמאָרגן.

— איך גיי מיט אייך!

נחום האָט געוואָלט פּראָטעסטירן, אָבער בן־משה האָט מיט אַ זשעסט פון דער האַנט אים באַפוילן צו שווייגן.

— גיב מיר דיין וואָרט, אַז די „הגנה" ווייסט נישט וועגן דעם, אַז דו ביסט איצט ביי אונדז.

— איך גיב דיר מיין וואָרט.

— איך גלויב אים נישט! — האָט נחום אויסגערופן.

— איך גלויב אין וואָרט פון ארי בן־כנען.

— און מיר געפעלט נישט די גאַנצע זאַך — האָט נחום זיך איינגעשפּאַרט.

פערט רואיק, און ווענדנדיק זיך צו ארין האָט ער געזאָגט:

— דו גיסט זיך זיכער אָפּ אַ רעכענונג דערפון, וואָס די אַקציע באַדייט. מיר האָבן מאָביליזירט אַלע כוחות, וואָס שטייען צו אונדזער דיספּאָזיציע. דו ביסט דאָך געזעסן אין דער תפיסה פון עכו און דו ווייסט, וואָס דאָס איז פאַר אַ זאַך. אויב די אקציע וועט אונדז געלונגען, וועלן מיר צעברעכן דעם רוקן־ביין פון די ענגלענדער.

— עכו איז אַ ריין אַראַבישע שטאָט — האָט ארי זיך אָפּגערופן. — די תפיסה איז אַ פעסטונג, ווייז מיר דײַנע פּלענער.

בן־משה האָט געעפנט דעם שופלאָד פון טיש און ארויס־געשלעפט פון דאָרטן אַ הויפן פּאַפּירן. דאָס גאַנצע געביט פון עכו איז געווען אויפגעצייכנט ביז די קלענסטע פרטים: דער פלאַן פון שטאָט, די צופאָר־שאָסייען, די וואַך־פּאָסטנס, דער געווער־אַרסענאַל און די וועגן, אויף וועלכע מען האָט געדאַרפט אַנטלויפן. דער פלאַן פון תפיסה, אויף וויפל ארי האָט עס געקאָנט פעסטשטעלן, איז געווען זייער אַ גענויער. משמעות האָבן אים געמאַכט מענטשן, וואָס זענען שוין דאָרט געזעסן. ארי האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט די איינצלהייטן פון אָנגריפס־פלאַן. אַלץ איז פאָרויסגעזען גע־וואָרן מיט אַ וווּנדערבאַרער גענויקייט: גרויסע אויפרייסן, האַנט־גראַנאַטן און מינעס פון אייגענער אויסאַרבעטונג און דער קאַמף מיט די וועכטער.

— וואָס איז דײַן מיינונג, ארי? — האָט בן־משה גע־פרעגט.

— אַלץ איז דאָ בסדר, אָבער איין זאַך הינקט אונטער. איך זע, ווי אַזוי איר האָט בדעה זיך אַרײַנצורייסן אינע־

ווייניק און אַרויסנעמען די אַרעסטירטע פון די קאַמערן, אָבער דאָס אַרויסבאַקומען זיך פון עכו וועט נישט געלינגען.

— מיר גיבן זיך אָפּ אַ רעכענונג דערפון, אַז די אויס־זיכטן אויף אַנטלויפן פון עכו זענען זייער קליינע — האָט בן־משה געזאָגט.

— די אויסזיכטן זענען נישט קיין קליינע, נאָר זיי עק־זיסטירן איבערהויפּט נישט.

— איך ווייס שוין, וואָס ער וויל פאָרלייגן — האָט נחום בן־עמי זיך אָפּגערופן. — ער וויל, אַז מיר זאָלן צוזאַמענ־אַרבעטן מיט דער „הגנה" און מיט די קיבוצים.

— דאָס איז עס טאַקע, וואָס איך וויל פאָרלייגן — האָט ארי געזאָגט. — אויב איר וועט דאָס נישט טאָן, וועט איר בלויז פאַרגרעסערן די רייען פון די מאַרטירער. הער אויס, בן־משה, סוף כל סוף ביסטו דאָך נישט קיין נאַר, וואָס וויל דורכאויס שטאַרבן מיט אַ העלדן־טויט. אַזוי ווי איר האָט די זאַך פּלאַנירט עקזיסטירט אַ שאַנס פון בלויז צוויי פּראָצענט. אויב דו וועסט מיר דערלויבן אויסצובעסערן די פּלענער, וועלן די שאַנסן שטייגן העלפט אויף העלפט.

— זיי פאָרזיכטיק, בן־משה — האָט נחום זיך אַריינ־געמישט — ער רעדט מיר צו גלאַטיק.

— רעד ווייטער, ארי — האָט בן־משה געזאָגט.

ארי האָט אויסגעשפּרייט דעם אָנגריפס־פּלאַן אויפן טיש.

— איך לייג פאָר — האָט ער געזאָגט — אַז איר זאָלט פאַרלענגערן דעם אויפהאַלט אין תפיסה מיט נאָך פופצן מינוט. די דאָזיקע צייט וועלן מיר אויסנוצן, כדי צו באַ־פרייען אַלע אַרעסטירטע, וואָס געפינען זיך דאָרטן. די באַפרייטע אַרעסטאַנטן וועלן זיך צעלויפן אין צוואַנציק פאַרשידענע ריכטונגען און די ענגלענדער, וועלכע וועלן

נאָכיאָגן נאָך זיי אין אַזוי [illegible]
צעפּיצלט ווערן און זייער כוח וועט זיין אַ סך שוואַכער.
בן־משה האָט צוגעשטימט מיט אַ שאָקל פון קאָפּ.

— אויך אונדזערע מענטשן דאַרפן זיך צעטיילן אין קליינע גרופּן און יעדע איינע פון זיי דאַרף אַנטלויפן פון עכו דורך פאַרשידענע וועגן. איך וועל נעמען מיט זיך עקיבאן און דו וועסט נעמען דאָס יינגל.

— ווייטער — האָט נחום בן־עמי געזאָגט, עס איז פאַר אים קלאָר געוואָרן, אַז אריס פאַרשלאָגן האָבן הענט און פיס.

— איך וועל זיך באַמיען דורכצוברעכן אַ וועג קיין כפר־מאסאריק. דאָרטן וועל איך טוישן דעם אויטאָ און זיך אַריינזעצן אין אַ צווייטן, כדי זיך אַרויסצודרייען פון די פאַרפאָלגער און פאָרן דורך זייטיקע וועגן צום הר־הכרמל, דרומדיק פון חיפה. איך האָב פריינט אין דרוזישן דאָרף דליית אל־כרמל. די ענגלענדער וועט אפילו נישט איינפאַלן צו קומען אהין זוכן דעם פאַרשווונדענעם.

— דאָס איז נישט קיין שלעכטער געדאַנק — האָט נחום געזאָגט. — אויף די דרוזן קאָן מען זיך פאַרלאָזן... א סך מער ווי אויף געוויסע יידן, וועלכע איך קען...

ארי האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק די דאָזיקע באַליידיקונג און ער האָט גערעדט ווייטער.

— די צווייטע גרופּע, וואָס וועט מיטנעמען מיט זיך דבֿ לאַנדאו, וועט פאָרן לענג־אויס דעם ים־ברעג קיין נהריה און דאָרטן וועט זי זיך צעטיילן אויף קלענערע גרופּן. איך קאָן דאָרטן געפינען אַ באַהעלטעניש פאַר אים אין אַ האַלבן טוץ קיבוצים. איך לייג פאָר מען זאָל אים אָפּפירן אין קיבוץ „המשמר”, ביי דער לבנונישער גרענעץ. איך בין דאָרטן געווען ווען דער קיבוץ איז געגרינדעט געוואָרן.

אין [illegible] זיך
אַ סך היילן. דיין ברודער, ד
דאָרטן געווען מיט מיר בעתן צווייטן וועלט־קריג. אין משך פון א סך יאָרן האָבן זיך דאָרטן אויסבאַהאַלטן אונדזערע טוער. דב לאַנדאו וועט דאָרטן זיין פולשטענדיק זיכער.

בן־משה איז געזעסן אומבאַוועגלעך, ווי אַ סטאַטוע, און אַריינגעקוקט אין זיינע פלענער. עס איז געווען קלאָר פאַר אים, אַז אַן דער דאָזיקער הילף וועט זיין גאַנצער פּלאַן אויסזען ווי אַ שליחות צו אַ דראַמאַטישן זעלבסטמאָרד. מיט אריס הילף איז יעדנפאַלס געווען אַ געוויסע מעג־לעכקייט צו רעאַליזירן דעם פּלאַן. צי זאָל ער אָבער ריזי־קירן און מיטאַרבעטן מיט דער „הגנה״?

— רעד ווייטער, ארי... צייכן אָן די וועגן אויף וועלכע מיר וועלן דאַרפן אַנטלויפן. איך האָב צוטרוי צו דיר נאָר דערפאַר, ווייל דיין נאָמען איז בן־כנען.

פיר טעג זענען פאַרבליבן צו דער „באַשטימטער שעה״ פון דער אַקציע.

פיר טעג האָבן אָפּגעטיילט עקיבאן און דב לאנדאו פון דער תליה. די אויספאָרשונגס־קאָמיסיע פון אונ״אָ איז אָפּ־געפלויגן פון לוד קיין זשענעווע. איבער ארץ־ישראל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ געשפּאַנטע שטילקייט, ווי פאַר אַ שטורעם. די אַראַבער האָבן אָפּגעשטעלט זייערע דעמאָנ־סטראַציעס. אויך די „מכבים״ האָבן איבערגעריסן זייערע אַקציעס. ירושלים האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מיליטערישן לאַגער, און וועלכן עס האָט געווימלט מיט בריטישע פאַ־ליציסטן, איבערגעטוענע אין ציווילער קליידונג.

דריי טעג צו דער „באַשטימטער שעה״ פון דער אַקציע. עקיבא און דב לאנדאו האָבן אָפּגעוואָרפן די לעצטע ווענדונג פון ענגלישן פּרעמיער, זיי זאָלן אונטערשרייבן די ביטע וועגן באַגנעדיקונג.

די „באַשטימטע שעה״ האָט זיך דערנענטערט.

דאָס איז געווען אַ מאַרק־טאָג אין עכו. שוין פון פאַר־טאָג האָבן אָנגעהויבן צו שטראָמען אין שטאָט אַראַבער פון צוואַנציק דערפער אין גליל און עס האָט לאַנג נישט געדויערט, ווי דער גאַנצער מאַרק־פּלאַץ איז פאַרפולט גע־וואָרן מיט וועגעלעך, אייזלען און פּראָדוקטן.

יידן פון די מזרחדיקע און צפון־אפריקאַנישע לענדער, מיטגלידער פון די „מכבים״, האָבן זיך איבערגעטאָן אַלס אַראַבער און זיך אויסגעמישט מיט די טויזנטער מענטשן, וואָס האָבן געשטראָמט צום מאַרק. אַלע בחורים און מייד־לעך האָבן אין זייערע לאַנגע בגדים געהאַט פאַרשטעקט אויפרייס־מאַטעריאַלן, גראַנאַטן, דינאַמיט־שנורן און לייכט־געווער.

עלף אַזייגער. אין צוויי שעה אַרום דאַרף זיך אָנהויבן די אַקציע. איבער די גאַסן פון עכו דרייען זיך אַרום צוויי הונדערט און פופציק בחורים, און פופציק מיידלעך פון די „מכבים״, איבערגעטוענע אַלס אַראַבער.

עלף אַזייגער מיט פופצן מינוט. אין א שעה מיט פינף און פערציק מינוט ארום וועט זיך אָנהויבן די אקציע. אין דער תפיסה טוישט זיך די וואַך. פיר פון די וועכטער, וועלכע

האָבן צוגעזאָגט הילף די „מכבים״, גרייטן זיך צו דער אַקציע.

האַלב צוועלף אזייגער. נאָך אנדערטהאַלבן שעה ביז צו דער אַקציע.

הינטער עכו, אויף נאַפּאָלעאָנס בערגל, האָט זיך פאַר־זאַמלט אַ צווייטע גרופּע פון די „מכבים״.

דריי לאַסט־אויטאָס מיט מענטשן, וואָס זענען געווען אָנגעטאָן אין ענגלישע מונדירן, זענען אַריינגעפאָרן אין עכו און זיך פאַרהאַלטן נעבן מאַלא, נישט ווייט פון דער תפיסה. די „סאָלדאַטן״ האָבן זיך אין קליינע גרופּן געלאָזט שפּאַצירן איבער די גאַסן, ווי זיי וואָלטן זיך געפונען אויף אורלויב. אין דער געגנט האָבן זיך ארומגעדרייט אַזוי פיל ענגלישע סאָלדאַטן, אַז די דאָזיקע הונדערט צוגעקומענע זעלנער האָבן זיך לגמרי נישט געוואָרפן אין די אויגן.

צוועלף אזייגער. נאָך איין שעה איז געבליבן ביז צו דער אַקציע.

ארי בן־כנען, אָנגעטאָן אין מונדיר פון אַן ענגלישן מאַיאָר, איז געקומען צופאָרן אין אַ מיליטערישן דינסט־אויטאָ. דער שאָפער האָט אָוועקגעשטעלט דעם אויטאָ ביים מערבדיקן טייל פון תפיסה. ארי אליין איז אוועק צופוס צום צפון־טייל פון מאַלא. ער איז שטיין געבליבן ביי אַן אַלטן פאַר־זשאַווערטן האַרמאַט פון די טערקישע צייטן און פאַרויכערט אַ סיגאַרעט.

פינף מינוט נאָך צוועלף. נאָך פינף און פופציק מינוט ביז צו דער „באַשטימטער שעה״.

די קרעמער אין עכו האָבן אָנגעהויבן צו פאַרמאַכן זייערע געוועלבער אויף אַ צוויי־־שעהדיקן מיטיק־איבערייס. עס איז

געוואָרן זייער הייס. די אַראַבער, וואָס זענען געזעסן אין די קאַפע־הייזער האָבן שווער געסאַפּעט און די ענגלישע זעל־נער האָבן זיך מידע ארומגעדרייט איבער די גאַסן אין דער שטיקנדיקער היץ.

צוועלף אַזייגער מיט צען מינוט. נאָך פופציק מינוט ביז צו דער „באַשטימטער שעה".

אַ מוסולמענישער מועזין האָט אַרויפגעקלעטערט אויף די טרעפּ פון מעטשעט. זיין שטימע האָט זיך צעטראָגן אין דער שטילקייט איבער דער גאַנצער שטאָט. די אַראַבער האָבן זיך פאַרזאַמלט נעבן מעטשעט און דאָרטן אַנידערקניט צו דער תפילה.

צוועלף אזייגער מיט צוועלף מינוט. נאָך אַכט און פערציק מינוט צו דער „באַשטימטער שעה".

די „מכבים" האָבן אָנגעהויבן צו גיין אין דער ריכטונג פון די טרעף־פונקטן. צו צוויי און צו דריי פערזאָן האָבן זיי זיך אומבאַמערקבאַר געשלייכט איבער די ענגע, שמוציקע געסלעך פון שטאָט.

די ערשטע גרופּע האָט זיך פאַרזאַמלט ביים קאַפע „אבו־קריסטאס". אַ צווייטע, גרעסערע גרופּע, האָט זיך פאַר־זאַמלט ביים מעטשעט. די מיטגלידער פון דער דאָזיקער גרופּע האָבן זיך אויך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני, ווי די ארומיקע אַראַבער. אַ דריטע גרופּע האָט זיך פאַרזאַמלט ביים „כאן", אַ גרויסער אָפענער פּלאַץ, וועלכער האָט זינט הונדערטער יאָרן געדינט אַלס אָפּרו־פּלאַץ פאַר די קאַראַוואַ־נען. דאָ האָבן זיך די „מכבים" אויסגעמישט מיט די אַראַבער, וועלכע זענען געקומען צום מאַרק און זענען דאָ געזעסן

אויף דער ערד, כדי זיך אויסצורוען. די פערטע גרופע האָט זיך געטראָפן אין פּאַרט, נעבן די פישער־שיפלעך. די פינפ־טע גרופע האָט זיך פאַרזאַמלט ביים מאלא.

אין דער זעלבער צייט האָבן די „מכבים", וואָס זענען געווען איבערגעטאָן אַלס ענגלישע זעלנער, אָנגעהויבן זיך צו באַוועגן צו זייערע פּאָזיציעס. זיי זענען אַרויף אויף די דעכער פון די הייזער פון וואַנען זיי האָבן געקאָנט אבסער־ווירן אַלע אַריינגענג און ארויסגענג פון דער תפיסה. די לעצטע גרופע פון די „מכבים" האָט פאַרנומען פּאָזיציעס הינטער דער שטאָט. זיי האָבן דאָרטן פארלייגט מינעס און זיך אויסגעשטעלט אויף די הויפּט־שאָסייען, באַוואָפנטע מיט מאַשין־געווער, כדי נישט צו דערלאָזן, אַז די עגלענדער זאָלן אראָפּברענגען פארשטאַרקונגען אין שטאָט.

פינף און פערציק מינוט נאָך צוועלף. בלויז פופצן מינוט איז פאַרבליבן צו דער „באַשטימטער שעה". די אָנגריפס־גרופע — צוויי הונדערט און פופציק יוגנטלעכע, וואָס זענען געווען איבערגעטאָן אַלס אַראַבער, האָט זיך פאָרמירט אין קלייניע אָפּטיילונגען און אַרומגערינגלט די תפיסה.

צום אָרט זענען אַראָפּגעקומען בן־משה און בן־עמי. ז האָבן קאָנטראָלירט די צוגרייטונגען. אַלץ איז דורכגעפיר געוואָרן לויטן פאָרויסבאַשטימטן פּלאַן.

ארי בן־כנען האָט פאַרלאָשן דעם סיגאַרעט און זיך לאָז געטאָן שנעל צום אָרט פון אָנגריף. דער אויטאָ איז גו פאָרן הינטער אים.

דער פּונקט, וואָס האָט געדארפט אָנגעגריפן ווערן א געווען „חמאם אלבאשה", אַ טערקישע באָד, וואָס איז אויי געבויט געוואָרן מיט אַן ערך הונדערט זעכציק יאָר צורי די באָד האָט זיך געפונען האַרט נעבן דרומדיקן טייל ר

דער תפיסה. הינטערן באַד האָט זיך געפונען אַ שמאָלער הויף, ווו די געסט פלעגן זיך אָפּברענען אויף דער זון. צום דאַך פון באַד האָט מען געקאָנט ארויפגיין דורך שמאָלע טרעפּ און פון דאָרטן איז שוין געווען לייכט זיך ארויפצובאַקומען אויפן תפיסה־מויער. בעתן אויסאַרבעטן דעם פּלאַן פון אָנגריף איז פאַר די „מכבים" קלאָר געוואָרן, אז די ענגלענדער קאָנען פון זייערע פּאָזיציעס אין דער תפיסה באַמערקן יעדע פאַרדעכטיקטע באַוועגונג — חוץ אין איין אָרט: נעבן באַד, ביי דער דרומדיקער מויער. זיי האָבן דעריבער אויסגעקליבן דאָס דאָזיקע אָרט אַלס אָנגריפס־פּונקט.

איינס אַזייגער — די „באַשטימטע שעה".

בן־מנשה, בן־כנען און בן־עמי האָבן טיף אָפּגעאָטעמט און געגעבן אַ צייכן. דער אָנגריף אויף דער תפיסה אין עכו האָט זיך אָנגעהויבן.

ארי בן־כנען איז געשטאַנען בראש פון אַ פופציק־פּערזאָניקער אָנגריפס־גרופּע. זיי האָבן זיך אַריינגעריסן אין באָד און זיך שנעל דורכגעבראָכן א וועג צום הינטערשטן הויף. די מענטשן פון זיין גרופּע האָבן געהאַט מיט זיך דעם אויפרייס־מאַטעריאַל.

די אַראַבער, וואָס האָבן זיך געפונען אין די שוויץ־קאַמערן פון באַד, האָבן צוערשט געקוקט דערשטוינטע אויף די יונגעלייט, וואָס האָבן זיך אַריינגעריסן אינעווייניק, אָבער אַ ווײַלע שפּעטער איז זיי באַפאַלן אַ פּאַנישע שרעק און זיי האָבן אָנגעהויבן זוכן א וועג צום אנטלויפן. אין דער זעלבער רגע האָט זיך אַריינגעריסן אין באַד אַ צווייטע גרופּע, וואָס האָט צוזאַמענגעיאָגט אַלע אַראַבער אין איין

צימער, כדי זיי זאָלן נישט אַרויסלויפן אינדרויסן און אַלאַר־מירן די וואַך.

בן־מנשה, וועלכער האָט זיך געפונען אין דרויסן, האָט באַקומען אַ מעלדונג, אַז ארי האָט זיך אַריינגעריסן אין הויף פון תפיסה און אז אלע אראבער זיצן פארשפאַרט אין באָד.

אריס מענטשן האָבן אינצווישנצייט אָנגעהויבן צו שטורמען די טרעפּ און צוקומענדיק צו דער דרומדיקער מויער פון תפיסה האָבן זיי דאָרטן אונטערגעלייגט דעם אויפרייס־מאַטעריאַל. די מיטגלידער פון דער גרופּע זענען שנעל אָפּגעטראָטן און זיך אויסגעצויגן פלאַך אויף דער ערד.

איינס אַזייגער מיט פופצן מינוט.

אַ באַטויבנדיקער אויפרייס האָט אויפגעטרייסלט די גאַנצע שטאָט. אַ האָגל פון שטיינער האָט זיך אַראָפּגעשאָטן איבער די גאַסן און עס האָט געדויערט פולע צוויי מינוט, ביז דער רויך איז זיך צעגאַנגען און די „מכבים״ האָבן דערזען אַ גרויסע עפענונג אין דער וואַנט פון תפיסה.

מיטן מאָמענט ווען עס האָט זיך דערהערט דער אויפרייס, זענען די פיר תפיסה־וועכטער, וואָס האָבן צוגעזאָגט הילף די „מכבים״, צוגעטראָטן אויסצופירן זייער אויפגאַבע. דער ערשטער האָט פאַרניכטעט מיט אַ האַנט־גראַנאַט די טעלעפאָנישע איינריכטונג און איבערגעריסן אַזוי ארום די פאַרבינדונג מיטן דרויסן. דער צווייטער האָט מיט א האנט־גראַנאַט פאַרניכטעט די עלעקטרישע איינריכטונג און צעשטערט די אַלאַרם־נעץ. דער דריטער האָט פאַרהאַלטן דעם תפיסה־דירעקטאָר און דער פערטער איז אַרויסגעלאָפן צום מויער, כדי צו ווייזן די „מכבים״ דעם וועג צו די קאַמערן.

אריס מענטשן זענען אריינגעדרונגען אין תפיסה. אַ העלפט פון דער גרופּע האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום געווער־

ארסענאַל. אין עטלעכע מינוט ארום זענען זיי אלע געווען באַוואָפנט ביז צו די ציין. די צווייטע העלפט האָט אַרומגע־רינגלט די וואַך־קאַמער, כדי נישט צו דערלאָזן, אַז די תפיסה־וועכטער זאָלן באַקומען פאַרשטאַרקונגען.

בן־משה, וועלכער האָט זיך געפונען אין דרויסן, האָט יעדע מינוט אַריינגעשיקט אין תפיסה אַ וויטערדיקע גרו־פע פון צען און צוואַנציק מאַן. יעדער איינע פון די דאָזיקע גרופּן האָט געהאט א באשטימטע אויפגאבע און די „מכבי"־מיטגלידער האָבן געגוי געוווסט וואָס פאַר אַן אָרט זיי דאַרפן אָנגרייפן. זיי האָבן געשטורעמט די קאָרידאָרן פון דער אַלטערטימלעכער געביידע, האָבן זיך דורכגעבראָכן אַ וועג מיט אויטאָמאַטן און האַנט־גראַנאַטן, באַזייטנדיק דערביי די ענגלישע וואַך־פּאָסטנס. זעקס מינוט נאָכן אויפרייסן די מויער האָט די גאַנצע תפיסה זיך געפונען אין די הענט פון די „מכבים".

מחוץ די תפיסה־מויערן האָבן אַנדערע גרופּן זיך גע־גרייט אָפּצושטויסן אַ קעגן־אָנגריף פון די ענגלענדער. די ענגלישע זעלנער און געהיים־אַגענטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין שטאָט, זענען געהאלטן געוואָרן אונטערן אויטאָמאַטן־פייער פון די „מכבים", וועלכע האָבן זיך באַ־פעסטיקט אויף די דעכער פון די הייזער.

ווען אלע צוויי הונדערט „מכבים" האָבן זיך שוין גע־פונען אינעווייניק אין תפיסה, האָבן זיי אָנגעהויבן אויפ־צועפענען די צעלעס און באַפרייען די אַרעסטירטע. די באַפרייטע אַרעסטאַנטן, יידן און אַראַבער, זענען ארויסגע־פירט געוואָרן אין דרויסן צו דער עפענונג אין מויער. פון דאָרטן זענען זיי זיך צעלאָפן אין אַלע זייטן דורך די גאַסן פון עכו.

ארי, וועלכער איז געשטאַנען בראש פון אַ פינף־פער־זאָניקער גרופּע, האָט געצוווּנגען דעם פאַרהאַלטענעם תפיסה־דירעקטאָר צו עפענען די טיר פון די צעלעס, אין וועלכע עס האָבן זיך געפונען די פאַראורטיילטע צום טויט. ווען דער דירעקטאָר האָט שוין אָנגעהויבן אויפצושליסן די טיר, האָבן די פיר וואַך־פּאָסטנס, וואָס זענען טאָג און נאַכט געשטאַנען ביי דער קאַמער, געעפנט אַ פייער אויף דער אייזערנע טיר. ארי האָט געגעבן זיינע באַגלייטער א צייכן זיי זאָלן זיך צוריקציען. דאַן האָט ער אַרויסגעצויגן אַ האַנט־גראַנאַט און איס וואָרף־געטאָן צו דער טיר, וועלכע איז אַרויסגעריסן געוואָרן פון די זאַוויאַסעס. ארי איז בליץ־שנעל אַריינגעלאָפן איבערוויינינק און א וואָרף־געטאָן אַ צווייטן גראַנאַט אין דער ריכטונג פון די וואַך־פּאָסטנס. די וועכטער זענען אין שרעק אַריינגעלאָפן אין דער היני־ריכטונגס־קאַמער.

אריס מענטשן זענען זיי נאָכגעלאָפן און אַנטוואָפנט. דאַן האָבן זיי געעפנט די טירן פון די צעלעס. עקיבא און דב לאַנדאו זענען שנעל אַרויסגעפירט געוואָרן פון תפיסה. איבערן דאַך פון דער באָד און דורך די שוויץ־קאַמערן זענען זיי ביידע אַרויסגעפירט געוואָרן אינדרויסן.

דב לאַנדאו איז אַרויפגעשטופּט געוואָרן אויף אַ לאַסט־אויטאָ אין וועלכן עס האָט זיך געפונען אַ גרופּע פון צוואַנציק „מכבים". בן־משה האָט געגעבן דעם שאָפער אַ צייכן אָפּצופאָרן און דער לאַסט־אויטאָ האָט זיך אין שנעלסטן טעמפּאָ אַ לאָז געטאָן אין דער ריכטונג פון נהריה. צוויי מינוטן שפּעטער איז אָנגעקומען דער ענגלישער דינסט־אויטאָ, אין וועלכן עס האָבן זיך אַריינגעזעצט עקיבא

און ארי. זיי זענען שנעל אָפּגעפאָרן אין אַ צווייטער ריכ־טונג.

בן־משה האָט געגעבן אַ צייכן די „מכבים" זיך צוריק־צוציען. די גאַנצע אַקציע האָט געדויערט צוויי און צוואַנ־ציק מינוט.

דער לאַסט־אויטאָ, אויף וועלכן עס האָט זיך געפונען דב לאַנדאו איז מיט אַ שנעלן טעמפּ געפאָרן לענג־אויס דעם ים־ברעג, אָבער די ענגלענדער, וועלכע האָבן אַנטדעקט דעם אויטאָ, האָבן אָנגעהויבן אַ געיעג נאָך אים. די בריטישע מאָטאָריזירטע קאָלאָנע האָט מיט איר צאָל זעלנער צענפאַך איבערגעשטיגן די צאָל פון די „מכבים". דער לאַסט־אויטאָ איז אָנגעקומען קיין נהריה, ווו ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. נחום בן־עמי איז אַנטלאָפן מיט דבן צום קיבוץ „המשמר", ביי דער לבנונישער גרענעץ, און דער רעשט פון די „מכבים", זיבעצן מענער און פרויען, האָבן פאַרנומען פּאָזיציעס אויפן וועג, כדי צו פאַרהינדערן דאָס געיעג פון די ענגלישע זעלנער. נחום בן־עמי האָט באַקומען אַ מעגלעכקייט צו ברענגען דבן אין זיכערקייט, אָבער אַלע זיבעצן יונגע מענטשן האָבן דערביי געפונען זייער טויט.

עקיבא און ארי זענען געזעסן אין ענגלישן דינסט־וואָגן. פון פאָרנט, נעבן שאָפער, איז געזעסן אַ באַוואָפנ־טער „מכבי"־מיטגליד. זיי האָבן זיך דערוווּסט פון עכו מיטן וועג, וואָס האָט געפירט צום קיבוץ כפר מאַסאַריק. ביי נאַפּאָלעאָנס בערגל האָט אַ „מכבי"־מיטגליד געגעבן אַ צייכן, אַז זיי זאָלן זיך אָפּשטעלן, ווייל דער וועג איז מינירט. די דאָזיקע גרופּע, וואָס האָט בלאָקירט דעם וועג, האָט אויפגעהאַלטן צוויי בריטישע קאָמפּאַניעס זעלנער, וועלכע האָבן זיך באַמיט דורכצורייסן קיין עכו.

ארי האָט זיך שנעל איבערלייגט און אָנגענומען אַ באַשלוס. ער האָט געפרעגט דעם שאָפער:

— צי וועלן מיר קאָנען פאָרן אין אַ זייט פון וועג, איבער די פעלדער, כדי זיך נישט אָנצוטרעפן מיט די ענגלענדער?

— איך וועל פרווון — האָט דער שאָפער געענטפערט.

זיי האָבן אָפּגעווייכט פון וועג און דער אויטאָ איז אַרויפגעפאָרן אויף די פּאַראַקערטע פעלדער. ער איז געפאָרן שנעל, שפרינגענדיק איבער די בערגלעך און פאַרהאַרטעוועטע שטיקער ערד, כדי אין א גרויסן בויגן ארומצוקרייזן די בריטישע אָפּטיילונגען. דער מאַנעוור איז זיי געלונגען און דער אויטאָ האָט זיך אויסגעקערעוועט, כדי אַרויפצופאָרן צוריק אויפן שאָסיי. אין זעלבן מאָמענט אָבער האָט זיך אויפן אויטאָ אַראָפּגעלאָזן אַ האָגל פון קוילן. ארי האָט אַ ריס געטאָן עקיבאן פון אָרט און אים צוגעדריקט צו דער פּאָדלאָגע פון אויטאָ. ארום אויטאָ האָבן געפייפט די קוילן. די הינטערשטע רעדער פון אויטאָ האָבן זיך ווילד געדרייט אויפן אָרט, איינגראָבנדיק זיך אין דער לויזער ערד. דער שאָפער האָט איינגעשלאָסן דעם הינטערשטן לויף און ווידער האָט אַ סאַלווע געטראָפן אין אויטאָ. צוויי זעלנער מיט אויטאָמאַטן האָבן אָנגעהויבן שנעל צו לויפן צום אויטאָ. ארי האָט פון הינטערשטן פענצטער געעפנט אויף זיי אַ פייער. איין סאָלדאַט איז אַנידערגעפאַלן. דער צווייטער האָט אויפגעהויבן דעם אויטאָמאַט און אַרויסגעלאָזט אַ פייערשטראָם אין דער ריכטונג פון אויטאָ. ארי האָט געקאָנט זען דעם רויטן פלאַם, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דער לופט. אין דער זעלבער רגע האָט עקיבא א געשריי־געטאָן. ארי איז אַרויפגעפאַלן אויפן קערפּער פון זיין פעטער. גלייך

נאָכדעם האָט זיך דערהערט אַ צווייטע סאַלווע פון אויטאָמאַט, אָבער דעם שאָפער איז געלונגען אַרויפצופירן דעם אויטאָ אויפן שאָסיי און ער איז אין דער גרעסטער שנעלקייט אַנטלאָפן פון אָרט.

— צי איז ביי אייך אַלץ בסדר? — האָט געפרעגט דער „מכבי"־מיטגליד, וואָס איז געזעסן פאָרנט נעבן שאָפער.

— מיר זענעןביידע פאַרווונדעט — האָט ארי געענטפערט.

ארי האָט זיך אויפגעשטעלט און באַטאַפּט זיין רעכטן פוס. די אינערלעכע זייט פון אויבערשטן טייל פון דער לידקע איז געווען ווי פאַראַליזירט. די קויל איז אַריינגעדרונגען טיף אין פלייש. די ווונד האָט ווייניק געבלוטיקט און ער האָט נישט געפילט קיין גרויסן ווייטיק. דאַן האָט ארי אַנידערגעקניט און אויסגעדרייט צו זיך עקיבאַן. ער האָט אַראָפּגעריסן דאָס העמד פון אים און פאַר זיינע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט אַ שוידערלעך בילד. דער בויך פון עקיבא האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ גרויסע פאַרבלוטיקטע מאַסע.

— וואָס איז מיט אים? — האָט דער „מכבי"־מענטש געפרעגט.

— שלעכט, זייער שלעכט.

עקיבא האָט נישט פאַרלאָרן דעם באַוווסטזיין. ער האָט צוגעצויגן אָריִן צו זיך.

— ארי — האָט ער שטיל געפרעגט. — וועל איך אויסהאַלטן?

— ניין, פעטער...

— אויב אַזוי, פיר מיך אַוועק אין אַן אָרט, ווו זיי וועלן מיך נישט קאָנען געפינען. האָסט פאַרשטאַנען?

— איך פֿאַרשטיי, פּעטער — האָט ארי געזאָגט.

דער אויטאָ איז אָנגעקומען קיין כּפר־מאסאריק, ווו די קיבוץ־חברים האָבן צוגעגרייט פֿאַר די אַנטלאָפֿענע א נייעם לאַסט־אויטאָ. עקיבא האָט אין צווישנצייט פֿאַרלאָרן א סך בלוט און ער איז געלעגן באַוווסטלאָז.

— דער אַלטער וועט נישט אויסהאַלטן מער, אויב איר וועט אים ווייטער פֿירן — האָבן געזאָגט די קיבוץ־מיט־גלידער. — ער מוז בלייבן דאָ און באַקומען מעדיציניש הילף.

— ניין — האָט ארי געזאָגט.

— ציי ביסטו משוגע?

— הערט, וואָס איך וועל אייך זאָגן. ער איז אין אַן האָ־פֿענונגסלאָזן צושטאַנד. און אויב אפֿילו עס איז דאָ אַ האָ־פֿענונג פֿאַר זיין לעבן, וועלן אים די ענגלענדער אַלץ־איינס געפֿינען. אויב מיר וועלן אים דאָ איבערלאָזן און ער וועט דאָ שטאַרבן, וועט דאָס שנעל באַוווסט ווערן אין גאַנצן לאַנד. אָבער קיינער, חוץ אונדז, טאָר נישט וויסן, אַז עקי־באַן האָט זיך נישט איינגעגעבן צו אַנטלויפֿן אַ לעבעדיקער פֿון דער תּפֿיסה. די ענגלענדער טאָרן זיך נישט דערוויסן וועגן זיין טויט...

די צוויי „מכבי״־מיטגלידער, וועלכע האָבן באַגלייט ארין, האָבן מסכּים געווען צו זיינע רייד. זיי האָבן געהאָלפֿן אַריינלייגן עקיבאן אין אויטאָ און דאַן זענען זיי ביידע שנעל אַרויפֿגעשפּרונגען אויף די פֿאָדערשטע זיץ־ערטער. ארי האָט זיך אנידערגעזעצט נעבן גוססדיקן פּעטער.

דער לאַסט־אויטאָ איז אָפּגעפאָרן אויף דרום, פאַרביי חיפה, און דאָן האָט ער זיך פאַרקערעוועט אויף שמאָלע שטעגן, וואָס האָבן געפירט צום הר־הכרמל. ארי האָט אָנגע־הויבן צו פילן אַ ברענונג אין פוס, אָבער ער האָט מיט אַלע כוחות זיך באַמיט צו באַהערשן דעם ווייטיק. ווען דער אויטאָ האָט אָנגעהויבן צו שפּרינגען איבער די גריבלעך פון וועג האָט ער גענומען דעם באַוווסטלאָזן עקיבאן אויף די קני. מיט שווערער מי האָט דער גרויסער אויטאָ זיך אַרויפגעדראַפּעט אויפן באַרג און זיי זענען ענדלעך אָנגע־קומען צום אָפּגעלעגענעם דרוזישן ישוב.

עקיבא האָט געעפנט די אויגן. ער האָט זיך באַמיט עפּעס צו זאָגן, אָבער ער איז נישט געווען בכוח. ער האָט דער־קענט אַרין. אויף זיין פּנים האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל און אין אַ רגע אַרום איז ער אויסגעגאַנגען אין אַריס אָרעמס.

דער לאַסט־אויטאָ איז שטיין געבליבן נישט ווייט פון דרוזישן דאָרף דליית אל־כרמל. דאָרטן האָט שוין אויף זיי געוואַרט מוסה, אַ דרוזישער מיטגליד פון „הגנה". ארי איז מיט גרויסער מי אַראָפּגעקראָכן פון אויטאָ. זיין העמד און די הויזן זענען געווען דורכגעווייקט פון עקיבאס בלוט. מוסה איז אַ דערשראָקענער צוגעלאָפן צו אים.

— מיר האָט גאָרנישט פּאַסירט — האָט ארי געזאָגט, רייבנדיק זיך דעם פוס. — נעם עקיבאן אויפן וועגעלע. ער איז טויט.

מוסה האָט אַראָפּגענומען עקיבאס טויטן קערפּער פון לאַסט־אויטאָ און אים אַרויפגעלייגט אויפן וועגעלע אין וועלכן עס איז געווען איינגעשפּאַנט אַן אייזל.

— אירביידע זענט „מכבים" — האָט ארי זיך דאָן

געוועגדעט צו ווײנע באַגלײטער. — קײנער טאָר זיך נישט דערוויסן, אַז עקיבא איז געשטאָרבן, חוץ בן־משה אָדער נחום. און איצט פֿאָרט אַוועק צוריק און רײניקט גוט אויס דעם אויטאָ. מוסה און איך וועלן קובר־זײַן דעם פּעטער.

דער לאַסט־אויטאָ איז שנעל אַוועקגעפֿאָרן.

אַרי האָט זיך אַרויפֿגעדראַפּעט אויפֿן וועגעלע. זײ זענען פֿאַרבײַגעפֿאָרן דעם דרוזישן דאָרף צום העכסטן שפּיץ פֿון הר־הכּרמל... עס האָט שוין אָנגעהויבן טונקל צו ווערן, ווען זײ זענען אָנגעקומען אין אַ קלײן וועלדל, נעבן וועלכן עס האָט זיך געפֿונען דער „מזבח פֿון אליהו הנביא". נישט ווײַט פֿון „מזבח" האָבן אַרי און מוסה אויסגעגראָבן אַ גרוב.

— לאָמיר אַראָפּנעמען פֿון אים די רויטע בגדים — האָט אַרי געזאָגט.

זײ האָבן אַראָפּגעצויגן פֿון עקיבאַן די רויטע בגדים, וואָס ער האָט געטראָגן אַלס פֿאַרמשפּטער צום טויט און אים אַראָפּגעלאָזט אין קבֿר. זײ האָבן פֿאַרשאָטן די גרוב מיט ערד און באַדעקט מיט צווײַגן. מוסה איז אַוועק צו זײַן וועגעלע און אַרי איז געבליבן שטײן בײַם קבֿר.

יעקבֿ ראַבינסקיס לעבן איז געווען פֿול מיט קומער און זאָרג. נאָך לאַנגע יאָרן פֿון צרות און פּײַן האָט ער ענדלעך געפֿונען זײַן רו. — אַ געוויסן טאָג — האָט אַרי געטראַכט — וועלן די מענטשן זיך דערוויסן ווו עקיבא איז געבראַכט געוואָרן צו קבֿורה און דאָס דאָזיקע אָרט וועט פֿאַרערט ווערן דורך אַלע ייִדן אויף דער וועלט.

— ליג אין רו, פּעטער — האָט אַרי געזאָגט. — איך האָב אפֿילו נישט געהאַט די געלעגנהײט דיר צו זאָגן, אַז דײַן ברודער האָט דיר מוחל־געווען.

אָרי איז אויפֿגעשטאַנען פֿון אָרט און האָט אָנגעהויבן צו גיין, אָבער אין זעלבן מאָמענט האָט ער זיך אַ וואַקל־געטאָן, אויסגעשריען פֿון ווייטיק און איז באַוווסטלאָז געפֿאַלן צום באָדן.

## קאַפּיטל 17

קיטי און ד״ר ליבערמאַן האָבן זיך געפּונען אין א געדריקטער שטימונג, בעת זיי האָבן אַרומגערעדט דעם ענין פון איר ארבעט אין גן־דפנה.

— הלוואי וואָלט איך געוווּסט ווי אַזוי אייך איבערצוצייגן איר זאָלט ווייטער בלייבן ביי אונדז — האָט ד״ר ליבערמאַן געזאָגט.

— דאָס איז זייער שיין פון אייער זייט — האָט קיטי זיך אָפּגערופן. — דווקא איצט, ווען איך האָב בדעה אוועק־צופאָרן, איז מיר זייער טרויעריק אויפן הארצן. איך האָב זיך אַליין נישט פאַרגעשטעלט, ווי שטאַרק איך האָב זיך צו־געבונדן צו גן־דפנה. איך בין די גאַנצע נאַכט נישט געשלאָ־פן און דורכגעקוקט די פּאַפּירן פון די קינדער. א סך פון די קינדער האָבן זיך ווונדערבאַר אַנטוויקלט, ווען מען נעמט אין אַכט, וואָס זיי האָבן אַלץ איבערגעלעבט.

— איר וועט זיי אויספעלן.

— איך ווייס וועגן דעם. אויך זיי וועלן מיר אויספעלן. איך וועל זיך באמיען צוצוגרייטן אין עטלעכע טעג אַלע זייערע פּאַפּירן. עס זענען נאָך פאַראן צווישן די קינדער אויסנאַם־פאַלן און איך וואָלט געוואָלט ארומריידן מיט אייך זייערע ענינים.

— זעלבסטפאַרשטענדלעך — האָט ד״ר ליבערמאַן געזאָגט.

קיטי איז אויפגעשטאַנען און געוואָלט אוועקגיין.

— איר זאָלט נישט פאַרגעסן צו קומען אַ האַלבע שעה פריער צום אוונט־ברויט.

— איך וואָלט זייער נישט געוואָלט, אַז מען זאָל איינאָרדענען פאַר מיר אַ געזעגענונגס־אוונט. איך האַלט, אַז די צייט איז נישט פּאַסיק דערצו.

— אַלע האָבן דאָס געוואָלט און איך האָב גאָרנישט געקאָנט טאָן — האָט ד״ר ליבערמאַן געזאָגט.

קיטי האָט געעפנט די טיר.

— וואָס מאַכט קאַרען? — האָט ד״ר ליבערמאַן געפרעגט.

— נישט גוט. זינט זי האָט געזען דבן אין תפיסה געפינט זי זיך אין אַ געדריקטער שטימונג. ווען זי האָט נעכטן געהערט וועגן איבערפאַל אויף דער תפיסה אין עכו האָט זי געהאַט אַ שווערע נאַכט. אפשר וועט זי זיך באַלד דערוויסן צי אים איז געלונגען צו אַנטלויפן אָדער נישט. זי האָט באמת געגנוג געליטן אין איר לעבן. עס וועט אפשר דויערן אַ געוויסע צייט, אָבער איך וועל זיך באַמיען, אַז זי זאָל אין אַמעריקע זיין גליקלעך.

— הלוואי וואָלט איך געהאַט אַזוי פיל מוט אייך צו זאָגן, אַז איר טוט זייער שלעכט, וואָס איר פאַרלאָזט אונדז. איך קאָן דאָס אָבער אייך נישט זאָגן.

קיטי איז אַרויס פון ד״ר ליבערמאַנס ביוראָ. זי האָט געטראַכט וועגן די לעצטע געשעענישן, וואָס האָבן אויפגערודערט די וועלט. פון די „מכבים" זענען אומגעקומען צוואַנציק מאַן און פופצן זענען גענומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט. קיינער האָט נישט געוווסט וויפל פאַרוווּנדעטע עס איז געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן. בן־משה איז אומגעקומען. עס האָט איר געשיינט, אַז דאָס איז אַ צו גרויסער פּרייז פאַר צוויי מענטשלעכע לעבנס. פון דער

צווייטער זייט איז דאָ לגמרי נישט געגאַנגען וועגן מענטש־לעכע לעבנס. דער איבערפאַל אויף דער תפיסה האָט געגעבן די ענגלענדער אַ שרעקלעכן קלאַפּ און האָט צעבראָכן זייער ווילן צו בלייבן אין ארץ־ישראל.

קיטי איז געבליבן שטיין נעבן דער טיר פון ירדנהס ביורא. עס איז איר געווען זייער אומאַנגענעם זיך צו טרעפן מיטן פאַרעקשנטן מיידל. אָבער קיטי האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר און איז אַריין אינעווייניק. ירדנה האָט זי אָנגעקוקט מיט אַן אייז־קאַלטן בליק.

— איך וויל אייך פרעגן, ירדנה, צי איר ווייסט נישט צופעליק, אויב דב לאַנדאו איז נעכטן געלונגען זיך אַרויס־צודרייען פון די ענגלענדער? איר פאַרשטייט... קאַרען האָט אַ שטאַרקע סימפּאַטיע צו אים און די ידיעה וואָלט זי באַרואיקט...

— איך ווייס נישט — האָט ירדנה געזאָגט.

קיטי האָט שוין געוואָלט פאַרלאָזן דאָס צימער, אָבער פּלוצים האָט זי אַ פרעג געטאָן:

— צי האָט אויך אַרי זיך באַטייליקט אין דער אַקציע?

— אַרי גיט מיר נישט קיין באַריכט פון די אַקציעס אין וועלכע ער באַטייליקט זיך.

— איך האָב געמיינט, אַז איר ווייסט אפשר וועגן דעם.

— פון וואַנען זאָל איך דאָס וויסן. דאָס איז געווען אַן אַקציע פון די „מכבים״.

— איר האָט גענוג וועגן צו באַקומען אינפאָרמאַציעס וועגן ענינים, וואָס אינטערעסירן אייך.

— ווען איך וואָלט אפילו געוווּסט, וואָלט איך אייך עס אויך נישט געזאָגט, מיסיס פרעמאַנט. איר פאַרשטייט? איך

וויל נישט, אַז עפּעס וואָס זאָל פאַרהאַלטן אייער אַפּפליי פון ארץ־ישראל.

— עס וואָלט געווען א סך שענער, ווען מיר זאָלן זיך שיידן ווי פריינט. איך זע אָבער נישט, אז איר ווילט מיר געבן א געלעגנהייט דערצו.

קיטי האָט זיך שנעל אויסגעדרייט און איז ארויס פון צימער. פון ספּאָרט־פּלאַץ, אויף וועלכן עס איז פאָרגעקומען אַ פוטבאָל־מעטש האָבן זיך דערטראָגן צו איר פריידיקע און הילכיקע געשרייען. אנדערע קינדער האָבן זיך געשפּילט אין באהעלטעניש. די עלטערע זענען געזעסן אויפן גראָז און געלייענט ביכער.

— אין גן־דפנה בליען די בלומען א גאנץ יאָר — האָט קיטי געטראכט — און שטענדיק איז די לופט פול מיט זייער אראמאט.

קיטי איז אַראָפּ די טרעפּ פון דער געביידע אין וועלכער עס האָט זיך געפונען די ליי‌טונג פון גן־דפנה און איז אריי־בער קווער די גראָז־לאָנקע. ווען זי האָט זיך דערנענטערט צו דער אמבולאַטאָריע איז איר שטימונג געוואָרן נאָכמער געדריקט. דאָס פארלאָזן גן־דפנה האָט איר געשיינט צו זיין א סך שווערער, ווי זי האָט געמיינט פריער.

אין דער ביוראָ האָט זי גענומען די קאַרטאָטעק פון די קינדער און אָנגעהויבן דורכצוקוקן די קראנקן־קאַרטעס. — עס איז באמת אויסטערליש — האָט זי געטראַכט. — ווען זי האָט געענדיקט איר ארבעט אין יתומים־הויז אין סאלאָניקי, איז די צעשיידונג גאָרנישט געווען אזא שווערע. אויך אין גן־דפנה האָט זי זיך נישט באמיט צו ווערן א „פריינט" פון די יידן, פארוואָס איז איר אלזאָ איצט אזוי שווער אוועקצוגיין פון דאנען?

אפשר איז דאָס געווען צוליב דעם, וואָס דער דאָזיקער אָפּשייד האָט באַדייט דער סוף פון א גרויסער איבער־לעבונג? זי וועט פילן, אז ארי פעלט איר און זי וועט טראַכטן וועגן אים אַ גאַנץ לעבן. אָבער מיט דער צייט מוז דאָך אַלץ ווערן צוריק פארנונפטיק און נאָרמאַל. א געוויסן טאָג וועט זי זיין אומשטאַנד צו געבן קארען אַלץ, וואָס א מיידל דאַרף האָבן. מיט דער צייט וועט אריס בילד בלאַס ווערן, פונקט אזוי ווי די זכרונות פון ארץ־ישראל.

— דאָס איז גאַנץ נאַטירלעך, וואָס א געוויסער טרויער באַגלייט יעדע צעשיידונג און דאָס אריבערגיין פון איין ארבעט צו אַן אנדערער — האָט קיטי נישט אויפגעהערט צו טראַכטן. זי האָט זיך פאַרטיפט אין דער קאַרטאָטעק פון „אירע קינדער”. צי זענען דאָס געווען גלייכגילטיקע אָביעקטן פון פלאַנירטער טעראַפּיע, אָדער קליינע מענטשלעכע וועזנס, וואָס זענען געווען אָפּהענגיק פון איר? צי האָט זי רעכט זיי צו פאַרלאָזן, אָדער איר חוב איז צו בלייבן ווייטער מיט זיי?

קיטי האָט אין געדאַנק שנעל זיך צוריקגעצויגן פון די דאָזיקע מחשבות. זי האָט געעפנט דאָס שופלעדל און ארויס־געצויגן פון דאָרטן איר פאַספּאָרט. דאָרטן איז אויך געלעגן דער ענגלישער פּאַספּאָרט פון קארען קלעמענט, צוזאַמען מיט צוויי עראָפּלאַן־בילעטן. אָפּפאָר־סטאַציע: לוד. ענד־סטאַציע: ניו־יאָרק.

מארק פּארקער האָט געזאָלט קומען פון מזרח קיין אמע־ריקע, כדי זיך צו טרעפן מיט זיי אין סאַן־פראַנציסקאָ. טייערער מאַרק... צי האָט זי נאָך ווען עס איז געהאַט אַ בעסערן און טרייערן פריינט פון אים? מארק וועט העלפן

קיטין געפינען אן ארבעט אין דער סביבה פון סאן־פראנציס־קא. זי האָט זייער ליב דעם דאַרטיקן ים־ברעג.

קיטי האָט צוגעמאכט דאָס שופלעדל און אָפּגעזיפצט. ווען זי האָט אפילו געפונען א בארעכטיקונג פאר איר באשלוס איז דאָך אויפגעקומען אין איר הארץ א פונק פון צווייפל צי זי טוט עס באמת פארן מיידל, אָדער צוליב איר אייגן־ליבע?

קיטי האָט דערהערט ווי די טיר פון איר ביורא האָט זיך שטיל געעפנט. זי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און איז געבליבן זיצן ווי אָן אָטעם. אויף דער שוועל איז געשטאַנען אן אראבער. ער איז געווען מאָדנע אָנגעטאָן. ער האָט געטראָגן א צעקנייטשטן קאמגארן־אנצוג און דערצו האָט ער אויפן קאָפּ געהאט א רויטע פעסקע, ארומגעבונדן מיט א ווייסן טוך. זיינע לאַנגע, שוואַרצע וואָנסן זענען ביי די עקן געווען פארדרייט אין שאַרפע שפּיצן.

— איך האָב אייך נישט געוואָלט איבערשרעקן — האָט דער אראבער זיך אָפּגערופן. — צי קאָן איך אריינגיין?

— ביטע — האָט קיטי זיך אָפּגערופן, אן איבעראשטע פון דעם, וואָס דער אראבער האָט גערעדט ענגליש. זי איז געווען זיכער, אז דאָס איז אן איינוווינער פון א גאָענטן דאָרף, וואָס איז געקומען זי רופן צו א קראנקן.

דער אראבער איז אריינגעקומען אין צימער און פארמאכט הינטער זיך די טיר.

— צי זענט איר מיסיס פרעמאַנט? — האָט ער געפרעגט.

— יאָ.

— מיין נאָמען איז מוסה. איך בין א דרוז. צי ווייסט איר עפּעס וואָס וועגן די דרוזן?

קיטי האָט מיט א צייט צוריק געהערט, אז די דרוזן

געהערן צו אַ מוסולמענישער סעקטע, וואָס באַוווינט די דער־פער אויפן הר־הכרמל און איז לאָיאַל לגבי די יידן.

— איר זענט געקומען אהער פון זייער ווייט, נישט אמת?

— האָט קיטי געפרעגט.

— איך בין א חבר פון „הגנה".

קיטי איז אויפגעשפרונגען פון שטול.

— איר זענט געקומען פון ארין! — האָט זי אויסגע־רופן.

— יאָ, ער געפינט זיך אין אונדזער דאָרף דליית אל־כרמל. ער איז געשטאַנען בראש פון איבערפאַל אויף דער תפיסה. ער האָט געבעטן איר זאָלט קומען צו אים.

קיטי האָט געפילט, אַז איר האַרץ האָט אָנגעהויבן צו שלאָגן ווי מיט האַמערס.

— ער איז שווער פאַרוווּנדעט — האָט מוסה געזאָגט. — צי וועט איר קומען?

— יאָ! — האָט קיטי געזאָגט.

— איר זאָלט נישט מיטנעמען מיט זיך קיין מעדיקאַמענטן. מיר מוזן זיין פאָרזיכטיק. אומעטום זענען אויסגעשטעלט ענגלישע פּאָסטנס און זיי קאָנטראָלירן אַלע אויטאָס. אויב זיי וועלן געפינען רפואות ביי אייך, וועט דאָס אַרויסרופן זייער פאַרדאַכט. ארי זאָגט, אז איר זאָלט מיטנעמען מיט זיך א סך קינדער. מאָרגן איז ביי אונדז אין דאָרף א חתונה און מיר וועלן זאָגן די ענגלענדער, אז מיר פירן די קינדער צו דער שמחה. איך האָב מיט זיך א לאַסט־אויטא. נעמט מיט אן ערך פופצן קינדער און זאָלן זיי מיטנעמען מיט זיך וואַלענע קאָלדרעס און געצעלטן.

— אין צען מינוט ארום וועלן מיר זיין פאַרטיק — האָט

קיטי אויסגערופן און איז אַוועקגעלאָפן צום ביורא פון ד״ר ליבערמאַן.

דער מרחק פון גן־דפנה ביז צום דאָרף דליית אל־כרמל האָט באַטראָפן אַכציק קילאָמעטער. די שטרעקע איז באַשטאַנען דער עיקר פון שמאָלע באַרג־וועגן און מוסה׳ס אַלטער אויטאָ האָט מיט מי זיך באַוועגט פאָרויס.

די קינדער, וואָס זענען געזעסן הינטן אין אויטאָ זענען געווען אַנטציקט צוליבן אומדערוואַרטעטן אויספלוג. זיי האָבן הויך געזונגען און געשטיפט. נאָר קאַרען און קיטי, וועלכע זענען געזעסן פאָרנט, האָבן געוווּסט דעם אמתן ציל פון דאָזיקן אויספלוג. קיטי האָט זיך באַמיט אַרויסצובאַקומען פון מוסה׳ן פּרטים, אָבער אַלץ, וואָס זי האָט זיך דערוווּסט פון אים איז געווען בלויז דאָס, אַז ארי איז מיט פיר און צוואַנציק שעה צוריק פאַרווונדעט געוואָרן אין אַ פוס, אַז ער קאָן נישט גיין און ער האָט גרויסע ווייטיקן. וואָס עס איז געשען מיט דב לאַנדאו האָט מוסה נישט געוווּסט. ער האָט אויך פאַרשוויגן דעם פאַקט, אַז עקיבא איז טויט.

טראָץ דער וואָרענונג פון דרוז האָט קיטי פאַרשטעקט אין אויטאָ אַ קליינעם קאַסטן מיט מעדיקאַמענטן, ווי סולפאַנאַמיד, יאָד און באַנדאַזשן. די דאָזיקע פרוי האָט אין איר לעבן בלויז צוויי מאָל געהאַט איבערגעלעבט טיפע מורא. דאָס ערשטע מאָל איז דאָס געווען אין טשיקאַגאָ, בעת זי איז אין משך פון דריי טעג און נעכט נישט אָפּגעטרעטן פון איר קראַנקער טאָכטער סאַנדראַ. זי האָט דאַן שיעור נישט באַקומען אַ נערוון־צוזאַמענברוך. דאָס צווייטע מאָל איז דאָס געווען בעת זי איז געזעסן אין דאָם־האָטעל און געוואַרט

אויף ידיעות וועגן אויסגאַנג פון הונגער־שטרייק אויף דער שיף „יציאת אייראָפּע״.

איצט איז איר באַפאַלן די זעלבע מורא. זי האָט נישט געהערט ווי די קינדער האָבן געזונגען און נישט געזען ווי קאַרען באַמיט זיך צו בלייבן רואיק. זי איז געווען ווי באַטויבט פון אַנגסט.

עס איז פאַרביי אַ שעה, אַ צווייטע און אַ דריטע, און קיטי האָט געפילט, אַז די נערוון־שפּאַנונג שעפּט אויס אירע כוחות. זי האָט אַרויפגעלייגט איר קאָפּ אויף קאַרענס אַקסלען און צוגעמאַכט די אויגן.

אויף די שאָסייען האָט געווימלט מיט ענגלישע זעלנער. הינטער כפר מאַסאַריק איז דער אויטאָ אָפּגעשטעלט געוואָרן דורך אַן ענגלישער קאָנטראָל־גרופּע.

— דאָס זענען קינדער פון גן־דפנה — האָט מוסה געזאָגט. — זיי פאָרן צו אַ חתונה, וואָס דאַרף מאָרגן פאָרקומען ביי אונז אין דאָרף, אין דליית אל־כרמל.

— אַלע שטייגן אויס פון אויטאָ! — האָט באַפוילן אַ בריטישער זעלנער.

די זעלנער האָבן דורכגעפירט אין אויטאָ אַ גרינטלעכע רעוויזיע. אַלע פּעקלעך פון די קינדער זענען אויפגעבונדן געוואָרן. אייניקע פּעקלעך זענען צעשניטן געוואָרן מיט מעסערס. דאַן האָבן די זעלנער גענוי אונטערזוכט דעם אונ־טערשטן טייל פון אויטאָ און האָבן אויך אַראָפּגענומען די גומי פון אויסטויש־ראָד. זיי האָבן דאַן אַריינגעקוקט אין מאָטאָר און דערנאָך געהייסן די קינדער זיך אויסטאָן. די רעוויזיע האָט געדויערט מער ווי אַ שעה.

צופוסנס פון הר־הכרמל האָט מען זיי פאַרהאַלטן אַ צווייטן

מאָל. קיטי איז געווען פולשטענדיק דערשעפּט, ווען זיי זענען ענדלעך אָנגעקומען צום שפּיץ פון באַרג.

— אַלע דרוזישע דערפער ליגן הויך אויפן באַרג — האָט מוסה געזאָגט. — מיר זענען אַ קליינע מינדערהייט און מיר מוזן זיך פאַרטיידיקן. נאָך אַ פּאָר מינוט און מיר וועלן זיין אין דליית אל־כרמל.

דאָס דרוזישע דערפל האָט באמת אויסגעזען, ווי עס וואָלט זיך געפונען אויפן דאַך פון דער וועלט. די הייזער זענען געווען בלענדנד ווייס און די גאַסן זענען געווען ריין אויף אַ מוסטערהאַפטן אופן, וואָס האָט שטאַרק קאָנטראַסטירט מיט די פאַרשמוציקטע און אָפּגעלאָזענע דערפער פון די אַראַבער. כמעט אַלע מענער האָבן געטראָגן לאַנגע וואָנסן און זענען געווען אָנגעטאָן לויטן מערבדיקן שטייגער. זעענדיק די ווירדיקע האַלטונג און די שטאָלצע מינעס פון די דאָזיקע מענער האָט מען גלייך דערקענט, אַז דאָס זענען מוטיקע קעמפער. די פרויען זענען געווען זייער שיינע און די קינדער האָבן אויסגעזען געזונט און קרעפטיק.

דאָס דאָרף איז שוין געווען פול מיט חתונה־געסט. אין די הונדערטער זענען זיי געקומען פון אַלע דרוזישע ישובים, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן הר־הכרמל. חוץ דעם זענען אויך געקומען אַ סך יידן פון קיבוץ יגור, און אפילו פון חיפה.

דער אויטאָ איז לאַנגזאַם פאַרבייגעפאָרן די געביידע פון דאָרפס־ראַט, ווו ס'האָבן זיך פאַרזאַמלט די מענער, כדי צו באַגריסן דעם חתן און די עלטסטע פון דאָרף. אויף אַ ספּעציעלער וועראַנדע נעבן בנין איז געשטאַנען אַ טיש פון פינף־און־צוואנציק מעטער די לענג, וועלכער האָט זיך גע־בראָכן אונטער דער משא פון שפּייז און געטראַנקען. די פרויען האָבן אָן אויפהער זיך באַוועגט הין און צוריק, טראָ־

גנדיק אויף די קעפ גרויסע שיסלען מיט כּיבוד פֿאַר די חתונה־געסט.

אַ שטיק הינטער דער געביידע פֿון דאָרפֿס־ראַט האָט מוסה פֿאַרהאַלטן דעם אויטאָ. אייניקע דאָרפֿישע איינוווינער האָבן זיך דערנענטערט, כּדי צו באַגריסן די קינדער. די קינדער זענען אַראָפּ פֿון אויטאָ און מען האָט זיי אָפּגעפֿירט אויף אַ ברייטן פּלאַץ, ווו זיי האָבן געדאַרפֿט אויפֿשטעלן אַ לאַגער און דערנאָך זיך צוריקקערן צו די געסט.

מוסה, קיטי און קאַרען זענען געפֿאָרן אַ ביסל ווייטער מיטן הויפּט־וועג און דאַן איז דער אויטאָ אַרייַנגעפֿאָרן אין אַ זייטיק געסל, ווו ער האָט זיך פֿאַרהאַלטן ביים אָפּהאַנג פֿון אַ באַרג.

אַלע דריי זענען שנעל אויסגעשטיגן. קיטי האָט גענומען איר קעסטל מיט די מעדיקאַמענטן. ביים לעצטן הייזל פֿון ראַנד האָבן זיי זיך פֿאַרהאַלטן. קיטי האָט דערזען, אַז דאָס אָרט ווערט שטרענג באַוואַכט דורך אַ קליינער גרופּע פֿון באַוואָפֿנטע דרוזן.

מוסה האָט געעפֿנט די טיר. קיטי האָט טיף אָפּגעאָטעמט און איז אַריין אינעווייניק. ביי אַן אינערלעכער טיר זענען געשטאַנען נאָך צוויי באַוואָפֿנטע דרוזן. קיטי האָט זיך אויסגע־דרייט צו קאַרען און געזאָגט:

— בלייב אין דרויסן. איך וועל דיך רופֿן אויב איך וועל דיך דאַרפֿן האָבן. מוסה, קומט אַריין מיט מיר.

אין שלאָף־צימער איז געווען טונקל און קיל. קיטי האָט דערהערט אַ קרעכץ. זי איז צוגעגאַנגען צום פֿענצטער און אויפֿגעפּראַלט די לאָדנס. עס איז געוואָרן ליכטיק.

אָרי איז געלעגן אויף אַ דאָפּל־בעט. ער האָט געהאַלטן פֿעסט איינגעקלאַמערט אין די הענטביידע מעשענע שטאַנגען

פון בעט און זיך געדרייט אין יסורים. קיטי האָט אַ הויב־געטאָן די קאָלדרע. זיינע הויזן און דער ליילעך זענען געווען דורכגעווייקט פון בלוט.

— העלפט מיר אַראָפּציען פון אים די הויזן — האָט קיטי געזאָגט.

מוסה האָט זי אָנגעקוקט אַ פאַרבליפטער.

— איך פאַרשטיי, — האָט קיטי געזאָגט — אויב אַזוי שטערט מיר נישט. איך וועל דאָס אַליין טאָן.

קיטי האָט פאָרזיכטיק אויפגעשניטן די הויזן און באַטאַפּט דעם פוס. ער איז נישט געווען געשוואָלן און עס האָט אויסגעזען, אַז ארי האָט נישט פאַרלאָרן קיין סך בלוט. זיין פולס האָט געשלאָגן פאַרהעלטנישמעסיק רעגלמעסיק און שטאַרק. קיטי האָט אָפּגעאָטעמט מיט פאַרלייכטערונג. פאַר איר איז שוין קלאָר געווען, אַז אים דראָט נישט קיין ערנ־סטע געפאַר. ענערגיש איז זי צוגעטראָטן צו איר אַרבעט.

— מוסה, ברענגט מיר זייף און וואַסער און עטלעכע ריינע האַנטעכער. איך וויל גענויער אונטערזוכן די וווּנד.

קיטי האָט אָפּגעוואַשן די הענט און זי האָט פאָרזיכטיק אָפּגערייניקט די וווּנד. דער אויבערשטער טייל פון דער לידקע האָט געהאַט אַ טונקעלע פאַרב און פון דער אויפגעשוואָ־לענער עפענונג האָט געטריפט בלוט.

ארי האָט אויפגעמאַכט די אויגן און שטיל געפרעגט:

— קיטי?

— יאָ, דאָס בין איך.

— גאָט צו דאַנקען.

— וואָס האָט איר געטאָן ביז־איצט מיט דער וווּנד, ארי? — האָט זי געפרעגט.

— איך האָב נעכטן אַרויפגעשאָטן אויף איר סולפאַנאַמיד.

איך האָב אויך געוואָלט מאַכן אַ באַנדאַזש, אָבער עס האָט מיר אויסגעזען, אַז איך בלוטיק גישט שטאַרק און איך האָב עס נישט געטאָן.

— איך וויל אונטערזוכן די וווּנד, אָבער דאָס וועט זייער שטאַרק ווײ טאָן.

—טוט, וואָס איר האַלט פאַר נויטיק.

ווען קיטי האָט פעסט אַ דריק געטאָן דאָס אָרט פון דער וווּנד האָט ארי אַ געשריי געטאָן און טראָפּן שווייס זענען אַרויסגעטראָטן אויף זיין שטערן. ער האָט נאָך פעסטער איינגעקלאַמערט אין די הענט די מעשענע שטאַנגען פון בעט. קיטי האָט שנעל איבערגעריסן איר אונטערזוכונג. ארי האָט געציטערט אויפן גאַנצן קערפּער און עס האָט געדויערט אייניקע מינוט ביז ער האָט זיך באַרואיקט. קיטי האָט אים אָפּגעווישט דאָס פּנים מיט אַ פייכטן טוך.

— צי קאָנט איר מיט מיר ריידן, ארי? — האָט זי געפרעגט.

— דער ווייטיק פאַרשווינדט — האָט ער זיך אָפּגערופן. — עס קומט און פאַרשווינדט, ווי אַ כוואַליע. איך פּיעשטשע זיך זיכער מיט אַזאַ נאַרישער וווּנד אין פוס. צי האָט איר זיך שוין אַמאָל פאַרנומען מיט אַזאַ זאַך אין אייער קליניק?

קיטי האָט אַ שמייכל געטאָן. זי איז געווען צופרידן וואָס ער געדענקט אַזוי גוט דאָס, וואָס זי האָט אים אַמאָל דערציילט.

— אָפטמאָל פלעגט מען ברענגען צו מיר אין קליניק מענטשן מיט צעבראָכענע ביינער. דאָס זענען געווען „געליבטע”, וואָס פלעגן געכאַפּט ווערן דורך די פאַראַטעטע מענער „אויף דער הייסער מינוט” אין זייער פרויס שלאָף־צימער...

— און וואָס איז מיט מיין וווּנד? — האָט ארי געפרעגט.

— דערווייל קאָן איך גאָרנישט זאָגן. קוילן קאָנען גורם־זיין צו פאַרשיידענע קאָמפּליקאַציעס. מען קאָן נישט וויסן וואָס פאַר אַ וועג זיי האָבן דורכגעמאַכט אין קערפּער. דער פּולס און דער אָטעם זענען גוט ביי אייך. אייער פּוס איז נישט געשוואָלן, חוץ דאָס אָרט, ווו די קויל האָט געטראָפן.

— און וואָס באַדייט דאָס?

— דאָס באַדייט, אַז איר האָט נישט געהאַט קיין אינערלעכן בלוט־אויסגוס. די קויל האָט אַלזאָ נישט געטראָפן אין דער הויפּט־אַרטעריע. איך זע אויך נישט קיין אינפעקציע. איך גלויב, אז איר האָט געהאַט גרויס גליק, אָבער עס געפעלט מיר נישט, וואָס איר האָט אַזעלכע שמערצן.

— איך בין יעדע שעה געפאַלן אין חלשות — האָט ארי געזאָגט.

— פאַרבייסט די ציינער. איך וויל נאָך אַמאָל באַטאַפּן דאָס אָרט.

ארי האָט פאַרקריצט מיט די ציינער, אָבער ער האָט אויסגעהאַלטן די אונטערזוכונג בלויז עטלעכע סעקונדעס. ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ שטאַרקן געשריי און איז אַזש אונטערגעשפּרונגען פון ווייטיק. דאַן איז ער אַ בלייכער צוריקגעפאַלן אויפן געלעגער.

— דער דאָזיקער נבזהדיקער ווייטיק וועט מיך נאָך אומברענגען — האָט ער אַרויסגעפּליסטערט.

ארי האָט אין קראַמפּן אַ כאַפּ־געטאָן דאָס ליילעך און עס פאַרקוועטשט אין די הענט. אין משך פון צען מינוט האָט ער זיך געטרייסלט ווי אין פיבער. דאַן איז דער אָנפאַל פאַרביי און ער איז געבליבן ליגן אַן אָפּגעשוואַכטער.

— קיטי, וואָס קאָן דאָס זיין? איך שווער ביי גאָט, אַז איך וועל דאָס נישט אויסהאַלטן.

— צי האָט איר געקאָנט גיין נאָכדעם, ווי די קויל האָט אייך געטראָפן? — האָט קיטי געפרעגט.

— יאָ... אָבער וואָס איז דער אונטערשייד? פאַרוואָס טוט מיר דאָס אַזוי וויי?

קיטי האָט אַ שאָקל־געטאָן מיטן קאָפּ.

— איך בין נישט קיין דאָקטאָר — האָט זי געזאָגט. — איך ווייס אַליין נישט וואָס דאָס איז. אפשר האָב איך אַ טעות.

— זאָגט מיר, וואָס איז אייער מיינונג?

— איך מיין, אַז די קויל האָט געטראָפן איןביין און פאַראורזאכט אַ ברוך אָדער אַ שפּאַלט. ווען די קויל וואָלט דורכגעשאָסן דעם ביין וואָלט איר נישט געקאָנט גיין. די קויל איז אויך נישט אַריינגעדרונגען אין שענקל, אַנישט וואָלט זי געטראָפן אין הויפּט־אָדער.

— וואָס איז דאָס אַלזאָ?

— אַך מיין, אַז די קויל דריקט אויף אַ נערוו.

— וואָס דאַרף מען אַלזאָ טאָן?

— מען מוז אַרויסנעמען די קויל פון פוס. דער ווייטיק קאָן אייך אומברענגען אָדער גורם־זיין צו אַ פּאַראַליז. איר קאָנט אויך נישט אָפּגעפירט ווערן אין שטאָט. מיר מוזן וואָס שנעלער ברענגען אַהער אַ דאָקטאָר, אַנישט קאָן פּאַסירן אַ גרויסע צרה. מען מוז אַרויסציען די קויל פאַר יעדן פּרייז.

ארי האָט אַ בליק געטאָן אויף מוסה.

אין פאַרשידענע ערטער פון גליל באַהאַלטן זיך אויס אַ סך „מכבים", וואָס זענען פאַרוווּנדעט געוואָרן בעת דער נעכ־טיקער אַקציע — האָט מוסה געזאָגט. — אין איצטיקן

מאָמענט ווערט יעדער יידישער דאָקטאָר אין ארץ־ישראל אַבסערווירט דורך די ענגלענדער. אויב איך וועל מאַכן אַ פּרווו צו ברענגען אַהער אַ דאָקטאָר, בין איך זיכער, אַז מען וועט אים נאָכגיין.

קיטי האָט פאַרויכערט אַ סיגאַרעט.

— אויב אַזוי דאַרף מען מיטיילן די ענגלענדער ווו איר געפינט זיך, כדי זיי זאָלן אייך אַריבערפירן אין אַ שפּיטאָל.

ארי האָט אַ ווונק־געטאָן צו מוסה און יענער איז אַרויס פון צימער.

— קיטי! — האָט ארי אויסגערופן.

זי איז צוגעגאַנגען צום בעט. ארי האָט אויסגעשטרעקט די אָרעמס און זי אַנגענומען פאַר אַ האַנט. — די ענגלענדער וועלן מיר אויפהענגען, אויב זיי וועלן מיך אַריינבאַקומען אין זייערע הענט. איר דאַרפט מיך ראַטעווען.

קיטי האָט געפילט ווי דער האַלדז דריקט זיך איר צוזאַמען. זי האָט אַרויסגעצויגן איר האַנט פון אַריס פינגער און זיך דערווייטערט פון בעט. ארי איז געלעגן רואיק און נישט אַראָפּגעלאָזט זיין בליק פון איר.

— איך קאָן דאָס נישט טאָן — האָט זי געזאָגט. — איך בין נישט קיין דאָקטאָר.

— איר מוזט!

— איך האָב דאָ נישט קיין אינסטרומענטן...

— איר מוזט עס טאָן...

— איך קאָן נישט... איך קאָן נישט. צי פאַרשטייט איר דאָס נישט? דאָס וועט אייך זייער וויי־טאָן... איר קאָנט באַקומען אַ שאָק... איך האָב מורא...

קיטי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול. עס איז איר געווען שווער זיך צו אַנטשליסן. אויב ארי איז באמת געשטאַ־

נען בראש פון אָנגריף אויף דער תפיסה, דאַן האָט ער רעכט: אויב די ענגלענדער וועלן אים כאַפּן, וועלן זיי אים אומברענגען. קיטי האָט באַגריפן, אַז זי איז געוועזן פאַר אים די איינציקע האָפענונג. אויב זי וועט איצט נישט האַנדלען שנעל, וואָלט דאָס באַדייט, אַז זי פאַרמשפּט אים צום טויט. מיט אַ שנעלער באַוועגונג האָט קיטי זיך אַ הויב־געטאָן פון שטול. אויפן בופעט איז געשטאַנען אַ פלאַש קאָניאַק. זי האָט גענומען די פלאַש און צוגעגאַנגען צו אַרין.

— טרינקט דאָס אויס — האָט קיטי געזאָגט. — און ווען איר וועט אויסליידיקן די פלאַש וועלן מיר אייך געבן צו טרינקען א צווייטע. איר מוזט זיך שטאַרק אָנשיכורן... איך וועל אייך פאַרשאַפן אַ שרעקלעכן ווייטיק.

— אַ דאַנק, קיטי...

קיטי האָט שנעל געעפנט די טיר.

— מוסה! — האָט זי אויסגערופן.

— איך בין דאָ.

— ווו קאָנען מיר באַקומען עטוואָס מעדיקאַמענטן.

— אין קיבוץ יגור.

— וויפל צייט דאַרף מען האָבן, כדי דאָרטן אַהינצוגיין און זיך צוריקקערן?

— אהינגיין איז נישט קיין פּראָבלעם. אָבער צוריקגיין איז שוין אַ סך שווערער. מען קאָן נישט פאָרן אַהין מיט קיין אויטאָ צוליב די ענגלישע פּאַטרולן. צופוס געדויערט דער וועג אין די בערג אַ סך שעהן. ביז אָונט וועט קיינער נישט צוריקקומען פון דאָרטן.

— איך וועל אויפשרייבן אויף אַ צעטעלע אַ רשימה פון די מעדיקאַמענטן, וועלכע איך דאַרף האָבן און שיקט תיכף אַרויס אַהין אַ שליח.

קיטי האָט זיך איבערלייגט. דער שליח קאָן ערשט קומען שפּעט בייניאַכט און אפשר קומט ער איבערהויפּט נישט צוריק. די אַמבולאַטאָריע אין קיבוץ האָט מסתמא מיטלען איינצו־שטילן אַ ווייטיק, אָבער דאָס איז נישט זיכער. אַלנפאַלס האָט זי נישט געקאָנט מער ריזיקירן און וואַרטן. זי האָט אויפגעשריבן אַ רשימה פון די מעדיקאַמענטן און מוסה האָט גלייך אַוועקגעשיקט איינעם פון די דרוזישע יונגעלייט אין קיבוץ יגור.

— קאַרען, דו וועסט מיר מוזן העלפן, אָבער דאָס וועט זיין זייער אַ פיינלעכע זאַך.

— איך וועל טאָן אַלץ, וואָס דו וועסט מיר הייסן.

— ביסט אַ גוט מיידל. זאָגט מיר, מוסה, צי האָט איר דאָ אין דאָרף אייניקע מעדיקאַמענטן?

— אייניקע זאַכן, אָבער נישט קיין סך.

— ברענגט דאָס אַהער. צוזאַמען מיט דעם, וואָס איך האָב אין מיין קעסטל, וועט דאָס קלעקן. צי האָט איר אַ טאַשן־לעמפּל — און עטלעכע ראַזיר־מעסערלעך, אָדער אַ קליינעם, שאַרפן מעסער?

— יאָ, דאָס קאָן איך אַלץ ברענגען.

— זייער גוט. איך וויל, אַז איר זאָלט די ראַזיר־מעסערלעך און דאָס מעסער אויסקאָכן אַ האַלבע שעה אין וואַסער...

מוסה האָט זיך געווענדעט צו זיינע מענטשן און געהייסן ברענגען אַלץ, וואָס קיטי האָט געבעטן.

— און איצט לייגט אַוועק אַ פּאָר קאָלדרעס אויף דער פּאָדלאָגע. ער מוז ליגן אויף אַ פעסטן באָדן. און דו, קאַרען, נעם אַוועק דאָס פּאַרבלוטיקטע לײלעך און צי איבער דאָס בעט מיט פרישן בעט־געוואַנט. מוסה, ברענגט פרישע לײלע־כער און קישנס.

— וואָס נאָך דאַרפט איר?

— יאָ. מיר וועלן דאַרפן זעקס אָדער אַכט שטאַרקע מענער, וועלכע וועלן אַראָפּנעמען אַרין פון בעט און אים האַלטן פעסט בעת דער אָפּעראַציע.

אַלץ איז געוואָרן צוגעגרייט. אויף דער פּאָדלאָגע זענען אויסגעשפּרייט געוואָרן קאָלדרעס. אַרי האָט געטרונקען איין קאָניאַק נאָכן אַנדערן. פיר דרוזן האָבן אים פּאָרזיכטיק אויפגעהויבן פון בעט און אים אַוועקגעלייגט אויף דער פּאָדלאָגע. קאַרען האָט שנעל אַראָפּגעצויגן פון בעט דאָס פּאַרבלוטיקטע ליילעך. אין דער זעלבער צייט האָט מען געבראַכט די אויסגעקאָכטע מעסערלעך. קיטי האָט זיך גרינטלעך אָפּגעוואַשן די הענט, האָט אָפּגערייניקט די ווונד און אויסגעווישט דאָס אָרט מיט יאָד. זי האָט געוואַרט ביז אַרי האָט אויסגעטרונקען אַזוי פיל קאָניאַק, אַז ער האָט שוין נישט געוווּסט וואָס מיט אים טוט זיך. דאַן האָט זי אים אַוועקגעלייגט אַ קישן אונטערן קאָפּ און אים אַריינגערוקט אַ טיכל אין מויל, כדי ער זאָל עס קאָנען בייסן מיט די ציינער בעת דער אָפּעראַציע.

— איך בין גרייט — האָט קיטי געזאָגט. — האַלט אים פעסט. מיר וועלן אָנהויבן.

איין דרוז האָט גענומען אַרין פאַרן קאָפּ. זעקס אַנדערע האָבן אים געהאַלטן פאַר די הענט און פאַרן קערפּער. איינער האָט צוגעהאַלטן דעם פוס. די אַכט דרוזן האָבן אַרין פעסט צוגעדריקט צום באָדן. קאַרען איז געשטאַנען נעבן זיי מיטן טאַשן־לעמפּל אין האַנט. קיטי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און זיך אַריבערגעבויגן איבער דער ווונד. קאַרען האָט באַלויכטן דאָס אָרט מיטן לעמפּל.

קיטי האָט גענומען דאָס ראַזיר־מעסער אין דער רעכ־

טער האַנט און געגעבן אַ ווונק צו די מענער, אַז זיי זאָלן זיין גרייט. מיט אַ שנעלער באַוועגונג האָט זי אַ שניט־געטאָן טיף איבער דער ווונד. ארי האָט אַ ציטער געטאָן. פון זיין נאָז האָט אַ שטראָם־געטאָן שליים און זיינע אויגן זענען פאַרלאָפן געוואָרן מיט טרערן. די דרוזן האָבן מיט דער גרעסטער מי אים איינגעהאַלטן אויפן אָרט.

קארען האָט געזען, ווי דאָס בלוט איז אַנטרונען פון קיטיס ליפּן און אירע אויגן זענען געבליבן פאַרגלאָצט... זי האָט אַ כאַפּ־געטאָן קיטין פאַר די האָר, האָט אויפגע־הויבן איר געזיכט און אַריינגעגאָסן אין איר מויל אַביסל קאָניאַק. קיטי האָט אַ שלוק־געטאָן און זיך אָנגעהויבן צו שטיקן. אָבער זי איז גלייך געקומען צו זיך און געגעבן אַ האַסטיקן זופּ פון דער פלאַש. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף ארין, אָבער ער איז געלעגן אין חלשות.

קארען האָט ווידער באַלויכטן דעם פּוס מיטן טאַשן־לעמפּל. קיטי האָט מיט דער לינקער האַנט פאַנאַנדערגע־נומען די ראַנדן פון דער ווונד און מיט די פינגער פון דער רעכטער האַנט האָט זי אָנגעהויבן צו גראַבלען אין שניט, זוכנדיק די קויל. אירע פינגער־נעגל האָבן זיך אָנ־געטראָפן אויף אַ האַרטן קעגנשטאַנד. מיט דער לעצטער אָנשטרענגונג האָט זי אָנגעכאַפּט די קויל און זי אַרויס־געצויגן פון פלייש.

אַ דערשעפּטע איז קיטי געבליבן זיצן אויף דער פּאָד־לאָגע. זי האָט אויפגעהויבן די אַרויסגעצויגענע קויל, זי אָנגעקוקט און אָנגעהויבן פּלוצים האַרציק צו לאַכן. די דרוזן, וועלכע האָבן געהאַלטן ארין, האָבן געקוקט אויף איר צעשטראַלטע פּאַר פרייד. אָבער אין זעלבן מאָמענט

האָט קיטי אָנגעהויבן היסטעריש צו שלוכצן און האָט זיך אויסגעצויגן ווי אין אָנמאַכט אויף דער פּאָדלאָגע.

— מוסה — האָט קאַרען זיך אָפּגערופן — לייגט אים שנעל אָוועק צוריק אין בעט. גיט אַכטונג, אַז מען זאָל אים נישט אָנרירן ביי דער וווּנד.

קאַרען האָט געהאָלפן קיטין זיך אויפשטעלן און זי צוגעפירט צו אַ שטול. קיטי האָט זיך צוזאַמענגעבראָכן. דאָס מיידל האָט אַרויסגענומען פון איר האַנט די קויל, וואָס זי האָט נאָך אַלץ געהאַלטן קראַמפּהאַפט פאַרדריקט אין די פינגער. דאַן איז קאַרען צוגעגאַנגען צו ארין, האָט באַשאָטן די וווּנד מיט סולפאנאמיד און לייכט פאַרבאַנדאַזשירט דעם פוס. קיטי איז נאָך אַלץ געזעסן אויפן שטול און געשלוכצט.

קאַרען האָט אַרויסגעשיקט אַלע מענער, האָט אָנגעגאָסן אַ גלעזל קאָניאַק פאַר קיטין און דערנאָך זיך שטיל אַרויסגעשלייכט פון צימער. קיטי האָט אויסגעטרונקען דעם קאָניאַק, האָט זיך אויפגעהויבן פון שטול און צוגעגאַנגען צו אריס בעט. זי האָט אָנגעטאַפּט זיין פולס, האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן־לעפלעך און אונטערזוכט די פאַרב פון זיין געזיכט.

— יאָ... ער איז אַרויס פון יעטוועדער סכנה...

— ארי... ארי... ארי... — האָט זי אַ וויינענדיקע געפליסטערט, טוליענדיק איר קאָפּ צו זיין ברוסט.

## קאַפּיטל 18

ארי האָט געליטן שווערע ווייטיקן. די געפּאָדערטע מעדי־קאַמענטן זענען נישט אָנגעקומען. קיטי האָט אויף קיין איין אויגנבליק אים נישט אַראָפּגעלאָזט פון אויג. א סך מאָל האָט זי געמוזט בעטן מוסה אז ער זאָל אַריינשיקן געזונטע בחורים, כדי פעסט צו האַלטן אַרין, וועלכער האָט זיך געוואָרפן אין יסורים.

אויבן, אין דאָרף, איז אָנגעגאַנגען די חתונה־שמחה. די כלה, וועלכע איז געהאַלטן געוואָרן דעם גאַנצן טאָג א פאַרשטעקטע אין איר צימער, איז אַרויסגעפירט געוואָרן צו די געסט. דער חתן, אָנגעטאָן אין א פראַק און צילינדער, איז אַרויפגעשפרונגען אויף א פערד און אוועקגעריטן אַנט־קעגן דער כלה. דער גאַנצער וועג איז געווען באַשאָטן מיט בלומען און פון ביידע זייטן איז געשטאַנען א באַוואָפנטער שפּאַלער פון דרוזן.

קאַרען איז די גאַנצע צייט געזעסן אין פאָדער־צימער. א סך מאָל איז זי אַריינגעקומען אין צימער, כדי קיטי זאָל קאָנען כאַפּן א דרימל. צומאָרגנס זענען זיי ביידע געווען צוליב דער שלאָפלאָזער נאַכט כמעט פולשטענדיק דערשעפּט.

— איך האַלט, אַז איר דאַרפט צוריקפירן די קינדער קיין גן־דפנה — האָט קיטי געזאָגט צו מוסה. — צי געפינט זיך דאָ נאָך עמעצער, וואָס קאָן ענגליש?

— יא. איך וועל אים זאָגן, אז ער זאָל קומען אהער.

— צי קאָנט איר דאָ אוועקשטעלן נאָך א בעט אָדער א

קאַנאַפּע, כּדי איך זאָל זיך קאָנען לייגן שלאָפן? איך מוז אַ געווויסע צייט זיך געפינען נעבן אַרין.

— דאָס וועט זיך לאָזן מאַכן.

קיטי איז אַריין אין צווייטן צימער, וווּ קארען איז געלעגן אויף אַ באַנק און געשלאָפן. זי האָט דעליקאַט אַ גלעטגעטאָן דאָס מיידל איבער די באַקן, קארען האָט זיך אויפגעכאַפּט.

— צי איז אַלץ בסדר? — האָט זי געפרעגט.

— ניין, ער האָט זייער גרויסע שמערצן. איך וויל, אַז דו זאָלסט היינט נאָכמיטיק אָפּפאָרן מיט די קינדער.

— אָבער קיטי...

— איך וויל גאָרנישט הערן. וועסט זאָגן דעם ד״ר ליבערמאַן, אַז איך מוז דאָ בלייבן ביז ארי וועט ארויס פון סכנה.

— מיר דארפן דאָך אָפּפאָרן איבערמאָרגן קיין ניו־יאָרק.

קיטי האָט אַ שאָקל־געטאָן מיטן קאָפּ.

— וועסט מיטיילן אין רייזע־ביורא, אַז מיר רופן אָפּ אונדזער פלי. מיר קאָנען שפּעטער אויך באַשטעלן בילעטן. איך מוז דאָ בלייבן אַזוי לאַנג, ביז עמיצער וועט קומען אהער און איבערנעמען די אויפזיכט. איך ווייס ניט, ווי לאַנג דאָס קאָן געדויערן.

קאַרען האָט אַרומגענומען קיטין און געוואָלט אַוועקגיין.

— קאַרען, זאָלסט אויך אַוועקפאָרן קיין צפת און זאָג ברוס סאטערלענדן, וווּ איך געפין זיך. פרעג אים, צי ער קאָן קומען קיין חיפה, כּדי זיך צו טרעפן מיט מיר. זאָג אים, אַז ער זאָל מיך אָפּוואַרטן אין גרעסטן האָטעל פון חיפה.

איך ווייס נישט ווי אזוי דער גרעסטער האָטעל הייסט, אָבער איך וועל אים שוין אָפּגעפינען. גיב אים מיט אייניקע קליי־דער פאַר מיר, כדי איך זאָל זיך קאָנען איבערטאָן.

מיטאָג־צייט האָבן די חתונה־געסט אָנגעהויבן צו פאַר־לאָזן דאָס דאָרף דליית אל־כרמל. די דרוזן זענען צוריק אָפּגעפאָרן אין זייערע דערפער אויפן באַרג־שפּיץ און די יידן זענען אוועק צוריק אין קיבוץ און קיין חיפה. מוסה האָט אויפגעלאָדן די קינדער אויף זיין לאַסט־אויטא און זיי אָפּגעפירט קיין גן־דפנה.

קיטי איז געבליבן אליין מיט ארין אין דער דאָזיקער פרעמדער סביבה. ערשט איצט, ווען ארום איז שטיל געוואָרן, איז צו איר באַוווסטזיין דערגאַנגען, וואָס דאָ האָט פּאַסירט. זי איז געשטאַנען נעבן אריס בעט און געפּליסטערט:

— מיין גאָט, וואָס האָב איך געטאָן?

אלע חדשים, אין וועלכע זי האָט זיך געווערט קעגן אים, דער גאַנצער ווידערשטאַנד, וואָס זי האָט אַזוי קונציק אויפ־געבויט, — האָט זיך אין איין רגע איינגעבראָכן. זי האָט פּלוצים מורא־באַקומען פאַר דער מאַכט, וואָס ארי האָט איבער איר.

שפּעט אין אָוונט איז צוריקגעקומען דער דרוז מיט די מעדיקאַמענטן פון קיבוץ יגור. ער איז געגאַנגען דורך די בערג און ער האָט זיך אָפּט געמוזט אויסבאַהאַלטן. אומעטום זענען געשטאַנען בריטישע פּאַטרולן, וועלכע האָבן געזוכט פאַרוווּנדעטע פון צווישן די אנפאַלער אויף דער תפיסה אין עכו.

קיטי האָט זיך באַנוצט מיטן ליטער פּלאַזמא און אויך

איינגעשפּריצט אַרײַן גרויסע דאָזעס פֿון פּעניציליִן כּדי נישט צו דערלאָזן צו קיין אינפֿעקציע. זי האָט אויפֿסניי באַנדאַ־זשירט די ווונד און אים געגעבן מאָרפֿיום, כּדי צו לינדערן דעם גרויסן ווייטיק.

אין משך פֿון צוויי טעג און נעכט האָט קיטי געהאַלטן אַרײַן אונטער מאָרפֿיום און זי האָט געזען, ווי זײַן צושטאַנד פֿאַרבעסערט זיך פֿון מינוט צו מינוט. דער שניט האָט זיך אָנגעהויבן צוזאַמענצוציִען. זי האָט שוין אויך מער נישט מורא־געהאַט פֿאַר ערנסטע קאָמפּליקאַציעס. ווען אַרי פֿלעגט אויף אַ קורצער ווײַלע קומען צום באַוווּסטזײַן, פֿלעגט זי אים געבן עטוואָס צום עסן. ער איז אָבער געווען גלײַכ־גילטיק צו אַלץ, וואָס אַרום אים איז פֿאָרגעקומען. די אײַנ־וווינער פֿון דרוזישן דאָרף זענען געווען באַגײַסטערט פֿון קיטיס טיכטיקייט און אויסדויער. באַזונדערס האָבן קיטין באַוווּנדערט די דרוזישע פֿרויען, וועלכע האָבן געשטוינט ווי אַזוי זי קאָמאַנדעוועט מיט די מענער.

ווען פֿאַר קיטין איז שוין קלאָר געוואָרן, אַז עס עקזיסטירט שוין מער נישט קיין געפֿאַר און די היילונג איז בלויז אַ פֿראַגע פֿון צײַט, האָט זי באַהערשט אַן אומרו און זאָרג. זי האָט זיך אויפֿסניי געשטעלט די פֿראַגע, צי זי האָט רעכט צו פֿאַרלאָזן די קינדער פֿון גן־דפֿנה. די דאָזיקע קינדער האָבן זיך געגוויטיקט אין איר. ווו איז געלעגן די גרענעץ צווישן פּראָפֿעסיאָנעלער פֿליכט און פּערזענלעכער פֿאַרפֿליכטונג? און וואָס איז מיט קאַרען? צי פֿאָרט זי קיין אַמעריקע בלויז צוליב דעם, ווײַל זי האָט מורא, אַז אין קעגנפֿאַל וועט זי פֿאַרלירן קיטין?

צומייסטן האָט קיטי זיך געקימערט וועגן א זאך, וואָס האָט זיך נישט געלאָזט דערקלערן מיטן קלאָרן שכל. זי איז שוין איינמאָל אריינגעשלעפט געוואָרן אין די ענינים פון מענטשן, וואָס זענען געווען פאר איר פרעמד: אויף ציפערן איז זי געווען אנטשלאָסן נישט צו ארבעטן פאר זיי, און דאן האָט זי דערזען דאָס מיידל קארען. איצט האָט זיך דאָ די זאך ווי איבערגעחזרט: פונקט ערב איר אָפּפאָר פון ארץ־ישראל האָט זי זיך געמוזט צוריקציען. עפעס א כוח האָט זי געשטויסן צו אריך. צי איז דאָס אַלץ געווען א צופאל, אָדער דער גורל? איר געזונטער מענטשן־פארשטאנד האָט אָפּגעוואָרפן די דאָזיקע פאנטאסטישע פארשטעלונגען, אָבער דאָך האָט קיטי זיך נישט געקאָנט באפרייען פון איר אומרו און שרעק.

אַדאַנק קיטיס מסירת־נפש האָט זיך אריס געזונט־צושטאַנד שנעל פארבעסערט. ער איז באמת אַן אויסערגעוויינלעכער מאַן — האָט זי געטראכט. א געוויינלעכער מנטש, וואָלט זיכער נישט אויסגעהאלטן די ווייטיקן. אויפן פערטן טאָג האָט זי פארקלענערט די דאָזעס פון מאָרפיום. זי האָט אויך אויפגעהערט אים צו געבן פעניצילין, ווייל זי איז שוין געווען זיכער, אז די ווונד וועט זיך פארהיילן און עס איז נישטאָ קיין מורא פאר אן אנצינדונג.

ווען ארי האָט זיך אויפגעכאַפּט אויפן פינפטן טאָג האָט ער געפילט אַ שטאַרקן הונגער. ער האָט געהאַט חשק זיך אָפּצוראַזירן און אָפּוואַשן און איז געווען אין אַ גוטער שטימונג. אָבער בעת ארי האָט דערפילט אין זיך נייע לעבנס־כוחות, האָט קיטי זיך צוריקגעצויגן אין זיך. זי האָט זיך פאַרהאַלטן לגבי אים קאַלט, ווי זי וואָלט געהאַט צו טאָן מיט אַ פּאַציענט אין איר קליניק. זי האָט אים אַרויס־

געגעבן פֿאַראָרדענונגען, ווי אַ סערזשאַנט אין מיליטער און אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן אויף דער קומענדיקער וואָך, פּונקט ווי ער וואָלט געווען אַ פֿרעמדער מענטש.

— איך האָף, אַז ביז סוף וואָך וועט איר שוין נישט דאַרפֿן מער האָבן קיין באַרואיקונגס־מיטלען — האָט קיטי געזאָגט. — איך וויל, אַז איר זאָלט אָנהויבן מאַכן גימ־נאַסטיק און אַ סך באַוועגן מיטן פֿוס. איר מוזט דערביי זיין זייער פֿאָרזיכטיק און נישט אָנרירן די וווּנד. דער שניט איז נישט פֿאַרנייט.

— ווי לאַנג וועט דויערן, ביז איך וועל קאָנען ווידער גיין?

— אָן אַ רענטגען־אויפֿנאַמע קאָן איך וועגן דעם גאָרנישט זאָגן. אויף וויפֿל אָבער איך שטעל מיך פֿאָר, וועט איר אייניקע הדשים נישט קאָנען גיין אין ערגעץ.

ארי האָט אַרויסגעלאָזט אַ לאַנגן פֿייף.

— איצט גיי איך אַ ביסל שפּאַצירן — האָט קיטי געזאָגט. — איך וועל קומען אין אַ האַלבער שעה אַרום.

— איין אויגנבליק, קיטי. איך... איר זענט געווען צו מיר זייער גוט. איר האָט מיך אָפּגעהיט ווי אַ מלאך. אָבער זינט היינט פֿרי שיינט מיר, אַז איר זענט עפּעס בייז. צי האָט עטוואָס פּאַסירט? צי האָב איך אפשר געהאַנדלט נישט ריכטיק לגבי אייך?

— איך בין פּשוט מיד פֿון אָנשטרענגונג. אין משך פֿון פֿינף נעכט בין איך כמעט ווי נישט געשלאָפֿן. עס טוט מיר לייד, וואָס איך בין נישט אימשטאַנד אייך אויפֿצוהייטערן מיט אַ ליד אָדער מיט אַ טאַנץ.

— ניין, דאָס איז נישט דאָס. דאָ שטעקט עפּעס אַנדערש. איר באַדויערט, וואָס איר זענט געקומען אַהער, נישט אמת?

— יאָ — האָט קיטי שטיל זיך אָפּגערופן.

— צי האָט איר מיך פיינט?

— צי איך האָב אייך פיינט? צי האָב איך נישט געגעבן דייטלעך צו דערקענען, וואָס איך פיל לגבי אייך? איך בעט אייך, ארי, איך בין מיד...

— און וואָס גייט דאָ? זאָגט מיר.

— איך בין בייז אויף זיך אליין צוליב דעם, וואָס איך האָב אייך ליב. צי ווילט איר נאָך עפּעס וויסן.

— איר קאָנט אָפּטמאָל זיין זייער קאָמפּליצירט, מיסיס קיטי פּרעמאַנט.

אַ לאַנגע רגע האָט קיטי אים אָנגעקוקט מיט אַ פעסטן בליק.

— אין גרונט גענומען איז די זאַך מיט מיר זייער פּשוט, ארי. איך מוז האָבן דאָס געפיל, אַז דער מאַן, וועלכן איך ליב, דאַרף מיך באמת האָבן.

— צי האָב איך נישט געגעבן דייטלעך צו דערקענען, אַז איך דאַרף אייך האָבן?

קיטי האָט איראָניש אַ שמייכל געטאָן.

— יאָ, ארי. איר דאַרפט מיך האָבן. איר האָט מיך געדאַרפט האָבן אויף ציפערן, כדי איך זאָל אַרויסשמוגלען פון לאַגער געפעלשטע דאָקומענטן און איצט דאַרפט איר מיך ווידער האָבן, כדי איך זאָל אַרויסציען אַ קויל פון אייער פוס. איר האָט באמת אַ גוטן קאָפּ. אפילו ווען איר זענט געלעגן האַלב טויט און זיך געדרייט אין יסורים, זענט איר געווען אין דער לאַגע וועגן אַלץ צו טראַכטן. איר האָט געטראַכט וועגן דעם, אַז מען זאָל אויפן לאַסט־אויטאָ אָנלאָדן אַ סך קינדער, כדי נישט אַרויסצורופן קיין פאַרדאַכט. ניין, ארי, נישט מיך האָט איר געדאַרפט האָבן. איר האָט געדאַרפט

האָבן עמיצן, וואָס זאָל זיך קאָנען אַרויסדרייען פון די ענגלישע פּאַטרולן. אָבער סוף כל סוף האָט יעדער מענטש זיינע צרות, און מיין צרה זענט איר...

— צי מוזט איר מיך דעריבער באַהאַנדלען אַזוי ווי איך וואָלט געווען אַן אוממענטש?

— יאָ, ווייל איר זענט עס. איר זענט אַ מעכאַנישע באַשעפעניש. איר זענט צופיל באַהערשט פון געדאַנק וועגן ווידעראויפלעבונג פון ארץ־ישראל און דעריבער קאָנט איר נישט זיין קיין מענטשלעך וועזן. איר ווייסט נישט וואָס דאָס הייסט עמיצן ליבן. איר פאַרשטייט נאָר צו קעמפן קעגן עמיצן. איך נעם אויף דעם קאַמף קעגן אייך, בן־כנען. איך וועל אייך באַזיגן און דאַן פאַרגעסן.

ארי האָט גאָרנישט געענטפערט. קיטי איז צוגעגאַנגען צום בעט און ער האָט געזען, אַז פון כעס האָבן זיך איר באַוויזן טרערן אין די אויגן.

— אַ געוויסן טאָג וועט איר באמת דאַרפן עמיצן האָבן — האָט קיטי געזאָגט — אָבער דאָס וועט זיין פאַר אייך זייער שווער, ווייל איר זענט נישט מסוגל צו בעטן אויפריכטיק וועגן הילף.

— פאַרוואָס גייט איר נישט אַביסל שפּאַצירן? — האָט ארי געפרעגט.

— יאָ, איך גיי אויף אַ שפּאַציר, און דאָס אויף זייער אַ לאַנגן שפּאַציר. די גוטע שוועסטער קיטי פרעמאנט האָט געטאָן איר חוב. אין עטלעכע טעג אַרום וועט קומען אַהער עמיצער פון פלמ״ח, כדי זיך צו פאַרנעמען מיט אייך. ביז דאַן וועט איר נאָך אויסהאַלטן.

זי האָט זיך האַסטיק אויסגעדרייט און געמאַכט אַ טראָט צו דער טיר.

— קיטי, ווי מוז אייגנטלעך אויסזען אַ מאַן, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן אייער גרויסאַרטיקער פאָרשטעלונג?

— ער מוז קאָנען וויינען, ארי, איך האָב באמת מיטלייד מיט אייך, בן־כנען.

קיטי האָט צומאָרגנס פאַרלאָזן דאָס דרוזישע דאָרף דליית אל־כרמל.

## קאַפּיטל 19

צוויי טעג האָט ברוס סאַטערלענד געוואַרט אויף קיטין אין האָטעל „ציון” אין חיפה. קיטי איז געווען איבער־גליקלעך ווען זיי האָבן זיך געטראָפן. נאָכן אָוונט־ברויט האָט סאַטערלענד זי מיטגענומען מיט זיין אויטאָ צום הר־הכרמל.

זיי זענען אַריין אין אַ נאַכט־לאָקאַל פון וואַנען זיי האָבן געזען די גאַנצע אַרומיקע פּאַנאָראַמע, די אונטערשטע טייל פון שטאָט, דעם פּאָרט און דעם איינגוס, וואָס האָט זיך געצויגן ביז עכו.

— ווי פילט איר זיך איצט? — האָט ער געפרעגט.

— איך דאַנק אייך, ברוס, אַ סך בעסער. איך בין אַזוי צופרידן וואָס איר זענט געקומען.

קיטי האָט באַטראַכט די אַרומיקע פּאַנאָראַמע.

— איך בין דאָ געווען דעם ערשטן טאָג פון אָנקום קיין ארץ־ישראל — האָט זי געזאָגט. — ארי האָט מיך אַהער געבראַכט. אויף וויפל איך געדענק האָבן מיר דאַן גערעדט וועגן דער שפּאַנונג אין וועלכן דאָס לאַנד געפינט זיך.

— די יידן דאָ לעבן אין שאָטן פון דער ביקס, פּונקט אַזוי ווי איר, אַמעריקאַנער, לעבן אין שאָטן פון בייס־באָל. צוליב דעם ווערן דאָ די מענטשן פאַרהאַרטעוועט.

— דאָס דאָזיקע לאַנד האָט מיך אַזוי באַהערשט, אַז איך בין שוין נישט אימשטאַנד לאָגיש צו דענקען. וואָס מער איך באַמי זיך אויפצוקלערן מיין געמיט־צושטאַנד,

אַלץ מער ווער איך פאַרפּלאָנטערט אין געפילן און אומפּאַר־שטענדלעכע כוחות. איך מוז אַנטלויפן פון דאַנען, כל־זמן דאָס לאַנד האָט מיך נישט אויפגעפרעסן.

— קיטי, מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז דב לאַנדאַו געפינט זיך אין זיכערהייט. ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין קיבוץ „המשמר". איך האָב נאָך קאַרען נישט דערציילט וועגן דעם.

— איך מיין, אַז מען דאַרף איר דאָס זאָגן. ברוס, וואָס וועט דאָ פאָרקומען?

— צי בין איך אַ נביא?

— צי מיינט איר, אַז די אונ"א וועט זיך אונטערגעבן די אַראַבישע דראָונגען?

— איך גלויב, אַז עס וועט אויסברעכן אַ מלחמה.

— און וואָס וועט געשען מיט גן־דפנה? איך מוז דאָס וויסן.

— די אַראַבער זענען מסוגל צו מאָביליזירן אין ארץ־ישראל אַן אַרמיי פון פופציק טויזנט מאַן, חוץ דעם קאָנען צוואַנציק טויזנט אַראַבער קומען אַהער אומלעגאַל פון די שכנותדיקע לענדער. עס איז שוין געווען אַמאָל אַ פאַרשוין מיטן נאָמען קאוקאדזשי, וועלכער איז געשטאַנען בראש פון די אומרוען אין די יאָרן 1936—1939. ער פאַרנעמט זיך שוין מיט אָרגאַניזירן נייע מערדער־באַנדעס. די אַראַבער קאָנען באַקומען געווער אַ סך לייכטער ווי די יידן.

— און וואָס וועלן טאָן די אַנדערע אַראַבישע לענדער, ברוס?

— די אַנדערע? מצרים און איראַק צוזאַמען האָבן אַן אַרמיי פון איבער פופציק טויזנט מאַן. סיריע און לבנון קאָנען שטעלן אויף די פיס ווייטערדיקע צוואַנציק טויזנט מאַן. עבר־הירדן האָט דעם אַראַבישן לעגיאָן, גוט־אויסגע־

שולטע זעלנער און מאָדערן געווער. לויט אונזערע היינטיקע באַגריפן האָבן נישט די אַראַבער, וואָס אַן אמת, קיין ערשט־קלאַסיקע אַרמייען, אָבער טראָץ דעם פאַרמאָגן זיי אַרטי־לעריע, קריגס־שיפן און קאַמפּס־עראָפּלאַנען.

— איר זענט דאָך געווען אַ ראַטגעבער אין „הגנה", ברוס. וואָס האָט איר זיי געזאָגט?

— איך האָב זיי געראָטן זיי זאָלן אויפשטעלן אַ פאַרטיי־דיקונגס־ליניע צווישן תל־אביב און חיפה און זיך באַמיען איינצוהאַלטן דעם דאָזיקן שמאָלן פּאַס. קיטי, די אויסזיכטן פאַר די יידן זענען אויס זייער טונקל. זיי האָבן דעם פלמ"ח מיט פיר, פינף טויזנט מאַן. זיי האָבן די „הגנה" מיט פופציק טויזנט מאַן. דאָס איז אָבער אַן אַרמיי, וואָס עקזיסטירט בלויז אויפן פּאַפּיר. זיי פאַרמאָגן בלויז צען טויזנט ביקסן. די „מכבים" קאָנען צושטעלן נאָר טויזנט מאַן, נישט מער און אויך זיי זענען באַוואָפנט בלויז מיט לייכטן געווער. די יידן האָבן נישט קיין אַרטילעריע, קיין לופט־פלאָט און קיין שיפן. זיי האָבן אָבער אָפּגעוואָרפן מיין עצה, פונקט אַזוי ווי די עצה פון אַ צווייטן מיליטערישן ראַטגעבער, אַז זיי זאָלן זיך האַלטן ביי אַ שמאָלן פאַרטיידיקונגס־פּאַס. די יידן זענען אַנטשלאָסן צו קעמפן פאַר יעדן מושב, פאַר יעדן קיבוץ און פאַר יעדן דאָרף. דאָס הייסט אַלזאָ, אַז זיי וועלן אויך פאַרטיידיקן גן־דפנה. צי ווילט איר נאָך עפּעס הערן?

קיטיס קול האָט געציטערט, ווען זי האָט געענטפערט:

— ניין... איך האָב שוין גענוג געהערט. צי איז דאָס נישט מאָדנע, ברוס? אַ געוויסע נאַכט, ווען איך בין געווען אויפן הר תבור אין דער געזעלשאַפט פון די דאָזיקע יוגנטלעכע פון פלמ"ח, האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז זיי זענען אומבאַזיגבאַר... דאָס פייער פון

שייטער און דאָס ליכט פון דער לבנה האָט אויף מיר געהאַט אַ משונהדיקע השפעה...

— אויך אויף מיר, קיטי. מיין מיליטערישע דערפאַרונג זאָגט מיר, אַז די יידן וועלן נישט זיגן אין קאַמף, אָבער ווען איך זע זייערע דערגרייכונגען אין דאָזיקן לאַנד מוז איך אָנהויבן גלויבן אין נסים.

— הלוואי, ברוס, וואָלט איך אויך געקאָנט גלויבן אין דעם...

צומאָרגנס איז קיטי אָפּגעפאָרן צוריק קיין גן־דפנה. זי איז געווען איבערראַשט, ווען זי האָט דערזען אין איר ביורא ירדנה, וועלכע האָט אויף איר געוואַרט.

— וואָס ווילט איר, ירדנה? — האָט קיטי קאַלט געפרעגט. — איך האָב נישט קיין סך צייט.

— מיר האָבן געהערט וואָס איר האָט געטאָן פאַר ארין — האָט ירדנה אַרויסגעמורמלט אין פאַרלעגנהייט. — איך האָב אייך געוואָלט דאַנקען.

— עס שיינט, אַז אייער אינפאָרמאַציע־דינסט אַרבעט ווידער אין אָרדנונג. איך באַדויער זייער, וואָס איך האָב געמוזט אָפּלייגן מיין רייזע. איבעריקנס דאַרפט איר נישט זיין פאַרפליכטעט לגבי מיר. איך וואָלט דאָס זעלבע געטאָן אפילו פאַר אַ פאַרוואונדעטן הונט.

קיטי האָט ווידער אָנגעהויבן צו מאַכן רייזע־פּלענער, אָבער ד"ר ליבערמאַן האָט זי איבערגערעדט, אַז זי זאָל בלייבן נאָך אַ פּאָר וואָכן. „עליה ב'" האָט אַריינגעבראַכט אין לאַנד ווייטערדיקע הונדערט קינדער און דער נייער פּער־סאָנאַל האָט געדאַרפט אויסגעבילדעט ווערן. אַ סך פון די

ניי־געקומענע קינדער זענען געווען אין אַ שווערן מצב, נאָכדעם ווי זיי האָבן אין משך פון צוויי יאָר זיך געפונען אין די פּליטים־לאַגערן.

קיטי איז פאַרבליבן און דאַן האָט זי ווידער באַנייט אירע רייזע־פּלענער. דאָס מאָל זענען געבליבן בלויז צוויי טעג ביז זי האָט געדאַרפט פאַרלאָזן ארץ־ישראל צוזאַמען מיט קאַרען קלעמענט.

סוף אויגוסט 1947 האָט די אויספאָרשונגס־קאָמיסיע פון אונ"א אין זשענעווע פאַרעפנטלעכט אירע מסקנות. די רעקאָמענדאַציעס פון דער מערהייט און פון דער מינדערהייט האָבן גערופן צו צעטיילן דאָס לאַנד אויף אַן אַראַבישער און אַ יידישער מדינה, ווי אויך צו אינטערנאַציאָנאַליזירן דעם ראַיאָן פון ירושלים. עס איז פאַר קיינעם קיין ספק נישט געווען, אַז די קאָמיסיע־מיטגלידער האָבן אַן אויפריכטיקן צוגאַנג צום פּראָבלעם, ווייל גלייכצייטיק האָבן זיי פאָרגעלייגט, אַז מען זאָל אַריינלאָזן קיין ארץ־ישראל יעדן חודש זעקס טויזנט יידן פון די פּליטים־לאַגערן און חוץ דעם זאָלן די יידן האָבן רעכט זיך איינצוקויפן באָדן.

די יידן האָבן געבעטן מען זאָל אָנשליסן צו זייער געביט דעם מדבר פון נגב. די אַראַבער האָבן געהאַט מיליאָנען קוואַדראַט־מיילן אומפּרוכטבאַרן באָדן. די יידן האָבן געוואָלט באַקומען דאָס קליינע נגב־געביט אין דער האָפענונג, אַז זיי וועט געלינגען אים צו פאַרוואַנדלען אין אַ פּרוכטבאַרן באָדן. די אונ"א־קאָמיסיע האָט מסכים־געווען צו דעם.

מידע פון אַ האַלבן יאָרהונדערט אַנטוישונגען און פאַראַט האָבן דער „וועד הלאומי" און די ציוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע מיטגעטיילט, אַז זיי נעמען אָן דעם פשרה־פאָרשלאַג,

טראָץ דעם, וואָס אפילו מיטן נגב איז דער צוגעטיילטער שטח געווען אַ מדינה, וועלכע איז געווען אומפעיק צום לעבן. די דאָזיקע מדינה איז באַשטאַנען פון דריי ערד־פּאַסן, וואָס זענען געווען פאַרבונדן צווישן זיך מיט שמאָלע קאָרידאָרן. אויך די אַראַבער האָבן באַקומען דריי ערד־פּאַסן, פאַרבונדענע מיט קאָרידאָרן. די יידן האָבן פאַרלאָרן זייער אייביקע שטאָט, ירושלים. זיי האָבן באַקומען דעם שרון און טיילן פון גליל און עמק, וואָס זענען אויסגעטריקנט געוואָרן דורך די יידן פון די פריערדיקע זומפּן. דער נגב איז געווען פאַרוויסט. די חלוקה האָט אויסגעזען ווי אַ מאָנסטער, אָבער טראָץ דעם האָבן די יידן זי אָנגענומען און געגעבן זייער תשובה.

אויך די אַראַבער האָבן געגעבן זייער תשובה דערקלערנ־דיק, אַז די חלוקה באַדייט מלחמה. נישט געקוקט אויף די אַראַבישע דראָונגען האָט די אונ״אָ־קאָמיסיע באַשלאָסן צו רעקאָמענדירן איר חלוקה־פּלאַן דער גענעראַל־פאַרזאַמלונג פון אונ״אָ, וואָס האָט געזאָלט זיך צונויפקומען אין דער העלפט פון חודש סעפּטעמבער.

אַלץ איז שוין געווען פאַרפאַקט און דערליידיקט. צומאָרגנס האָט קיטי געזאָלט צוזאַמען מיט קאַרען פאַרלאָזן ארץ־ישראל. פאַרטאָג האָט ברוס סאַטערלענד געזאָלט קומען מיט זיין אויטאָ און זיי אָפּפירן קיין לוד. אין אָוונט האָבן זיי געזאָלט אָפּפליען קיין רוים. די שווערע וואַליזעס זענען שוין אַרויסגעשיקט געוואָרן פריער מיט אַ שיף.

קיטי איז געזעסןביים שרייב־טיש אין איר ביוראָ און געמאַכט די רעגיסטראַציע אין די לעצטע קאַרטאָטעקעס. אַלץ וואָס איר איז פאַרבליבן צו טאָן איז געווען אַריינצולייגן די קאַרטאָטעקעס אין שאַפע, פאַרשליסן דאָס שופלעדל און

אַרויסגיין פון צימער, כדי זיך שוין דאָרטן מער קיינמאָל נישט צוריקקערן.

זי האָט גענומען די ערשטע קאַרטאָטעק און אָנגעהויבן לייענען אירע אייגענע באַמערקונגען.

**ראָבערט דיבאַי**, 16 יאָר אַלט. פראַנצויזישע בירגער־שאַפט. ראָבערט איז געפונען געוואָרן דורך ענגלישע זעלנער אין קאָנצענטראַציע־לאַגער בערגען־בעלזען. ער איז דאַן אַלט געווען דרייצן יאָר און האָט געוויגן בלויז פינף און פופציק פונט. ער האָט געזען אויף די אייגענע אויגן דעם טויט פון זיין מוטער, פאָטער און ברידער. זיין שוועסטער, וועלכע איז שפּעטער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, איז געצוווּנגען געוואָרן דורך די דייטשן צו אויסגעלאַסנקייט. ראָבערט ווייזט אַרויס סימנים פון שנאה און...

**שמואל קאַזנאָוויטש**, 12 יאָר אַלט, עסטאָנישער בירגער. קיין איינער פון זיין משפחה איז נישט געבליבן לעבן. שמואל האָט געלעבט אין אַ קעלער פון אַ קריסטלעכער משפחה, ביז ער איז געצוווּנגען געוואָרן צו אַנטלויפן אין אַ וואַלד, ווו ער האָט צוויי יאָר געלעבט אַליין...

**ראָבערט פּוטשעלי**, איטאַליענישער בירגער. עס איז נישט באַוווּסט, צי עמיצער פון זיין משפחה איז געבליבן לעבן. ער איז באַפרייט געוואָרן פון אָשוויענטשים. זיין רעכטע האַנט איז אין רעזולטאַט פון קלעפּ פאַרקריפּלט געוואָרן אויף שטענדיק...

**מארציא קלאסקין**, 13 יאָר אַלט. רומענישע בירגער־שאַפט. עס איז גאָרנישט באַוווּסט וועגן איר משפחה. זי איז געפונען געוואָרן אין דאַכאַו...

**האַנס בעלמאַן**, 10 יאָר אַלט. האָלענדישע בירגערשאַפט. עס איז גאָרנישט באַוווּסט וועגן זיין משפחה. ער איז געפונען געוואָרן אין אָשוויענטשים...

**מינה** (פאַמיליע־נאָמען אומבאַקאַנט), 7 יאָר אַלט. געבוירן געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אָשוויענטשים. עלטערן אומבאַקאַנט. מיר נעמען אָן, אַז אירע עלטערן שטאַמען פון פוילן. זי איז געבראַכט געוואָרן קיין ארץ־ישראל אָנהייב יאָר. ווען זי איז אָנגעקומען קיין גן־דפנה איז זי געווען זייער שוואַך און קראַנק. זי האָט אַרויסגעוויזן שטאַרקע פסיכישע שטערונגען...

און אַזוי איז דאָס געגאַנגען ווייטער און ווייטער: עס איז גאָרנישט באַוווּסט וועגן זייערע משפחות...

...דאָס דאָזיקע מיידל חלומט דעמזעלבן חלום, וואָס אַלע קינדער פון אָשוויענטשים. זי זעט אין חלום, אַז זי פאַרפּאַקט וואַליזעס. דאָס איז, ווי מיר ווייסן, אַ סימבאָל פון טויט, ווייל יעדעס מאָל, ווען מען האָט געפירט די פרויען אין בירקענאו צו די גאַז־קאַמערן, האָט מען אַ נאַכט פריער זיי געהייסן פאַרפּאַקן די וואַליזעס.

...דער חלום וועגן אַ רויך־ריח איז סימבאָליש פאַרן גערוך פון רויך, וואָס האָט זיך געטראָגן פון די קרעמאַטאָריעס.

זיי נעצן ביינאַכט אין בעט... זיי זענען מיסטרויאיש און ווייזן אַרויס שנאה... אנגסט־געשפּענסטער... אַגרעסיווקייט...

קיטי האָט אריינגעשטעלט די קאַרטאָטעקעס אין דער שאַפע און צוגעשלאָסן די טיר. אַ קורצע רגע האָט זי זיך אַרומגע־קוקט איבערן צימער און דאַן האָט זי אויסגעלאָשן דאָס ליכט און איז אַרויס. אינדרויסן האָט זי זיך אַ ווײַלע פאַרהאַלטן. אויפן האַלבן וועג, הויך אויפן באַרג, האָט זי דערזען אַ

שייטער־הויפן. די גדנ״עים האָבן דאָרטן געזונגען און געטאַנצט אַ „האָראַ״. קיטי האָט מיט איר טאַשן־לעמפּל באַלויכטן דעם וועג און איז אַריבער די גראָז־לאָנקע. אויפן אָרט זענען אויסגעגראָבן געוואָרן נייע פאַרטיידיקונגס־טראַנשייען און נעבן קינדער־הויז זענען אויפגעשטעלט געוואָרן גרעסערע בונקערס.

— שלום, פרוי קיטי — האָבן זיך צעשריען די קינדער, וועלכע זענען געלאָפן צום שפּיל־זאַל.

קיטי האָט געעפנט די טיר פון איר וווינונג. די וואַליזעס זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט ביי דער טיר, אין אַ ריי.

— קאַרען! — האָט זי אויסגערופן. — ווו ביסטו?

קיינער האָט נישט געענטפערט, אָבער אויפן קיך־טיש האָט זי געפונען אַ צעטעלע.

טייערע קיטי. די חברה האָט זייער געוואָלט מאַכן אַ שייטער־הויפן ערב מיין אָפּפאָר. איך קום גלייך. קארען.

קיטי האָט פאַרויכערט אַ סיגאַרעט און אָנגעהויבן נערוועז צו שפּרייזן הין און צוריק איבערן צימער. זי האָט פאַרצויגן די פאָרהאַנגען, כדי נישט צו דאַרפן זען די ליכטער, וואָס האָבן זיך געטראָגן צו איר פון טאָל. אַ פאַרטראַכטע האָט זי אפילו נישט באַמערקט, אַז זי האָט צונויפגעדריקט אין אירע הענט דעם שטאָף פון די פאָרהאַנגען, וועלכע זענען אויפ־געניייט געוואָרן ספּעציעל פאַר איר דורך די קינדער פון גן־דפנה. צען פון די דאָזיקע קינדער האָבן שוין פאַרלאָזן גן־דפנה און זענען אַריינגעטראָטן אין פלמ״ח.

אין צימער איז געווען שטיקנד הייס. זי איז אַרויס אויפן

באַלקאָן. אינדרויסן איז די לופט געווען אָנגעזאַפּט מיטן אַראָמאַט פון בליענדיקע רויזן. קיטי האָט זיך געלאָזט גיין לענג־אויס די קליינע הייזלעך, וואָס האָבן זיך געטונקט אין גרינס און בלומען. ווען זי איז אָנגעקומען צום סוף פון וועג האָט זי געהאַט בדעה זיך אומצוקערן, אָבער פּלוצים האָט זי באַמערקט אַ ליכט־שיין אין פענצטער פון ד״ר ליבערמאַנס וווינונג.

— אַן אַלטער, אָרעמער מאַן — האָט קיטי געטראַכט. זיין זון און טאָכטער האָבן פאַרלאָזן דעם אוניווערסיטעט און זיך אָנגעשלאָסן צו דער פּלמ״ח־גרופּע פון נגב. קיטי איז צוגעגאַנגען צו דער טיר און אָנגעקלאַפּט. דער שומר פון באַראַק, אַן אַלטער און מאָדנער טיפּ ווי ד״ר ליבערמאַן אַליין, האָט זי אַריינגעפירט אינעווייניק. ד״ר ליבערמאַן איז געזעסן איינגעבויגן ביי זיין שרייב־טיש. פאַר אים איז געלעגן אַן אַלטע, צעבראָכענע שטיק קעראַמיק אויף וועלכער עס האָט זיך געפונען אַ העברעאישע אויפשריפט. פון ראַדיאָ האָבן זיך שטיל געטראָגן די טענער פון שומאַנס אַ סימפאָניע. ד״ר ליבערמאַן האָט באַמערקט קיטין און ער האָט גלייך אָפּגעלייגט דאָס פאַרגרעסער־גלאָז אין אַ זייט.

— שלום, קיטי! — האָט ער אויסגערופן.

— שלום! — האָט קיטי געענטפערט.

ד״ר ליבערמאַן האָט זיך צעשמייכלט. ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געהערט, אַז קיטי זאָל זיך מיט אים באַגריסן אויף העברעאיש.

— שלום, קיטי — האָט ער געזאָגט. — דאָס איז אַ וווּנדערבאַר וואָרט אין מויל פון פריינט, ווען זיי דאַרפן זיך געזעגענען.

— שלום איז אויך אַ ווונדערבאַר וואָרט ווען גוטע פריינט טרעפן זיך...

— אָבער, קיטי, מיין טייערע...

— יאָ, ד״ר ליבערמאַן... שלום... איך בלייב אין גן־דפנה... דאָ איז מיין אָרט...

# דאס פערטע בוך

## דערוועק דיךמיין זעל...

חנני אלוהים, חנני, כי בך חסיה נפשי ובצל־כנפיך אחסה עד יעבור הוות... ישלח משמים ויושיעני, חרף שאפי סלה, ישלח אלוהים חסדו ואמיתו. נפשי בתוך לבאים אשכבה, לוהטים בני־אדם, שיניהם חנית וחיצים ולשונם חרב חדה... רשת הכינו לפעמי, כפף נפשי, כרו לפני שיחה, נפלו בתוכה, סלה... עורה כבודי... אעירה שחר...
תהלים, נ״ז

לייטזעליק מיך, גאט, לייטזעליק מיך, ווארום אין דיר האט זיך גע־שיצט מיין זעל, און אין שאטן פון דיינע פליגלען וועל איך מיך שיצן, ביז די אומגליקן וועלן אריבער... ער וועט שיקן פון הימל און מיך העלפן, מעג לעסטערן דער, וואס וויל מיך איינשלינגען, סלה; גאָט וועט שיקן זיין חסד און זיין טריישאַפט. מיין זעל איז צווישן לייבן, איך ליג צווישן מענטשנקינדער להוטע, זייערע ציין זענען שפיזן און פיילן און זייער צונג א שווערד א שארפע... א נעץ האבן זיי אנגעברייט פאר מיינע טריט, מען האט איינגעבויגן מיין זעל, זיי האָבן געגראָבן פאַר מיר אַ גרוב, זענען זיי אַליין אריינ־געפאלן אין איר, סלה... דערוועק דיך, מיין זעל... לאָמיר אויפוועקן דעם באגינען...

תהלים, נ״ז
(יידישע איבערזעצונג פון יהואש)

## קאַפּיטל 1

האַרבסט 1947. אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס. פלעשינג־מידאו, ניו־יאָרק.

דער משפט פון יידישן פאָלק, וואָס איז שוין אַלט זעקס טויזנט יאָר, איז געבראַכט געוואָרן פאַרן געוויסן פון דער מענטשהייט.

חיים ווייצמאַן, דער וואָרטזאָגער פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, און דער אַלטער פּאָליטיקער ברק בן־כנען, זענען געשטאַנען בראש פון א צוועלף־פּערזאָניקער דעלעגאַציע, וואָס איז געקומען קיין ניו־יאָרק צו דער דעצידירנדער זיצונג. די מיטגלידער פון דער דאָזיקער דעלעגאַציע, וועלכע האָבן יאָרן־לאַנג זיך באַמיט מען זאָל זיי אויסהערן, אָבער האָבן זיך שטענדיק אָנגעטראָפן אויף פיינטשאַפט, — האָבן אויך דאָסמאָל זיך נישט געמאַכט קיין גרויסע אילוזיעס.

אין דער וווינונג פון ד״ר ווייצמאַן, וואָס האָט זיך געפונען אין מאַנהעטן, איז אויפגעשטעלט געוואָרן דער שטאַב. די מיטגלידער פון דער דעלעגאַציע האָבן געהאַט פאַר אַן אויפגאַבע צו מאָביליזירן שטימען. ד״ר ווייצמאַן האָט גענומען אויף זיך א פערזענלעכע אויפגאַבע: ער האָט אַלארמירט די יידן אויף דער וועלט זיי זאָלן אינטערווענירן ביי זייערע רעגירונגען און אויסאיבן א דרוק ערב דער דעצידירנדיקער אָפּשטימונג אין אונא.

ברק בן־כנען האָט געאַרבעט שטיל, הינטער די קוליסן. זיין אויפגאַבע איז געווען נאָכצופאָלגן די ענדערונגען אין די כוחות־פאַרהעלטענישן, וואָס האָבן זיך זייער אָפּט און שנעל געביטן, אַנאַליזירן דעם מצב, כדי אויסצוגעפינען שוואַכע ערטער, און פאַנאַנדערשיקן די באַזונדערע דעלע־גאַציע־מיטגלידער דאָרטן, וווּ די לאַגע האָט עס געפאָדערט.

נאָך אַ ריי פּאָליטישע מאַנעוורעס איז די פראַגע פון צעטיילן ארץ־ישראל ענדלעך ארויפגעבראַכט געוואָרן אויף דער טאָג־אָרדענונג פון דער פּלענאַרער אונאָ־סעסיע.

די אַראַבער זענען געקומען קיין לייק־סאַקסעס זיכער מיט זייער זיג. עס איז זיי געלונגען צו דערפירן צו דעם, אַז מען זאָל אַריינעמען אין אונאָ אַלס מיטגלידער די מוסולמענישע מדינה אַפגאַניסטאַן און דאָס מיטלאַלטערלעך־פעאָדאַלע תימן. אַזוי אַרום איז די צאָל שטימען פון אַראַביש־מוסולמענישן בלאָק אויף דער פּלענאַרער אונאָ־סעסיע גע־שטיגן ביז עלף. גלייכצייטיק האָבן די אַראַבער אויסגענוצט ווי ווייט מעגלעך דעם קאַלטן קריג צווישן די צוויי גרויס־מאַכטן — די פאַראייניקטע שטאַטן און דעם ראַטנפאַרבאַנד, און אויסגעשפּילט איינעם קעגן אַנדערן.

גלייך פון אָנהויב איז געווען קלאָר, אַז די טיילונג פון ארץ־ישראל קאָן דערגרייכט ווערן נאָר דאַן, ווען ביידע גרויסמאַכטן וועלן געבן זייער הסכמה צו דעם. רוסלאַנד און די פאַראייניקטע שטאַטן זענען נאָך ביז איצט נישט געווען איינשטימיק אין קיין שום פראַגע און עס האָט נישט אויס־געזען וואַרשיינלעך, אַז אין דער פראַגע פון ארץ־ישראל זאָלן זיי פלוצים האָבן איינע און די זעלבע מיינונג. כדי דער באַשלוס זאָל אָנגענומען ווערן דורך דער אונאָ, איז

נויטיק געווען צוויי דריטל שטימען. די יידן האָבן אלזאָ געמוזט מאָביליזירן צוויי און צוואָנציק שטימען, כדי מען זאָל איבערשטימען די עלף לענדער פון אראביש־מוסולמענישן בלאָק.

די אינטערנאַציאָנאַלע פרעסע איז אין אלגעמיין געגומען געווען פארן חלוקה־פּלאַן. חוץ דעם זענען דערשינען אויף דער אַרענע דער גענעראַל סמאַטס פון דרום־אפריקע און יאַן מאַסאַריק. זיי זענען געשטאַנען אויף דער זייט פון די יידן. דענעמאַרק, נאָרוועגיע און אייניקע אַנדערע מדי־נות זענען געווען פעסט אין זייער שטעלונג און מען האָט זיך געקאָנט אויף זיי פאַרלאָזן. די נטיה פאַר דעם צעטיילונגס־פּלאַן איז געווען זייער א שטארקע, אָבער סימפּאַטיעס אליין זענען געווען נישט גענוגנד, כדי צו באַקומען אַ מערהייט.

אין דאָזיקן מאָמענט האָבן די פיר גרויסמאכטן איבער־געלאָזן דעם יידישן ישוב אין ארץ־ישראל אויף הפקר. פראנקרייך, וועלכע האָט אָפן סימפּאטיזירט מיט דער עליה און געהאָלפן די פּליטים צו פארלאָזן די לאַגערן, האָט זיך פלוצים פארזיכטיק צוריקגעצויגן. אין די פראנצויזישע קאָלאָניעס, — מאראָקא, אלזשיר און טוניס, — האָט זיך אָנגעהויבן צו פילן אן אויפרודערונג צווישן די דאָרטיקע אַראַבער און פראַנקרייכס שטיצע פאַר דער צעטיילונג פון ארץ־ישראל, וואָלט געקאָנט דערפירן צו אומרוען.

די לענדער פון צענטראַל־און דרום־אַמעריקע האָבן גע־האַט אַ דריטל פון די זיבן און פופציק שטימען אין דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס. דאָס רוב פון די דאָזיקע מדינות איז געווען ווייט פון ארץ־ישראל־פּראָבלעם

און זיי זענען געווען נייטראַל. דער ישוב האָט געוואָלט, אַז ירושלים זאָל זיין די הויפּט־שטאָט פון דער נייער יידי־שער מדינה. די שטעלונג איז געווען, אַז אַ יידישע מדינה אָן ירושלים איז פּונקט אַזוי ווי אַ גוף אָן אַ האַרץ. די לאַ־טיין־אַמעריקאַנישע לענדער זענען דער עיקר קאַטוילישע און דער וואַטיקאַן איז געווען פאַראינטערעסירט אין אינ־טערנאַציאָנאַליזירן ירושלים. ווען דער ישוב וואָלט זיך גע־האַלטן פעסט ביי זיין פאָדערונג וועגן ירושלים, וואָלט ער זיכער פאַרלאָרן די שטימען פון לאַטיין־אַמעריקע.

טראָץ די אַלע שוועריקייטן האָבן די שליחים פון ישוב געאַרבעט טאָג און נאַכט האָפנדיק גלייכצייטיק אויף אַ נס. דער ישוב האָט זיך באַנוצט מיטן עפעקטיווסטן געווער, און דאָס איז געווען — דער אמת. בעת אירע אויספאָרשונגען אין ארץ־ישראל האָט די אונאַ־קאָמיסיע זיך אָנגעטראָפן אויפן אמת: דער אמת איז געווען, אַז אין ארץ־ישראל האָט געהערשט אַ רעזשים פון טיראַניע; דער אמת איז געווען, אַז זינט דעם מיטלאַלטער האָבן די אַראַבער נישט געמאַכט קיין שום פאָרשריט אויפן קולטורעלן, ווירטשאַפטלעכן און געזעלשאַפטלעכן געביט; דער אָפענער אמת איז געווען, אַז די יידן האָבן פאַרוואַנדלט דעם מדבר אין אַ בליענדיקן גאָרטן; דער אמת איז געווען, אַז די יידן האָבן אַנטוויקלט אַ גרויסע אינדוסטריע און האָבן אַרויסגעוויזן אויסערגע־וויינלעכע פעאיקייטן ביים פּלאַנירן די אַנטוויקלונג פון ישוב; דער אמת האָט עדות געזאָגט — ווי דאָס איז געווען צו זען פון די פּליטים־לאַגערן — אַז די יידישע פאָדערונ־גען האָבן אַ טיף הומאַניטאַרן כאַראַקטער.

גראַנאַדאָס פון גוואַטעמאַלאַ, לעסטער פּירסאָן פון קאַ־נאַדע, עוואט פון אויסטראַליע, מאַסאַריק פון טשעכאָסלאָ־

וואַקיע, סמאטס פון דרום־אפריקע, פאַבריגאַט פון אורוגוויי, ווי אויך אַ סך פשוטע מענטשן פון קליינע נאַציעס האָבן נישט דערלאָזט צו דעם, אַז דער אמת זאָל דערשטיקט ווערן אין „פלעשינג מידאָו".

דער ראַטנפאַרבאַנד האָט געהאַט אַנדערע סיבות, כדי נישט דערלאָזן צו דער צעטיילונג. זינט צענדליקער יאָרן איז דער ציוניזם אין ראַטנפאַרבאַנד געווען פאַרבאָטן. די רוסן האָבן געפירט אַ פּאָליטיק פון פולשטענדיק אַסימילירן די יידן, אָבער דער ציוניזם און דאָס שאַפן אַ יידישע מדינה וואָלט געקאָנט דערמאָנען די סאָוויעטישע יידן, אַז זיי זענען יידן. דער ראַטנפאַרבאַנד איז דעריבער געווען קעגן דער צעטיילונג. די סאָוויעטישע שטעלונג האָט פאַרשטייט זיך באַאיינפלוסט די האַלטונג פון די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער.

באַזונדערס שווער האָט געטראָפן די יידן די שטעלונג פון אַמעריקע. דער אַמעריקאַנער פּרעזידענט, די פּרעסע און די עפנטלעכע מיינונג האָבן ארויסגעוויזן סימפּאַטיע פאַר די נויטן פון די יידן, אָבער די אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטיק האָט געצוווּנגען דער אַמעריקאַנער רעגירונג אָנצונעמען אַ צווייי־דייטיקע שטעלונג. ווען אַמעריקע וואָלט אָפיציעל אונטערגע־שטיצט די צעטיילונג פון ארץ־ישראל, וואָלט דאָס דערשיטערט דעם פונדאמענט פון דער מערב־וועלט, היות די אַנגלאָ־אַמע־ריקאַנישע סאָלידאַריטעט וואָלט צעבראָכן געוואָרן. ענגלאַנד איז נאָך אַלץ געווען די הערשנדיקע מאַכט אין מיטעלן מזרח און די אַמעריקאַנער אויסערן־פּאָליטיק איז געווען אומצע־טיילבאַר פאַרבונדן מיט דער ענגלישער אויסערן־פּאָליטיק. ווען אַמעריקע וואָלט געווען פאַר דער טיילונג, וואָלט דאָס

גלייכצייטיק ארויסגערופן אַ שטורעם אין דער בריטישער עפנטלעכער מיינונג.

אַמעריקע איז גלייכצייטיק געשטאַנען אין אַנבליק פון אַ נאָך גרעסערער געפאַר, ווי דער עווענטועלער ריס מיט ענג־לאַנד. די אַראַבער האָבן געדראָט מיט מלחמה אין פאַל ווען די אונ״א וועט באַשליסן וועגן צעטיילן ארץ־ישראל. אין פאַל פון אַ מלחמה, וואָלט אַמעריקע געווען געצוווּנגען צו קעמפן פאַרן שלום, אָבער דאַן וואָלטן די סאָוויעטן און זייערע סאַ־טעליטן געשיקט מיליטער אין מיטעלן מזרח, וואָס וואָלט פאַרשטאַרקט די געפאַר פון אַ דריטן וועלט־קריג.

פון צווישן די פיר גרויסמאַכטן איז ענגלאנד געווען דער געפערלעכסטער און אַנטשיידנסטער קעגנער פון חלוקה־פּלאַן. ווען די ענגלענדער האָבן געבראַכט פאַר דער אונ״א די פראַ־גע פון ארץ־ישראל־מאַנדאַט, זענען זיי ארויס פון דער הנחה, אַז די אונאָ וועט נישט זיין אומשטאַנד צו געפינען אַ לייזונג פון פּראָבלעם און דעריבער וועט מען בעטן ענגלאַנד זי זאָל ווייטער בלייבן אין ארץ־ישראל. אָבער דאַן איז קיין ארץ־ישראל געקומען די אויספאָרשונגס־קאָמיסיע פון אונ״א און די מסקנות פון דער דאָזיקער קאָמיסיע האָבן פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ שאַרפע קריטיק אויפן אַדרעס פון דער ענגלישער פּאָליטיק.

די ענגלענדער האָבן פאַר יעדן פרייז געוואָלט בלייבן אין מיטעלן מזרח און אַלס קעגנער פון צעטיילונגס־פּלאַן האָבן זיי געקאָנט דערשיינען אַלס סימפּאַטיקער פון די אַראַבער. גרויס־בריטאַניע האָט קונציק אויסגענוצט די מורא פון אַמע־ריקע פאַר דער מעגלעכקייט פון אַ רוסישער אינטערווענץ אין מיטעלן מזרח און זי האָט מיטגעטיילט, אַז זי האָט בדעה

צו עוואַקואירן איר מיליטער פון ארץ־ישראל נישט שפּעטער ווי אין אויגוסט 1948. נאָכמער. ענגלאַנד האָט געמאָלדן, אַז זי וועט נישט דערלויבן זיך צו באַנוצן מיט אירע מיליטערי־שע כוחות, כדי צו רעאַליזירן דעם עווענטועלן אונ״א־באַשלוס. אויף אַזאַ אופן האָט ענגלאַנד שאַנטאַזשירט אַמעריקע און אויסגעפּועלט אַז די מדינות וואָס געהערן צום בריטישן קאָ־מאַנוועלט זאָלן זיך אָפּהאַלטן פון שטימען. גלייכצייטיק האָט זי אויסגעאיבט אַ דרוק אויף אַ ריי קליינע אייראָפּעאישע מדינות, וואָס זענען געווען ווירטשאַפטלעך אָפּהענגיק פון גרויס־בריטאַניע.

פּונקט אַזוי שוואַרץ האָט עס אויסגעזען בנוגע אַנדערע לענדער. בעלגיע, האָלאַנד און לוקסעמבורג האָבן זיך אונ־טערגעגעבן דעם ענגלישן דרוק און די איבעריקע קליינע מדי־נות, אויף וועלכע דער ישוב האָט זיך געשטיצט, האָבן זיך אָנגעהויבן צו וואַקלען.

די שטעלונג פון די אַזיאַטישע לענדער איז געווען זייער אַ לייכטזיניקע. זי האָט זיך געענדערט פון טאָג צו טאָג און פון שעה צו שעה. עס איז אָבער קלאָר געווען, אַז מדינות פון אַזיע וועלן זיך שטעלן אויף דער זייט פון די אַראַבער, כדי צו דעמאָנסטרירן פאַר די מערבדיקע גרויסמאכטן זייער איי־ביקע שנאה צום קאָלאָניאַליסטישן אימפּעריאַליזם.

גריכנלאַנד האָט שטאַרק פיינט געהאַט די אַראַבער, אָבער הונדערט פופציק טויזנט גריכישע בירגער האָבן געוווינט אין מצרים. די מצרים האָבן אָפן און קלאָר דערקלערט, אַז אויב גריכנלאַנד וועט שטימען פאַרן חלוקה־פּלאַן, וועט דאָס שווער טרעפן דער גריכישער מינדערהייט אין מצרים. אַביסי־ניע האָט נישט קיין גרויסע סימפּאַטיעס פאַר מצרים, אָבער

זי איז פֿאַרבונדן מיט איר געאָגראַפֿיש און ווירטשאַפֿטלעך. ראמולו פֿון די פֿיליפּינען איז געווען קעגן דער צעטיילונג. קאָלומביא האָט אָנגענומען אַן אָפֿענע אַנטי־יידישע שטעלונג.

אין נאָוועמבער 1947 איז ענדלעך געשען דער „נס פֿון לייק סאַקסעס".

צוערשט איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אַ פֿאַרזיכטיק־פֿאָרמולירטע דעקלאַראַציע פֿון אמעריקע, אין וועלכער עס איז פֿעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז די פֿאַראייניקטע שטאַטן שטיצן „אין פּרינציפּ" דעם חלוקה־פּלאַן.

און דאַן איז געשען אַ זאַך, וואָס האָט אויפֿגעטרייסלט די גאַנצע וועלט. דער ראַטנפֿאַרבאַנד, וועלכער האָט צענדליקער יאָרן פֿאַרפֿאָלגט דעם ציוניזם, האָט אויף אַן איבעראַשנדן אופֿן פֿלוצים געענדערט זיין שטעלונג און מיטגעטיילט וועגן זיין שטיצע פֿאַרן צעטיילונגס־פּלאַן. די דאָזיקע ידיעה איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן נאָך אַ געהיימער זיצונג פֿון סלאַווישן בלאָק אין אונאָ. ווישינסקי האָט געהאַלטן אַ פֿלאַמיקע רעדע וועגן די טייכן פֿאַרגאָסענעם יידישן בלוט און וועגן דער גערעכטער פֿאָדערונג פֿון די יידן אויף אַ היימלאַנד.

הינטער דער דאָזיקער הומאַניטאַרער מאַסקע האָבן די רוסן אויסבאַהאַלטן אַ גרויסן פּאָליטישן מאַנעוור. קודם־כּל האָבן זיי דורכדעם עפֿנטלעך דעמאָנסטרירט זייער אומצוטרוי צו די אַראַבער. פֿאַר די רוסן איז געווען קלאָר, אַז די אַראַבישע דראָונגען זענען נישט מער ווי אַ פּוסטע פּלוידעריי. רוסלאַנד האָט זיך געקאָנט דערלויבן אויף דעם, אַז היינט זאָל זי שטימען פֿאַר דער צעטיילונג פֿון ארץ־

ישראל און מאָרגן זאָל זי ווידער געווינען די אַראַבער. די סאָוויעטישע סטראַטעגיע האָט קודם־כל געצילט צו שטעמפּלען די ענגלענדער אַלס טיראַנען און גלייכצייטיק מאַכן אַ שריט, וואָס זאָל דערמעגלעכן די אַריינדרינגונג פון ראַטנפאַרבאַנד אין ראַיאָן פון מיטעלן מזרח. חוץ דעם איז פאַר די רוסן געווען קלאָר, אַז צוליב דער סאָוויעטישער צושטימונג צום צעטיילונגס־פּלאַן וועט אויך אַמעריקע זיין געצווונגען דאָס צו טאָן, אַנישט וואָלטן די פאַראייניקטע שטאַטן פאַרלאָרן זייער גוטן נאָמען אויף דער וועלט און דאָס האָט באַדייט אונטערגראָבן די אַנגלאָ־אַמעריקאַנישע סאָלידאַריטעט. צום סוף האָט דער ראַטנפאַרבאַנד אַליין געוואָלט געווינען פּרעסטיזש אויף דער וועלט אין שייכות מיט זיין „הומאַניטאַרער דעקלאַראַציע". און אַזוי אַרום האָט דער ישוב פּלוצים באַקומען אַ פאַרבינדעטן פון אַ גאַנץ אומדערוואַרטעטער זייט.

ביידע גרויסמאַכטן האָבן אויף אַ פאַרזיכטיקן אופן אויס־געאַרבעט אייגענע דעקלאַראַציעס לטובת דעם חלוקה־פּלאַן. אין די קולואַרן פון אונאָ האָבן זיך יעדע שעה פאַרשפּרייט אַנדערע קלאַנגען. דאָס גרויסע שאַך־שפּיל איז אָנגעגאַנגען ווייטער. אין די דראַמאַטישע מאַנעווערס האָבן גראַנאַדאָס און פּירסאָן זיך פאַרוואַנדלט אין צענטראַלע געשטאַלטן. נאָך אַ סך באַמיאונגען איז זיי ביידן געלונגען צונויפצופירן אַמעריקע און ראַטנפאַרבאַנד ביי איין קאָנפערענץ־טיש. צום סוף פון דער דאָזיקער קאָנפערענץ האָבן ביידע גרויסמאַכטן דערקלערט אין אַ בשותפותדיקער דעקלאַראַציע, אַז זיי זענען פאַרן פּלאַן פון צעטיילן ארץ־ישראל.

די אַראַבער האָבן געמאַכט דעם לעצטן פאַרצווייפלטן

פּרווו, כדי נישט צו דערלאָזן צו דעם, אַז דער פאָרשלאָג זאָל געבראַכט ווערן צו דער פּלענאַרער סעסיע פון אונאָ. עס האָט זיך דערביי אַרויסגעשטעלט, אַז מען וועט דאַרפן פריער דורכפירן אַ פּראָבע־אָפּשטימונג. כדי צו ברענגען דעם ענין פאַר דער גענעראַל־פאַרזאַמלונג איז נויטיק גע־ווען בלויז אַ מערהייט פון שטימען און די פּראָבע־אָפּשטי־מונג האָט געדאַרפט ווייזן די כוחות־פאַרהעלטענישן צווישן די צדדים. בעת דער אָפּשטימונג איז דערגרייכט געוואָרן אַ מערהייט פאַר דעם, אַז די רעזאָלוציע זאָל געבראַכט ווערן פאַר דער פּלענאַרער סעסיע. די דאָזיקע אָפּשטימונג איז אָבער געווען אַ קלאַפּ פאַרן יידישן ישוב. פינף און צוואַנ־ציק שטימען זענען געווען פאַר דער רעזאָלוציע, דרייצן — קעגן, זיבעצן — האָבן זיך אָפּגעהאַלטן און צוויי — זענען געווען אָפּוועזנד. ווען די דאָזיקע פאַרהעלטעניש זאָל בלייבן בעת דער ענדגילטיקער אָפּשטימונג אין אונאָ, וואָלטן די יידן נישט דערגרייכט קיין צוויי דריטל שטימען, כדי די גענעראַל־פאַרזאַמלונג זאָל באַשטעטיקן די רעזאָלוציע וועגן צעטיילן דאָס לאַנד. פראַנקרייך, בעלגיע, לוקסעמבורג, האָלאַנד און ניי־זעלאַנד האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פון שטימען. פּאַראַגוויי און פיליפּינען זענען געווען אָפּוועזנד.

גלייכצייטיק האָבן די אַראַבער פעסטגעשטעלט, אַז אַ סך „זיכערע״ שטימען, וואָס זענען געווען פאַרן חלוקה־פּלאַן האָבן זיך צוריקגעצויגן און די יידן וועלן נישט באַ־קומען די נויטיקע מערהייט. זייענדיק זיכער, אַז די יידן וועלן דורכפאַלן האָבן די אַראַבער פּלוצים געענדערט זייער טאַקטיק און אָנגעהויבן דרינגענד צו פאָדערן, אַז דער ענין פון צעטיילן ארץ־ישראל זאָל וואָס שנעלער געבראַכט ווערן פאַר דער גענעראַל־פאַרזאַמלונג פון דער אונאָ.

מיטוואָך, 27־טער נאָוועמבער, 1947 יאָר.

די לעצטע שטורמישע דעבאַטעס. די מיטגלידער פון דער יידישער דעלעגאַציע זענען געזעסן אין אַ ספּעציעל־צוגע־טיילטן פליגל פון גרויסן זאַל, ווו עס איז פאָרגעקומען די גענעראַל־פאַרזאַמלונג פון אונאָ. זיי האָבן אויסגעזען ווי מענטשן, וועלכע דערוואַרטן אַ טויט־אורטייל. די פּראָבע־אָפּשטימונג האָט זיי שטאַרק צערודערט און אין גאַנג פון דער דיסקוסיע זענען די אויסזיכטן געוואָרן אַלץ קלענער און קלענער.

גריכנלאַנד, פון וועלכער מען האָט דערוואַרט, אַז זי וועט זיך אָפּהאַלטן פון שטימען צוליב איר פריינטלעכער באַציאונג צו אַמעריקע, האָט אָפן דערקלערט, אַז זי האָט בדעה צו שטימען קעגן דער צעטיילונג, אויס מורא פאַר די מצרישע רעפּרעסיעס לגבי די גריכישע בירגער אין מצ־רים. פיליפּינען, וועלכע האָבן געזאָלט שטיצן די אַמערי־קאַנער שטעלונג, האָבן ווידער געענדערט זייער מיינונג. די דעלעגאַציע פון האַיטי איז פלוצים געבליבן אָן אינסטרוק־ציעס פון איר רעגירונג. ליבעריע האָט אָנגעהויבן פירן אַ צווייי־דייטיקע שפּיל און סיאַם איז אַריבער צום אַראַבישן לאַגער.

דאָס איז געווען אַ „שוואַרצער מיטוואָך" פאַר די יידן.

די פריינט פון די יידן האָבן דאַן געמאַכט אַ פאַרצוויי־פלטן פרווו, אַז די ענדגילטיקע אָפּשטימונג זאָל אָפּגעלייגט ווערן. זיי האָבן אויף דער זיצונג אַזוי לאַנג גערעדט, ביז עס איז שפּעט געוואָרן. צומאָרגנס האָט אין אַמעריקע געדאַרפט געפייערט ווערן דער „דאַנק־טאָג" און צוליבן דאָזיקן יום־טוב זענען נישט פאָרגעקומען קיין אונאָ־זיצונגען. דאָס האָט באַ־

דייט אַן איבערייס פון פיר און צוואַנציק שעה, בעת וועלכע מען האָט געקאָנט מאָביליזירן נייע שטימען.

די דעלעגאַציע פון ישוב האָט זיך שנעל פאַרזאַמלט אין איינעם פון די זיצונגס־צימערן. אַלע האָבן גלייכצייטיק גע־רעדט, ביז ברק בן־כנען איז געווען געצוווּנגען אויסצו־שרייען מיט זיין לייבן־שטים:

— שטיל זאָל זיין! מיר האָבן פאַר זיך פיר און צוואַנ־ציק שעה. לאָמיר נישט אַריינפאַלן אין קיין בהלה.

אין צימער איז אַן אויפגערעגטער אריינגעפאַלן ד״ר ווייצמאַן.

— איך האָב נאָר וואָס דערהאַלטן אַ טעלעגראַמע פון פאַריז, אַז לעאָן בלום האָט פערזענלעך אינטערווענירט ביי דער פראַנצויזישער רעגירונג, זי זאָל שטיצן דעם חלוקה־פלאַן. — האָט ד״ר ווייצמאַן אויסגערופן.

דאָס איז געווען אַ זייער דערפרייענדיקע ידיעה, ווייל דער געוועזענער פראַנצויזישער פרעמיער איז געווען אַ מענטש, וועמענס מיינונג עס האָט געהאַט אַ גרויסע באַ־דייטונג.

— צי קאָן נישט אַמעריקע משפיע־זיין אויף גריכנלאַנד און פיליפינען, אַז זיי זאָלן שטימען פאַרן פאָרשלאַג?

דער דעלעגאַט, וועלכער האָט געפירט זיין טעטיקייט צווישן די אַמעריקאנער, האָט אַ שאָקל־געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין.

— טרומאַן האָט אַרויסגעגעבן אַ שטרענגע אָנווייזונג, אַז די אַמעריקאַנער פאָרשטייער זאָלן נישט אויסאיבן קיין שום דרוק אויף וועמען עס איז אין דער פראַגע פון חלוקה־פלאַן. פון דער דאָזיקער שטעלונג וועלן די אַמעריקאנער נישט אָפּטרעטן.

אין דער זעלבער רגע האָט זיך צעקלונגען דער טעלע־פאָן. ד״ר ווייצמאַן האָט אויפגעהויבן דאָס טרייבל.

— יאָ, דאָס איז זייער גוט — האָט ער געזאָגט. — זייער גוט. שלום!

ער האָט אָפּגעלייגט דאָס טרייבל.

— שמואל האָט טעלעפאָנירט. די אַביסיניער זענען מסכּים זיך אָפּצוהאַלטן פון שטימען.

פריער האָט מען געמיינט, אַז אַביסיניע וועט אונטערן דרוק פון מצרישן שכן שטימען קעגן חלוקה־פּלאַן. דער באַשלוס וועגן אָפּהאַלטן זיך פון שטימען האָט באַוויזן, אַז היילע סעלאַסיע איז אַ מענטש מיט גרויסן מוט.

עמיצער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. אין צימער איז אַרײַנ־געקומען אַ זשורנאַליסט, וואָס האָט סימפּאַטיזירט מיט די יידן.

— איך האַלט, אַז די ידיעה וואָס איך ברענג אייך, וועט אייך שטאַרק פאַראינטערעסירן. אין סיאַם איז אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע און דער דעלעגאַט פון סיאַם איז שוין מער נישט אַקרעדיטירט.

די דאָזיקע ידיעה איז אויפגענומען געוואָרן דורך די אָנוועזנדיקע מיט פריידיקע אויסרופן. דאָס האָט באַדײַט, אַז די אַראַבער האָבן פאַרלאָרן נאָך אַ שטים.

— ווי זעט דאָס אויס, ברק?

ברק בן־כנען, וועלכער האָט געקאָנט אויף אויסנווייניק די נעמען פון אַלע דעלעגאַציעס, האָט אויסגערעכנט ווי אַזוי עס זעט אויס דער מצב פון די שטימען.

— ווען האַיטי און ליבעריע וועלן שטימען פאַרן פּלאַן, ווען פראַנקרייך וועט אויך שטימען און קיינער וועט מער נישט אָפּפאַלן, קאָנען מיר אפשר דערגרייכן אונזער ציל.

ווידער האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טיר און אין צימער איז אַריינגעקומען דער פאָרשטייער פון גוואַטעמאַלאַ, ד״ר גראַנאַדאָס. דער דאָזיקער גרויסער יידן־פריינט איז געווען דער מליץ־יושר פון ארץ־ישראל.

— דער פּרעזידענט פון טשילע האָט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז זיין דעלעגאַציע זאָל זיך אָפּהאַלטן פון שטימען. אַלע דעלעגאַטן פון טשילע האָבן אַלס פּראָטעסט זיך אָנגעגעבן אין דעמיסיע — האָט גראַנאַדאָס געזאָגט.

— דאָס איז דאָך אָבער אומעגלעך — האָט ד״ר וויצ־מאַן אויסגערופן. — דער פּרעזידענט איז דאָך ערן־פאָרזי־צער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין טשילע.

פאַר אַלעמען איז מיטאַמאָל קלאָר געוואָרן די פולע האָפענונגסלאָזיקייט פון מצב. ווער האָט עס געקאָנט אויס־איבן אַ דרוק אויפן פּרעזידענט פון טשילע? און ווער ווייסט פון וואַנען עס וועט ווידער קומען אַ צרה אין משך פון די נאָענטסטע פיר און צוואַנציק שעה?

פרייטיק, דער 29־טער נאָוועמבער 1947 יאָר.

דער פּאָרזיצער האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיטן האַמער. די זיצונג פון דער פּלענאַרער אונאָ־סעסיע האָט זיך אָנגעהויבן.

— מיר וועלן אָנרופן נאָמענטלעך די באַזונדערע נאַציעס, וועלכע האָבן בדעה צו שטימען פאַרן רעזאָלוציע־פּראָיעקט, וואָס זעט פאָר צו צעטיילן ארץ־ישראל. כדי דער פאָרשלאַג זאָל אָנגענומען ווערן איז נויטיק צוויי דריטל שטימען. די דעלעגאַטן ווערן געבעטן זיך צו באַגרענעצן מיטן ענטפער: יאָ, אָדער ניין, אָדער זיך אָפּהאַלטן פון שטימען.

אַ פּייערלעכע שטילקייט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איז־זיצונגס־זאַל.

— אַפגאַניסטאַן!

— אַפגאַניסטאַן שטימט קעגן!

דער יידישער ישוב אין ארץ־ישראל האָט פאַרלוירן די ערשטע שטימע. ברק האָט דאָס פאַרצייכנט אין זיין נאָטיץ־ביכל.

— אַרגענטינע!

— די רעגירונג פון אַרגענטינע וויל זיך אָפּהאַלטן פון שטימען!

— מיר דאַרפן זען עפּעס צו טאָן, אַז די צאָל אָפּגע־האַלטענע זאָל זיין וואָס אַ קלענערע — האָט ברק אַרויס־געפּליסטערט. — אין קעגנפאַל וועלן מיר ברעכן האַלדז־און־נאַקן.

— אויסטראַליע!

אַלע אָנוועזנדיקע האָבן זיך אַריבערגעבויגן מיט געוואַל־דיקער געשפּאַנטקייט איבער די שטולן. דער ערשטער פאַר־טרעטער פון אַ נאַציע, וואָס געהערט צום בריטישן קאָמאָנוועלט, איז אויפגעשטאַנען, כדי אָפּצוגעבן זיין שטים.

— אויסטראַליע שטימט פאַר דער צעטיילונג — האָט געזאָגט דער אויסטראַלישער דעלעגאַט עוואַט.

דורכן גרויסן זאַל איז דורך אַ געפּליסטער. ווייצמאַן האָט זיך צוגעבויגן צו ברק בן־כנען און אים אריינגעשעפּ־טשעט אין אויער:

— צי מיינסטו, אַז אַלע קאָמאָנוועלט־מדינות וועלן זיך האַלטן ביי דער זעלבער שטעלונג?

— דאָס איז שווער צו זאָגן. מיר וועלן מוזן ציילן די שטימען איינע נאָך דער אַנדערער.

— בעלגיע!

— בעלגיע שטימט פֿאַר צעטיילן.

ווידער איז דורכן זיצונגס־זאַל אַדורך אַ געפּליסטער. ביי דער פּראָבע־אָפּשטימונג מיט עטלעכע טעג צוריק האָט בעלגיע זיך אָפּגעהאַלטן פֿון שטימען. אין דער לעצטער מינוט האָט אָבער דער פּרעמיער ספּאַק אָפּגעוואָרפֿן דעם דרוק, וועלכן ענגלאַנד האָט אויסגעאיבט אויף בעלגיע.

— באָליוויע!

— באָליוויע שטימט פֿאַר דער טיילונג.

— בראַזיליע!

— בראַזיליע זאָגט זיך אַרויס פֿאַרן צעטיילונגס־פּלאַן.

די דרום־אַמעריקאַנישע לענדער האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען. און איצט האָט מען געזאָלט הערן די דעצידירנ־דיקסטע שטים. אין פֿאַל ווען דער ראַטנפֿאַרבאַנד וואָלט געפֿירט אַ דאָפּלטע שפּיל, וואָלט עס איצט קלאָר געוואָרן פֿאַר דער גאַנצער וועלט, ווייל עס האָט זיך געדאַרפֿט אַרויסזאָגן אַ קאָמוניסטיש סאַטעליטן־לאַנד: ווייסרוסלאַנד.

— ביעלאָרוסיע!

— ווייסרוסלאַנד שטימט פֿאַרן צעטיילונגס־פּלאַן!

אַלע מיטגלידער פֿון דער יידישער דעלעגאַציע האָבן אָפּגעאָטעמט מיט פֿאַרלייכטערונג. דער סלאַווישער בלאָק איז געווען אויף זייער זייט. די אויסזיכטן זענען געווען זייער גוטע.

— קאַנאַדע!

לעסטער פּירסאָן האָט זיך אויפֿגעשטעלט און דערקלערט מיט אַ פֿעסטער שטים:

— קאַנאַדע שטימט פֿאַרן צעטיילונגס־פּלאַן.

דאָס צווייטע לאַנד פון בריטישן קאָמאָנוועלט האָט זיך געשטעלט קעגן ענגלאַנד.

— טשילע!

אַנשטאָט דעם אָנפירער פון דער דעלעגאַציע, וועלכער האָט אַלס פּראָטעסט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין אַמט, איז אויפֿגעשטאַנען אַ פאָרשטייער פון אַ צווייטער דעלעגאַציע און געזאָגט:

— די דעלעגאַציע פון טשילע האָט באַקומען אַן אָנווייזונג זיך אָפּצוהאַלטן פון שטימען.

— כינע!

כינע, וועלכע האָט געהאָט אַספּיראַציעס צו ווערן די הערשנדע גרויסמאַכט אין אַזיע, האָט נישט געוואָלט איינרייסן מיט די מוסולמענער, וואָס האָבן געוווינט אין אינדיע און פּאַקיסטאַן.

— כינע האַלט זיך אָפּ פון שטימען!

דאָס איז געווען אַ קלאַפּ פאַרן ישוב אין ארץ־ישראל.

— קאָסטאַריקאָ!

די אַראַבער האָבן זיך פאַרבונדן מיטן דעלעגאַט פון קאָסטאַריקאָ און האָבן זיך באַמיט אים איבערצוקויפן. אַלס פאַרגיטיקונג האָבן זיי אים צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן שטימען פאַר דעם, מען זאָל אים נאָמינירן אויף אַ הויכן אַמט אין אונ״א. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און אָנקוקנדיק די אַראַבישע דעלעגאַטן האָט ער אויסגערופן:

— קאָסטאַריקאָ שטימט פאַר דער צעטיילונג!

דער מענטש, וואָס האָט זיך נישט געלאָזט איבערקויפן, האָט אַ שמייכלענדיקער זיך אַוועקגעזעצט צוריק אויף זיין פּלאַץ.

— קובא!

— קובא שטימט קעגן דער צעטיילונג!

דאָס איז געווען פאַר די יידן אַ שאָק, וואָס איז געקומען אומדערוואַרט.

— טשעכאָסלאָוואַקיע!

— טשעכאָסלאָוואַקיע שטימט פאַר דער צעטיילונג! — האָט אויסגערופן יאַן מאַסאַריק.

— דענעמאַרק!

— פאַר צעטיילן!

— דאָמיניקאַנישע רעפובליק!

— די דאָמיניקאַנישע רעפובליק שטימט לטובת דער צעטיילונג!

— מצרים!

— מצרים איז קעגן און זי וועט זיך נישט פילן געבונדן מיטן באַשלוס, וואָס פאַרלעצט אויף אַ שענדלעכן אופן אירע רעכט!

דער פאָרזיצער האָט אַ קלאַפּ־געטאָן מיטן האַמער אין טיש און נאָכן ווילדן פּראָטעסט פון מצרישן דעלעגאַט איז ווידער געוואָרן שטיל.

— עקוואַדאָר!

— עקוואַדאָר שטימט פאַר דער צעטיילונג!

— עטיאָפּיע!

— אַביסיניע האַלט זיך אָפּ פון שטימען!

די דאָזיקע דערקלערונג איז געקומען פאַר אַלעמען ווי אַ באָמבע. אַלע אַראַבישע דעלעגאַטן האָבן מיט דער גרעסטער שטוינונג זיך געווענדעט אין דער ריכטונג פון אַביסינישן דעלעגאַט. דער דעלעגאַט פון סיריע האָט ווילד פאַר כעס געדראָט צו אים מיט אַ פויסט.

— פראַנקרייך!

די ערשטע פון די פיר גרויסמאַכטן איז געווען אין דער ריי אָפּצוגעבן די שטים. דער פראַנצויזישער דעלעגאַט פאַראַדי האָט זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבן פון זיין פּלאַץ. אין פאַל ווען פראַנקרייך וואָלט זיך אָפּגעהאַלטן, וואָלט דאָס געקאָנט ברענגען אַן אומגליק אויפן ישוב. צי איז געלונגען לעאָן בלומען און דער פראַנצויזישער עפנטלעכער מיינונג אויסצואיבן אַ דרוק אויף דער פראַנצויזישער רעגירונג?

— די פראַנצויזישע רעפּובליק שטימט פאַרן צעטיילונגס־פּלאַן! — האָט אויסגערופן פאַראַדי מיט אַ צופרידענער שטים. דורכן זאַל איז דורך אַ געפּליסטער. צום ערשטן מאָל איז פאַר די אַנוועזנדיקע קלאָר געוואָרן, אַז דאָ האָט באמת פּאַסירט אַ נס.

— גוואַטעמאַלאַ!

גראַנאַדאָס, דער מוטיקער קעמפער פאַרן צעטיילונגס־פּלאַן, האָט זיך אויפגעהויבן.

— פאַר צעטיילן! — האָט ער אויסגערופן.

— גריכנלאַנד!

— גריכנלאַנד שטימט קעגן דער טיילונג!

— האיטי!

האיטי, וועמענס שטים איז געווען פון אַ דעצידירנדיקער באַדייטונג, האָט זיך ביזן לעצטן מאָמענט געוואַקלט. די דעלעגאַציע איז געבליבן אָן אינסטרוקציעס פון איר רעגירונג.

— די רעגירונג פון האיטי האָט נאָר־וואָס באַפוילן איר דעלעגאַציע אין אונ״א צו שטימען פאַרן צעטיילונגס־פּלאַן!

— האָנדוראַס!

— האָנדוראַס וויל זיך אָפּהאַלטן פון שטימען!

— איסלאַנד!

— איסלאַנד שטימט פאַרן צעטיילונגס־פּלאַן.

די עלטסטע רעפּובליק אויף דער וועלט האָט געגעבן איר צושטייערביים שאַפן די יינגסטע רעפּובליק אויף דער וועלט.

— אינדיע!

— אינדיע שטימט קעגן דער טיילונג!

— איראַן!

— קעגן!

— איראַק!

— איראַק שטימט קעגן דער צעטיילונג פון ארץ־ישראל און מיר וועלן קיינמאָל נישט אָנערקענען די יידן! אין פאַל ווען די אונ״א וועט אָננעמען אַ באַשלוס וועגן צעטיילונג, וועט דאָס האָבן בלוטיקע פאָלגן. מיר שטימען קעגן!

— לבנון!

— לבנון שטימט קעגן דער צעטיילונג! — האָט אויסגערופן דער לבנונישער דעלעגאַט מאַליק.

— ווי זעט אויס דער ענין? — האָט שטיל געפרעגט ד״ר ווייצמאַן.

— פופצן האָבן געשטימט פאַר, אַכט — קעגן און זיבן — האָבן זיך אָפּגעהאַלטן! — האָט געזאָגט ברק.

דער מצב האָט דערווייל נישט אויסגעזען באַזונדערס דערמוטיקנדיק. עס האָט נאָך געפעלט איין שטים צו די נויטיקע צוויי־דריטל און די צאָל אָפּגעהאַלטענע האָט געהאַלטן אין איין שטייגן.

— וואָס איז דיין מיינונג, ברק?

— מיר מוזן נאָך צוואַרטן ביז די ווייטערדיקע דריי דרום־אַמעריקאַנישע מדינות וועלן אָפּגעבן זייערע שטימען.

— ליבעריע!

— ליבעריע שטימט פאַרן טיילונגס־פּלאַן!

— לוקסעמבורג!

אַ צווייטע מדינה, וואָס האָט געהאַט ווירטשאַפטלעכע שוועריקייטן און האָט זיך געפונען אין דער ענגלישער ווירטשאַפטס־ספערע.

— לוקסעמבורג שטימט פאַרן צעטיילונגס־פּלאַן.

ווידער האָבן די ענגלענדער באַקומען אַ קלאַפּ. דער ישוב האָט איצט געהאַט מיט איין שטים מער, ווי די געפאָדערטע צוויי־דריטל.

— מעקסיקע!

— מעקסיקע האַלט זיך אָפּ פון שטימען!

— האָלאַנד!

— האָלאַנד שטימט פאַר דער טיילונג!

— ניי־זעלאַנד!

— פאַר צעטיילן!

— ניקאַראַגוא!

— פאַר צעטיילן!

— נאָרוועגיע!

— פאַר צעטיילן!

— פּאַקיסטאַן!

— פּאַקיסטאַן שטימט קעגן דער צעטיילונג!

די ווייטערדיקע אָפּשטימונג האָט שוין געדאַרפט ברענגען אַן ענדגילטיקע אַנטשיידונג.

— אויב די ווייטערדיקע פיר דעלעגאַציעס וועלן שטימען פאַרן צעטיילונגס־פּלאַן, גלויב איך, אַז מיר וועלן דערגרייכן אונדזער ציל — האָט ברק בן־כנען אַן אויפגערעגטער שטיל אַרויסגעפּליסטערט.

— פּאַנאַמאַ!

— פאַר צעטיילן!

— פאַראַגוויי!

— פאַראַגוויי שטימט פאַרן צעטיילונגס־פּלאַן!

— פערו!

— פערו שטימט פאַר צעטיילן!

— פיליפּינען!

אויף אַ קורצער רגע האָט די וועלט איינגעהאַלטן דעם אָטעם. דער פריערדיקער דעלעגאַט ראָמולאָ איז אָפּגערופן געוואָרן פון אונ"א און זיין פאַרטרעטער האָט זיך אויפגעהויבן פון פלאַץ.

— פיליפּינען שטימט פאַרן צעטיילונגס־פּלאַן!

אין זיצונגס־זאַל האָט אָנגעהויבן צו זשומען ווי אין אַ בינשטאָק. די מיטגלידער פון דער יידישער דעלעגאַציע האָבן זיך אָנגעקוקט מיט שטוינונג.

— מיין גאָט! — האָט ברק אויסגערופן — איך האָב דעם איינדרוק, אַז מיר זענען ביים ציל.

— פוילן!

— פוילן שטימט פאַרן צעטיילונגס־פּלאַן!

— סיאַם!

סיאַם האָט נישט געשיקט קיין דעלעגאַט צו דער זיצונג.

— סאוד־אַראַביע!

דער אַראַבער, אָנגעטאָן אין אַ ווייסן כאַלאַט, האָט מיט אַ הויכער שטימע, פול מיט האַס, דערקלערט אַז זיין לאַנד איז קעגן דער צעטיילונג.

— שוועדן!

— שוועדן איז פאַרן צעטיילונגס־פּלאַן!

— סיריע!

—קעגן!

— טערקיי!

— קעגן!
— אוקראַינע!
— פאַר צעטיילן!
— דרום־אַפריקאַנישע אוניע!
— פאַר צעטיילן!
— ראַטנפאַרבאַנד!
ווישינסקי האָט זיך אויפֿגעהויבן פון זיין פּלאַץ.
— דער ראַטנפאַרבאַנד שטימט פאַרן צעטיילונגס־פּלאַן!
— גרויס־בריטאַניע!

אין זיצונגס־זאַל איז געוואָרן שטיל. אין דאָזיקן היסטאָרישן מאָמענט איז דער ענגלישער דעלעגאַט געשטאַנען אליין. די לענדער פון בריטישן קאָמאָנוועלט האָבן געשטימט קעגן דער ענגלישער שטעלונג. פראַנקרייך האָט געשטימט פאַרן חלוקה־פּלאַן. אַמעריקע איז אויך פאַרן צעטיילונגס־פּלאַן.

— די רעגירונג פון זיין קעניגלעכער מאַיעסטעט האַלט זיך אָפּ פון שטימען! — האָט דער ענגלענדער אויסגערופן מיט אַ פאַרשטיקטער שטים.

— די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע!
— די פאַראייניקטע שטאַטן שטימען פאַר צעטיילן!

די אַנטשיידונג איז געפאַלן. די צייטונגס־קאָרעספּאָנדענטן האָבן זיך אַ וואָרף־געטאָן צו די טעלעפאָן־ביידלעך, כדי מיטצוטיילן דער גאַנצער וועלט די ידיעה, אַז די אונ"א האָט באַשלאָסן צו צעטיילן ארץ־ישראל און דאָרט שאַפן אַ יידישע מדינה.

אין תל־אביב איז אויסגעבראָכן אַן אומבאַשרייבלעכע פרייד! אָבער די מענטשן, וואָס האָבן דורכגעפירט אין פלעשינג מידאָו דעם קאַמף, און אים געוווּנען, זענען געווען ריאַליסטן. אויך די יידן אין תל־אביב האָבן געפייערט די

גרויסע געשעעניש בלויז אַ קורצן אויגנבליק. בן־גוריון און די איבעריקע פירנדע פערזענלעכקייטן פון ישוב האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ רעכענונג, אַז כדי עס זאָל געשאַפן ווערן אַן אומאָפּהענגיקע יידישע מדינה, דאַרף געשען אַ נאָך גרעסערער וואונדער, ווייל פון די אַראַבישע מיילער האָט זיך שוין געטראָגן דער רוף „אַ טויט די יידן!".

## קאַפּיטל 2

קוואַטלי, דער פּרעזידענט פון סיריע: מיר וועלן לעבן אָדער שטאַרבן פאַר פּאַלעסטינע!

די צייטונג „אַל קולטאַ", קאַיר: פינף הונדערט טויזנט איראַקער באַוואָפנענען זיך צום הייליקן קריג קעגן די ציוניסטן. הונדערט פופציק טויזנט סיריער וועלן ווי אַ ים־כוואַליע שטורמען די גרענעצן פון פּאַלעסטינע און די מעכטיקע מצרישע אַרמיי וועט אַריינוואַרפן די יידן אין ים, אויב זיי וועלן וואַגן צו פּראָקלאַמירן אַן אומאָפּהענגיקע יידישע מדינה.

דזשאַמיל מאַרדאַם, סירישער פּרעמיער־מיניסטער: געגנוג גערעדט, מוסולמענישע ברידער. שטייט אויף, כדי צו פאַרניכטן די ציוניסטישע פּלאָג.

איבן־סאוד, קעניג פון סאוד־אַראַביע: עס זענען פאַראַן פופציק מיליאָן אַראַבער. עס וועט אונדז נישט אַרן, אויב מיר וועלן פאַרלירן צען מיליאָן, כדי אומצוברענגען אַלע יידן. דער פּרייז וועט זיך לויענען.

סאַלאַך האַרעב פּאַשאַ, דער פירער פון דער מוסולמענישער יוגנט: ציט אַרויס די שווערד פון שייד קעגן די יידן! אַ טויט אַלע יידן! דער זיג איז אונדזערער!

שייך כאַסאַן אַל־באַנאַ, פירער פון „מוסולמענישע ברידער": אַלע אַראַבער דאַרפן זיך שטעלן אין קאַמף צו פאַרניכטן די יידן! מיר וועלן אָנפילן דעם ים מיט זייערע טויטע גופים.

אַקראַם יאַוטאַר, דער וואָרטזאָגער פון מופטי: איך דערקלער אַ הייליקע מלחמה, מיינע מוסולמענישע ברידער! אַ טויט די יידן! איר זאָלט זיי אַלעמען אומברענגען!

אַזאַם פּאַשאַ, גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער „אַראַבישער ליגע": דער דאָזיקער קריג וועט זיין אַ פאַרניכטונגס־קריג, אַ שחיטה וועגן וועלכער מען וועט ריידן אין דער צוקונפט, ווי וועגן דער שחיטה פון די מאָנגאָלן.

אַנדערע אַראַבישע מנהיגים, די גאַנצע אַראַבישע פּרעסע און אַלע אַראַבישע ראַדיאָ־סטאַציעס האָבן רעאַגירט אויפן זעלבן אופן און מיטן זעלבן טאָן אויפן באַשלוס פון דער אונ"א צו צעטיילן דאָס לאַנד.

דעם 1־טן דעצעמבער 1947 יאָר, צוויי טעג נאָך דער אָפּשטימונג אין אונ"א, האָט ד"ר כאַלדי, פון „העכסטן אַראַבישן קאָמיטעט", גערופן צו אַ גענעראַל־שטרייק. דערביי איז דערגאַנגען צו בלוטיקע עקסצעסן. דער אויפגעהעצטער אַראַבישער המון איז באַפאַלן דעם יידישן האַנדלס־צענטער אין ירושלים, האָט אונטערגעצונדן די געוועלבער און זיי צערויבט. די בריטישע זעלנער זענען געשטאַנען מיט פאַר־לייגטע הענט און זיך צוגעקוקט רואיק צו די ווילדע מעשים פון המון. גלייכצייטיק האָבן צעווילדעוועטע אַראַבער אין אַלעפּאָ, אַדען און אין אַנדערע שטעט פון די אַראַבישע מדינות, זיך אַריינגעריסן אין די יידישע וווינ־קוואַרטאַלן, ווו זיי האָבן געמאָרדעט יידישע מענער, פאַרגוואַלדיקט יידישע פרויען און צעראַבירט דאָס פאַרמעגן.

אַנשטאָט צו שאַפן אַן אינטערנאַציאָנאַלן פּאָליצייי־כוח, האָט די אונ"א זיך באַגרענעצט מיט שאַפן קאָמיסיעס און מיט האַלטן אָנצאָליקע רעדעס. עס האָט געשיינט, אַז די

אונ״א גלויבט, אַז מען וועט קאָנען רעאַליזירן דעם צעטיילונגס־פּלאַן מיט „פרידלעכע מיטלען״.

די יידן זענען געווען גרעסערע רעאַליסטן. וואָס אַן אמת האָט מען באַקומען איצט אַ געזעצלעכן סטאַטוס צו שאַפן אַ יידישע מדינה, אָבער עס איז געווען קלאָר, אַז אויב מען וועט פּראָקלאַמירן אַ יידישע מדינה נאָכן אַרויסציען דאָס ענגלישע מיליטער פון ארץ־ישראל, וועלן די יידן זיך געפינען אַליין קעגנאיבער די צעווילדעוועטע אַראַבישע האָרדעס. צי וועט אַ האַלבער מיליאָן נישט־באַוואָפנטע מענטשן זיך קאָנען אַנטקעגנשטעלן דעם שטראָם פון פופציק מיליאָן אויפגעהעצטע אַראַבער? חוץ דעם האָט מען דאָ נאָך געהאַט צו טאָן נישט נאָר מיט די ארץ־ישראל אַראַבער, וועלכע האָבן געקאָנט אָנגרייפן אויף הונדערט פראָנטן, נאָר אויך מיט רעגולערע אַרמייען פון אַנדערע אַראַבישע מדינות.

ד״ר חיים ווייצמאַן איז צוגעטראָטן צו אַ גרויסער געלט־זאַמלונג אויף איינקויפן געווער פאַרן ישוב. ברק בן־כנען איז פאַרבליבן אין לייק־סאַקסעס, כדי אַלס אָנפירער פון דער יידישער דעלעגאַציע העלפן אויסאַרבעטן די איינצלהייטן פון אונ״א־באַשלוס.

די גרויסע פראַגע וואָס די וועלט האָט זיך געשטעלט, איז געווען: „צי וועלן די יידן פּראָקלאַמירן אומאָפּהענ־גיקייט?״. די אַראַבער האָבן נישט געהאַט קיין גרויסן חשק צו וואַרטן ביזן חודש מאַי, כדי זיך צו דערוויסן וועגן דעם. וואָס אַן אמת האָבן זיי נאָך געהאַלטן זייערע רעגולערע אַרמייען אין „רעזערוו״, אָבער גלייכצייטיק האָבן זיי שוין אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן „באַפרייאונגס־אַרמייען״, וואָס זענען כלומרשט באַשטאַנען פון פרייוויליקע. אין דער זעלבער

צייט האָבן די אַראַבער אין ארץ־ישראל באַקומען ריזיקע קוואַנטומס געווער.

חאַדזש אַמין אַל־כוסייני, דער געוועזענער ירושלימער מופטי און היטלערס אַגענט, איז ווידער געוואָרן טעטיק. ער האָט אויפגעשטעלט זיין שטאַב אין דמשק. די נויטיקע געלט־מיטלען פאַר די „פּאַלעסטינער פּרייוויליקע" זענען אויסגעפּרעסט געוואָרן מיט געוואַלד פון אַלע אַראַבער אין מיטעלן מזרח. קאַוקאַדזשי, דער אַלטער אַוואַנטוריסט, וועלכער האָט בעת די אומרוען פון 1936—1939 געקעמפט אויף דער זייט פון מופטי, איז ווידער נאָמינירט געוואָרן אַלס „גענע־ראַליסימוס". דער דאָזיקער קאַוקאַדזשי איז געווען געצוווּנגען צו אַנטלויפן פון איראַק, ווען עס איז באַוווּסט געוואָרן, אַז ער האָט זיך באַטייליקט אין פּלאַן איבערצוגעבן איראַק אין די הענט פון די דייטשן. בעת דער מלחמה האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן ביי נאַציס אין דייטשלאַנד און צוזאַמען מיטן מופטי האָט ער זיך דערנאָך אַרויסגעדרייט פון געמשפּט צו ווערן אַלס מלחמה־פאַרברעכער.

קאַוקאַדזשיס אַגענטן האָבן זיך אַ לאָז־געטאָן איבער דמשק, ביירוט און באַגדאַד און אָנגעהויבן צו ווערבירן גנבים, באַנדיטן, מערדער, שמוגלער און פּרויען־הענדלער — דער אָפּפאַל פון מענטשלעכן מין — פאַר דער אַראַבישער „פרייהייטס־אַרמיי". זיינע באַנדעס האָט ער אָנגערופן מיטן נאָמען „יאַרמוק־אָפּטיילונגען", אויפן נאָמען פון אַראַבישע אַרמייען, וואָס האָבן מיט הונדערטער יאָרן צוריק געזיגט אין אַ שלאַכט נעבן יאַרמוק־טייכל. די דאָזיקע „פרייוויליקע" זענען געשולט געוואָרן דורך אַנדערע „פרייוויליקע" אָפיצירן פון דער סירישער אַרמיי. גלייך נאָכדעם האָט קאַוקאַדזשי אָנגעהויבן אַריבערצושיקן זיינע באַנדעס איבער דער גרענעץ

פון ארץ־ישראל, וווּ זיי האָבן זיך געלאָזט אין געהיים אין די אַראַבישע דערפער. דער הויפט־שטאַב פון קאַוקאַדזשיס מיליטער איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין שכם.

אין דער זעלבער צייט האָבן די יידן אָפּגעפּילט אַ שטאַרקן מאַנגל אין געווער. די ענגלענדער האָבן בלאָקירט די ים־ברעגן פון ארץ־ישראל און האָבן אפילו נישט דערלויבט צו ברענגען קיין ארץ־ישראל די פּליטים פון ציפּערן, וועלכע זענען דאָרטן געשולט געוואָרן מיליטעריש דורך מענטשן פון „עליה ב״.

שליחים פון ישוב זענען אַרומגעפאָרן איבער דער גאַנצער וועלט און פאַרצווייפלט געזוכט וואָפן. אָבער דאָ איז פּלוצים געקומען אַ שווערער קלאַפּ: אַמעריקע האָט אָנגענומען אַ מאָדנע שטעלונג, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין צוגאַנג: „זאָל ביידע צדדים כאַפּן דער טייוול!״. זי האָט דערקלערט אַ וואָפן־עמבאַרגאָ פאַרן מיטעלן מזרח. דער דאָזיקער עמבאַרגאָ האָט זיך פּראַקטיש אויסגעווירקט לטובת די אַראַבער, ווייל זיי האָבן געקאָנט אַריינשמוגלען קיין ארץ־ישראל וואָפן וויפל זיי האָט זיך נאָך געגלוסט.

פאַר די פירער פון יידישן ישוב איז קלאָר געווען, אַז צו זייער דיספּאָזיציע שטייען בלויז פיר טויזנט קעמפער פון פּלמ״ח, וועלכע זענען ווי געהעריק אויסגעשולט און באַוואָפנט. די „מכבים״ האָבן געקאָנט שטעלן אויף די פיס נאָר טויזנט מאַן און דערביי האָט מען ווייניק געקאָנט רעכענען אויף זייער צוזאַמענאַרבעט.

אייניקע פאַקטאָרן זענען אָבער גלייכצייטיק געווען לטובת דער „הגנה״. אבידן, דער פירער פון „הגנה״, האָט געהאַט אין זיין רשות עטלעכע טויזנט רעזערוויסטן, וואָס זענען אויסגעשולט געוואָרן דורך די ענגלענדער בעתן צווייטן

וועלט־קריג. חוץ דעם האָבן זיך אין לאַנד געפונען פאַרטיי־דיקונגס־ישובים, וואָס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן אין משך פון צוואַנציק יאָר. ער האָט אויך געהאַט אַ גוטן אינפאָר־מאַציע־דינסט. פון דער צווייטער זייט האָבן אָבער די אַראַבער געהאַט אַ דעצידירנדע איבערהאַנט אין דער צאָל מענטשן און וואָפן. חוץ דעם האָבן זיי געהאַט אַ גוטן מיליטערישן אָנפירער. דאָס איז געווען אַבדול קאַדאַר, אַ קוזין פון מופטי.

דער מצב פון די יידן איז אויך באַשווערט געוואָרן דורך דער האַלטונג פון די ענגלענדער. די בריטישע רעגירונג האָט געהאָפט, אַז דער יידישער ישוב וועט זיך אָפּזאָגן פון געדאַנק צו צעטיילן דאָס לאַנד און וועט זיך בעטן ביי די ענגלענדער זיי זאָלן פאַרבלייבן אין ארץ־ישראל. אָבער די יידן האָבן לגמרי נישט געהאַט בדעה צו בעטן ענגלישע הילף אונטער אַזעלכע באַדינגונגען.

פאַקטיש זענען די ענגלענדער געווען פאַרפליכטעט איבער־צוגעבן די טאַגערט־באַפעסטיקונגען צו יענעם צד, וואָס האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ מערהייט אין געגעבענעם ראַיאָן. אָבער עוואַקואירנדיק די שטחים האָבן זיי איבערגעגעבן שליסל־פּאָזיציעס צו די אַראַבער, הגם זיי האָבן געדאַרפט אַריבערגיין אין יידישע הענט. גלייכצייטיק האָבן אין די רייען פון דער „יאַרמוק־אַרמיי" זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן געוועזענע זעלנער פון דער היטלערישער ווערמאַכט. אין אַזאַ לאַגע האָט די „הגנה" צום ערשטן מאָל זינט איר אַנטשטייאונג פּראָקלאַמירט אָפן אַן אַלגעמיינע מאָביליזאַציע פון די יידן.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און עס האָבן זיך אָנגעהויבן צו הערן די ערשטע שאָסן. אין חולה־טאָל האָבן די

אַראַבער מיט זייערע אומרעגולערע איינהייטן, אָנגעהויבן באַשיסן די קיבוצים עין־זיתים, ביריה און עמיעד. זינט דאַן האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרשטאַרקן די מלחמה־אַקטיוויטעט. אויף די שאָסייען האָבן די אַראַבער דורכגעפירט פון לויערונגען פּלוצימדיקע אָנפאַלן, כדי צו פאַרניכטן די יידישע קאָמוניקאַציע־מיטלען.

די אַראַבישע אָנפאַלן אין די שטעט האָבן געטראָגן אַ נאָך ווילדערן כאַראַקטער. אין ירושלים זענען געפלויגן אין דער לופטן ברוך־שטיקער און שטיינער, אין רעזולטאַט פון באָמבע־אויפרייסן. די אַראַבער האָבן געשאָסן פון הינטער די מויערן אין דער אַלט־שטאָט און די פאַרבינדונג צווישן די באַזונדערע שטאָט־טיילן איז כמעט פולשטענדיק איבער־געריסן געוואָרן. אויף די גאַסן צווישן תל־אביב און יפו זענען אויפגעשטעלט געוואָרן באַריקאַדן.

אין חיפה זענען פאָרגעקומען די שווערסטע צוזאַמענ־שטויסן. די אַראַבער האָבן זיך אַריינגעריסן אין די נאַפט־ראַפינעריעס און דערמאָרדעט איבער פופציק יידן.

אַבדול קאַדאַר האָט מצליח־געווען צו אָרגאַניזירן די אַראַבער אַ סך עפעקטיווער, ווי דאָס האָט געטאָן קאַוקאַדזשי. ער האָט אַלע באַמיאונגען קאָנצענטרירט אויפן ירושלימער פראָנט. דער וועג פון תל־אביב קיין ירושלים האָט געפירט דורך זיי געפערלעכע בערג פון יהודה, וואָס זענען געווען אָנגעפיקעוועט מיט אַראַבישע דערפער. אַבדול קאַדאַר האָט זיך באַמיט אָפּצושניידן די הונדערט טויזנט יידן פון ניי־ירושלים און זיי אויסהונגערן. דערמיט וואָלט דער יידישער ישוב באַקומען אַ לעבנסגעפערלעכן קלאַפּ.

כדי צונישט צו מאַכן קאַדאַרס פּלענער האָבן די יידן זיך באַנוצט מיט פאַנצער־אויטאָס, וועלכע האָבן געשיצט

די אויטאָ־קאָלאָנעס פון תל־אביב קיין ירושלים. די אַראַבער האָבן אָבער מיט דערפּאָלג באַשאָסן די גרויסע אויטאָ־קאָלאָנעס און עס האָט לאַנג נישט געדויערט, ווי דער וועג קיין ירושלים איז געווען פול מיט פאַרניכטעטע אויטאָס. אין ירושלים האָט זיך אָנגעהויבן פילן אַ מאַנגל אין שפייז. די מענטשן האָבן געמוזט פאָרן אין געפאַנצערטע אויטאָבוסן און די קינדער האָבן זיך געשפּילט אויף די גאַסן אין תחום פון ביקסן־פייער.

דורך די שנעלע אקציעס פון די אַראַבער, וואָס זענען דורכגעפירט געוואָרן אונטער דער אָנפירונג פון אַ פעיקן קאָמאַנדיר, איז דער ישוב אריינגעפאַלן אין אַ שווערן מצב. די מנהיגים פון ישוב האָבן זיך געווענדעט צו די ענגלישע מאַכט־אָרגאַנען מיט אַ ביטע, אַז זיי זאָלן אָוועקשטעלן פּאַטרולן אויפן שאָסיי ירושלים—תל־אביב. דער אַרגומענט איז געווען, אַז מען קאָן נישט דערלאָזן צו דער אכזריות פון אויסהונגערן די ציווילע באַפעלקערונג. די ענגלענדער האָבן זיך אָבער אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן. דער קאַמף אויף די שאָסייען פון לאַנד האָט דערעפנט מיט זיך די ערשטע פאַזע פון דער מלחמה. דער באַשלוס וועגן פראָקלאַמירן אָדער נישט פּראָקלאַמירן אַ יידישע מדינה, איז נאָך אַלץ געהאָנגען אין דער לופטן.

ארי בן־כנען האָט זיך זייער לאַנגזאַם אויסגעהיילט פון זיין ווונד. פאַר אבידן, וועלכער האָט געוואָלט באַשטימען אריין אַלס קאָמענדאַנט פון איינער פון די דריי פלמ״ח־בריגאַדעס, איז דאָס געווען אַ שווער פּראָבלעם. די קאָמאַנדירן פון פלמ״ח זענען געווען פאַרעקשנטע יונגעלייט, וועלכע האָבן

זיך געהאַלטן פֿאַר אַן אויסדערוויילטער עליטע. דאָס זענען געווען יונגע בחורים און מיידלעך פֿון די קיבוצים, און אפֿילו אַלס זעלנער זענען זיי געבליבן קיבוצניקעס. פּאָליטיש האָבן זיי זיך שטענדיק געפֿונען אין אָפּאָזיציע צו די ישוב־מנהיגים און האָבן נישט רעספּעקטירט די אויטאָריטעט פֿון דער „הגנה".

ארי, טראָץ זיין יונגן עלטער, האָט געהאַט אַ רייפֿן צוגאַנג. ער האָט באַגריפֿן, אַז ס'איז נויטיק זיך אונטער־צוּוואַרפֿן אַן איינהייטלעכער סטראַטעגיע, אַנשטאָט צו פֿירן אַ פּריוואַטן קריג. אבידן האָט טאַקע צוליב דעם געוואָלט אים באַשטימען אַלס פּלמ"ח־קאָמאַנדיר, אָבער ארי איז נאָך געווען צו שוואַך. נישט האָבנדיק קיין אַנדער ברירה האָט אבידן באַשטימט ארין אַלס קאָמאַנדיר פֿון איינעם פֿון די וויכטיקסטע פּונקטן פֿון „הגנה", אין עמק החולה. צו זיין געביט האָבן געהערט די שטחים, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן פֿון צפֿון־טייל פֿון ים־כּנרת און האָבן זיך פֿאַרענדיקט אין חולה־טאָל מיט אַ שמאָלן ערד־פּאַס, וואָס האָט זיך ווי אַ קלין אריינגעשניטן צווישן די גרענעצן פֿון לבנון און סיריע. ווייטער צו דרום, נעבן יאַרמוק־טייכל, האָט אריס געביט זיך געגרענעצט מיט ירדן.

אַריס געביט, צו וועלכן עס האָט אויך געהערט די שטאָט צפֿת, האָט געדינט אַלס הויפּט־דורכגאַנגס־וועג פֿאַר קאַוקאַדזשיס אומרעגולערע אָפּטיילונגען. אין פֿאַל ווען עס וואָלט דערגאַנגען צו אַ מלחמה און די אַראַבישע אַרמייען וואָלטן אָנגעהויבן זייער אינוואַזיע אין ארץ־ישראל, וואָלטן זיי אָן ספֿק אָנגעגריפֿן צוערשט דעם חולה־טאָל. די אַראַבער וואָלטן זיך באַמיט צו קאָנצענטרירן דאָ זייערע כּוחות, כּדי צו פֿאַרכאַפּן דעם גאַנצן גליל. אַזוי אַרום וואָלט זיי געווען

לייכטער איבערצושניידן דעם יידישן ישוב אויף צוויי טיילן און זיך ארײַנרייסן צווישן חיפה און תל־אביב.

אויף אריס געביט האָבן זיך געפונען אַ טוץ אָדער מער אַלטע קיבוצים און אייניקע מושבים. צווישן זיי — יד־אל, ווו ארי איז געבוירן געוואָרן. אין די דאָזיקע אַלע ישובים האָבן זיך געפונען מוטיקע חלוצים און ערד־אַרבעטער, וועלכע וואָלטן זיך געקאָנט אָן עצה־געבן מיט די ארץ־ישראל אַראַבער און מיט די אומרעגולערע אָפטיילונגען. אונטן אין טאָל זענען די ישובים געלעגן האַרט איינער נעבן אַנדערן און די אַראַבער וואָלט זיך נישט איינגעגעבן צו איזאָלירן די ישובים און זיי אַרומרינגלען דורך אַ בלאָקאַדע.

אַ ווייטערדיקער פּראָבלעם זענען געווען די בערג אויף דער לבנונישער גרענעץ. דאָ האָט זיך געפונען די טאַגערט־באַפעסטיקונג, וואָס האָט געזאָלט איבערגעוויזן ווערן דורך די ענגלענדער צו ארי בן־כנען, ווייל דער חולה־געביט איז געווען באַוווינט דורך אַ מערהייט פון יידן. ווען די דאָזיקע באַפעסטיקונג וואָלט זיך געפונען אין די הענט פון דער „הגנה״, וואָלט ארי געהאַט אַ גלענצנדע מעגלעכקייט צו קאָנטראָלירן די גרענעץ.

אריס שטאַב איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין קיבוץ עין־אור, וואָס האָט זיך געפונען אין צענטער פון געביט. צו אריס דיספּאָזיציע האָבן זיך געפונען עטלעכע הונדערט פלמ״ח־חברים. דוד, זאב גלבוע און יואב ירקוני זענען געווען זיינע אדיוטאַנטן. די אָרגאַניזאַציע פון דער „הגנה״ אין די ישובים איז געווען אַ שטאַרקע. דאָ זענען קאָנצענ־טרירט געוואָרן די בעסטע, גוט־אויסגעשולטע יוגנטלעכע.

די גרעסטע שוועריקייטן וואָס ארי האָט געהאַט, איז

געוועו דער מאַנגל אין ביקסן. יעדן טאָג פלעגן אים די קאָמאַנדירן פון די באַזונדערע אָפּטיילונגען בעטן געווער, אָבער ער האָט נישט געהאַט וואָס זיי צו געבן, פונקט ווי אבידן האָט נישט געהאַט וואָס צו געבן זיינע אָפּטיילונגען.

אין אריס געביט האָבן זיך געפונען צוויי אויסערסט־שוואַכע פונקטן: דאָס זענען געווען גן־דפנה און צפת. ארי האָט געהאַלטן, אַז ער וועט קאָנען באַשיצן גן־דפנה ווען די טאָגערט־באַפעסטיקונג וועט זיך שוין געפינען אין זיינע הענט. כל־זמן דער שאָסיי פון נבי־יושע קיין גן־דפנה איז געווען אָפן, האָט ער נישט געזען קיין סכנה פאַרן יוגנט־דאָרף. צפת דאַקעגן האָט אים פאַרשאַפט ערנסטע זאָרגן. ווען די יידן האָבן באַשלאָסן איינצוהאַלטן פאַר יעדן פרייז אַלע ישובים, זענען געוויסע ערטער באַטראַכט געוואָרן אַלס „אומהאַלטבאַרע". די שטאָט צפת האָט געהערט צו די דאָזיקע „אומהאַלטבאַרע" ערטער.

צפת איז געווען ווי אַ אינדזל אין אַ ים פון פערציק טויזנט אַראַבער, וועלכע האָבן געוווינט אין די אַרומיקע דערפער. אין שטאָט גופא איז די יידישע באַפעלקערונג געווען צוועלף מאָל ווייניקער, ווי די אַראַבישע. דאָס רוב יידן פון צפת איז בכלל נישט געווען אויסגעשולט צום קאַמף. די „הגנה" האָט דאָרטן געהאַט איבער צוויי הונדערט מענטשן, וועלכע האָבן געמוזט קעמפן קעגן טויזנטער אַראַבער.

דער מופטי האָט אויסגעוויילט די שטאָט צפת אַלס איינעם פון זיינע ערשטע צילן. הונדערטער שווער־באַוואָפנטע אַראַבער האָבן נאָר געוואַרט אויפן מאָמענט ווען די ענגלענדער וועלן עוואַקואירן די שטאָט. עס איז געווען אַזוי זיכער, אַז די שטאָט וועט ארייַנפאַלן אין די אַראַבישע

הענט, אַז די ענגלענדער האָבן זיך אפילו געווענדעט צו אַרין ער זאָל דערלויבן צו עוואַקואירן די יידן פון צפת.

רעמעז, דער האָטעל־אייגנטימער און קאָמאַנדיר פון „הגנה" אין צפת, האָט נערוועז געשפּאַנט הין און צוריק איבערן צימער. אַרי איז געזעסן ביים שרייב־טיש און נישט ווייט פון אים איז אין אַ ווינקל רואיק געזעסן ברוס סאָטערלענד, וועלכער האָט גערויכערט אַ סיגאַרעט.

— אַלזאָ? — האָט אַרי געפרעגט.

רעמעז איז געבליבן שטיין און אָנשפּאַרנדיק זיך מיט ביידע הענט אויפן שרייב־טיש האָט ער געזאָגט:

— מיר האָבן באַשלאָסן צו פאַרבלייבן אין צפת. מיר וועלן קעמפן ביזן לעצטן מענטש.

— דאָס פרייט מיך זייער — האָט אַרי זיך אָפּגערופן.

— גיב אונדז אָבער מער געווער.

אַרי איז פּאַר כעס אזש אויפגעשפּרונגען פון אָרט. צוואַנציק מאָל אַ טאָג האָט ער געהערט דאָס זעלבע.

— סאָטערלענד, זייט מתפלל צו קריסטוסן. דו, רעמעז, בעט ביי קאָנפוציושן און איך וועל בעטן ביי אַללאַ. אפשר וועט אָנהויבן צו רעגענען מיט ביקסן, ווי עס איז אַמאָל געפאַלן מן פון הימל.

— צי האָט איר צוטרוי צום מאַיאָר האָוקס? — האָט סאָטערלענד געפרעגט.

מאַיאָר האָוקס איז געווען דער בריטישער געביט־קאָמיסאַר אין צפת.

— האָוקס איז פון שטענדיק געווען אונדזער פריינט — האָט ארי געענטפערט.

— אויב אַזוי, פאַרלאָזט זיך אויף זיינע רייד — האָט סאַטערלענד געזאָגט. — ער גאַראַנטירט די שוץ פון די ענגלענדער אין פאַל ווען איר וועט עוואַקואירן צפת. אויב נישט, גאַראַנטירט ער, אַז גלייך ווי ער פאַרלאָזט צפת, וועט דאָ פאָרקומען אַ שחיטה.

— צי האָט האָוקס געזאָגט ווען ער פירט אַרויס זיינע זעלנער פון צפת? — האָט ארי געפרעגט.

— ניין. ער ווייסט נאָך נישט.

— כל־זמן מאַיאָר האָוקס געפינט זיך אין צפת זענען מיר פאַרהעלטנישמעסיק זיכער. די אַראַבער וועלן נישט ריזיקירן. אפשר וועט פאָרקומען אַן ענדערונג אין מצב איידער ער וועט נאָך פאַרלאָזן די שטאָט.

— מעגעלך, אַז מאַיאָר האָוקס האָט גוטע כוונות, אָבער ער קאָן נישט שטענדיק טאָן אַזוי ווי ער וויל — האָט סאַטערלענד זיך אָפּגערופן.

— די אַראַבער האָבן שוין אָנגעהויבן אונדז צו באַשיסן און גרייפן אָן אונדזערע אויטאָ־קאָלאָנעס — האָט רעמעז זיך אָפּגערופן.

— באמת?... צי האָסטו אפשר בדעה צו לויפן, הערנדיק דעם ערשטן שאָס...

— אַרי — האָט רעמעז זיך אָפּגערופן, קוקנדיק ארין גלייך איין די אויגן. — איך בין געבוירן געוואָרן אין צפת. איך האָב דאָ געלעבט אַלע יאָרן. ביזן היינטיקן טאָג קלינגען נאָך

אין מיינע אויערן די ווילדע געשרייען, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון אַראַבישן קוואַרטאַל אין יאָר 1929. מיר האָבן נישט געוווּסט וואָס זיי ווילן. ביז מיר האָבן דערזען דעם ווילדן המון, וואָס האָט זיך אריינגעריסן אין אונדזערע וווינונגען. זיי זענען פריער געווען אונדזערע פריינט, אָבער זיי זענען משוגע־געוואָרן. איך זע פאַר מיינע אויגן ווי מען שלעפּט די ישיבה־בחורים איבער די גאַסן, כדי זיי שפּעטער אָפּצושניידן די קעפּ. איך בין נאָך דאַן געווען אַ קינד. און ווידער האָבן מיר געהערט די אַראַבישע ווילדע געשרייען אין יאָר 1936... דאָס מאָל האָבן מיר שוין געוווּסט וואָס זיי ווילן. אין משך פון דריי יאָר האָבן מיר זיך געשראָקן און ווען מיר פלעגן דערהערן געשרייען פון איבערן אַראַבישן קוואַרטאַל, פלעגן מיר אַנטלויפן. אָבער דאָסמאָל וועלן מיר מער נישט לויפן. אפילו די זקנים צווישן אונדז ווילן דאָס נישט. דאָס מאָל וועט זיי נישט אָנקומען די זאַך אַזוי לייכט, מעגסט מיר גלויבן... אָבער, ארי, עס איז דאָך פאַראַן אַ גרענעץ צו דעם, וואָס מען קאָן פאָדערן פון אונדז...

אריק האָט פאַרדראָסן, וואָס ער איז געווען האַרט לגבי רעמעזן. מען האָט באמת געדאַרפט האָבן אַ גרויסן מוט, כדי צו באַשליסן וועגן פאַרבלייבן אין צפת.

— קער זיך אום צוריק אין שטאָט, רעמעז, און באַמי זיך איינצוהאַלטן די רו און אָרדענונג. קאָנסט זיך פאַרלאָזן אויפן מאַיאָר האָוקס. ער וועט נישט דערלויבן צו קיין הפקרות. אינצווישנצייט וועסטו זיין פון די ערשטע, וואָס וועלן באַקומען ביקסן, אויב עס וועט אָנקומען אַ טראַנספּאָרט.

ווען רעמעז און סאַטערלענד האָבן פאַרלאָזן דאָס צימער, האָט ארי זיך צוריקגעזעצט צום שרייב־טיש און פאַרביסן די ציין. וואָס איז ער אימשטאַנד אויפצוטאָן? אפשר שיקן פופציק מאן פון פלמ״ח קיין צפת, מיטן מאָמענט ווען די ענגלענדער וועלן זיך פון דאָרטן עוואַקואירן? אָבער דאָס איז דאָך ווי אַ טראָפּן אין ים. וואָס קאָן מען איבערהויפּט טאָן? אין ארץ־ישראל זענען פאַראַן צוויי הונדערט אַזעלכע ישובים ווי צפת. פופציק מאַן דאָרטן, צען מאַן — דאָ. ווען קאַוקאַדזשי און קאדאר וואָלטן געוווּסט ווי פאַרצווייפלט דער מצב איז, וואָלטן זיי אין גאַנץ ארץ־ישראל אָנגע־הויבן תיכף אַ גענעראַל־אָפענסיווע. די יידן האָבן פשוט נישט גענוג אַמוניציע, כדי אָפּצושטויסן דעם אָנגריף. ארי האָט זיך געשראָקן פאַרן געדאַנק פון אַן אַראַבישן אָנגריף, וואָס קאָן אויפדעקן דעם דלות פון די יידן אין מיליטערי־שער אויסשטאַטונג.

אין צימער איז אַריינגעקומען דוד בן־עמי, וועלכער האָט זיך צוריקגעקערט פון אַן אינספּעקציע אין די ווייטע צפונ־דיקע ישובים.

— שלום, ארי — האָט דוד געזאָגט. — איך האָב גע־טראָפן אויפן גאַס רעמעזן און סאַטערלענדן. רעמעז האָט אויסגעזען אַביסל איבערגעשראָקן.

— ער האָט א סיבה צו דעם... וואָס האָסטו פעסטגע־שטעלט אויף דער אינספּעקציע?

— די אַראַבער האָבן אָנגעהויבן צו באַשיסן כפר־גלעדי און מטולה. אין כפר־סולד גרייט מען זיך אָפּצושטויסן די סירישע אָנפאַלן. אומעטום זענען אויפגעשטעלט געוואָרן באַפעסטיקונגען אַרום די קינדער־היימען און אַלע ווילן וואָס מער געווער.

— געוועד !... קיין אַנדערע נייעס האָסטו נישט ? ווו זיצן די העלדן, וואָס שיסן פון דער ווייטנס ?

אין כפר־אַתאַ.

— אָך, דאָס טייערע דערפל כפר־אַתאַ — האָט ארי געזאָגט — ווען די ענגלענדער וועלן פון דאָרטן אַוועקגיין וועט דאָס זיין מיין ערשטער אָנגריפס־ציל. ווען איך בין נאָך געווען אַ קליינער יאַטל, האָבן זיי מיך געוואָלט שלאָגן בעת איך בין געקומען צו דער דאָרטיקער מיל מיט אונזער קאָרן. זינט דאַן האָב איך שטענדיק געזוכט אַ געלעגנהייט זיך אָפּצורעכענען מיט זיי. איך בין זיכער, אַז אַ העלפט פון קאַוקאַזשיס מענטשן גייען דורכן דאָרף אַתאַ.

— אָדער ביי נבי־יושע — האָט דוד זיך אָפּגערופן.

ארי האָט געמאַכט אַ בייזע מינע. דוד האָט געוווּסט, אַז ער האָט אָנגערירט אַ ווייטיקלעכן פּונקט.

— איך האָב גוטע פריינט אין נבי־יושע — האָט ארי געזאָגט.

— אויב אַזוי וועלן זיי דיר זיכער איבערגעבן, אַז די אומרעגולערע אָפּטיילונגען פון די אַראַבער דרינגען אַריין דורכן דאָזיקן דאָרף.

ארי האָט נישט געענטפערט.

— איך ווייס, ארי, ווי נאָענט דו ביסט צו די דאָרטיקע מענטשן. אָבער דו מוזט גיין צום מוכטאַר און אויפקלערן דעם מצב.

ארי איז אויפגעשטאַנען פון אָרט און אָנגעהויבן צו שפּרייזן איבערן צימער.

— איך וועל ריידן מיט טאַהט ! — האָט ער אויסגערופן.

דוד האָט גענומען פון אריס טיש די לעצטע מעלדונגען, וואָס זענען אָנגעקומען אין שטאַב, האָט זיי שנעל דורכגע־

קוקט און זיי אָוועקגעלייגט צוריק. דאַן איז ער צוגעגאַנגען צו אַרין און איז געבליבן שטיין נעבן אים ביים פענצטער. זיי האָבן ביידע געקוקט אין דער ריכטונג פון דרום, צו ירושלים. אויף דודס געזיכט האָט זיך געמאָלט אַן אויס־דרוק פון טיפער זאָרג.

— עס וועט אַלץ זיין בסדר! — האָט אַרי אויסגערופן, קלאַפנדיק דודן איבערן אַקסל.

דוד האָט לאַנגזאַם געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— די לאַגע אין ירושלים ווערט מיט יעדן טאָג אַלץ פאַרצווייפלטער — האָט דוד שטיל געזאָגט. — די אויטאָ־קאָלאָנעס טרעפן זיך אָן אויף אַלץ גרעסערע שוועריקייטן. טאָמער וועט אַזוי ווייטער גיין, וועלן די ירושלימער איינ־וווינער אויסגיין פון הונגער.

אַרי האָט געוווּסט, אַז דוד האָט גרויס צער צוליבן מצב פון זיין באַליבטער שטאָט ירושלים.

— דו ווילסט זיכער פאָרן אַהין, נישט אמת? — האָט אַרי געפרעגט.

— יאָ — האָט דוד געענטפערט. — אָבער איך וויל דיך נישט פאַרלאָזן.

— ווען דו האָלטסט דאָס פאַר דיין פליכט, וועל איך דיך באַפרייען.

— איך דאַנק דיר, אַרי. וועסט דאָס אָבער קאָנען דורכ־פירן?

— זיכער... ווי נאָר דער פאַרשאָלטענער פוס וועט מיר שוין מער נישט וויי־טאָן... פאַרשטיי מיך גוט, דוד. איך וויל נישט, אַז דו זאָלסט אָוועקפאָרן.

— איך וועל דאָ בלייבן ביז דו וועסט געזונט ווערן.

— אַ דאַנק. ווען ביסטו געווען דאָס לעצטע מאָל ביי ירדנה?

— מיט עטלעכע וואָכן צוריק.

— פאַרוואָס זאָלסטו נישט פאָרן מאָרגן קיין גן־דפנה, כדי דאָרטן אויפצוקלערן דעם מצב? זאָלסט דאָרטן בלייבן עטלעכע טעג און פאָרש אויס אַלץ גרינטלעך.

דוד האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

— דו קאָנסט וווּנדערבאַר איבערצייגן...

קיטי האָט דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר.

— אַריין! — האָט זי אויסגערופן.

אין ביוראָ איז אַריינגעקומען ירדנה בן־כנען.

— אויב איר האָט צייט, מיסיס פרעמאַנט, וואָלט איך געוואָלט מיט אייך עפּעס ריידן.

— ביטע.

— דוד בן־עמי וועט קומען היינט פאַרמיטיק, כדי דורכצופירן אַן אינספּעקציע פון די פאַרטיידיקונגס־באַפעסטיקונגען. מיר ווילן דערנאָך צוזאַמענרופן אַ זיצונג פון שטאַב.

— איך וועל קומען — האָט קיטי געזאָגט.

— מיסיס פרעמאַנט, איך וויל פריער מיט אייך ריידן. איר ווייסט דאָך, אַז איך בין דאָ דער מיליטערישער קאָמאַנדיר און מיר וועלןביידע דאַרפן אין דער צוקונפט צוזאַמענאַרבעטן. איך וויל אייך זאָגן, אַז איך האָב צו אייך פולן צוטרוי. איך האַלט אפילו, אַז גן־דפנה האָט אַ סך געווונען פון דעם, וואָס איר געפינט זיך דאָ.

קיטי האָט אָנגעקוקט ירדנהן בייגעריק און פאַרווונדערט.

— איך גלויב — האָט ירדנה ווייטער געזאָגט — אַז

פּאַר דער מאָראַל פון אונזער געמיינשאַפט וואָלט געווען אַ סך בעסער, ווען מיר זאָלן אָפּלייגן אין אַ זייט אונזערע פּערזענלעכע געפילן.

— איך גלויב, אַז דאָ האָט איר רעכט — האָט קיטי געזאָגט.

— איך פריי זיך, וואָס אין דאָזיקן פּונקט זענען מיר אייניק.

—זאָגט מיר, ירדנה, —ווי זעט אויס אייגנטלעך אונזער מצב? — האָט קיטי געפרעגט.

— פאַר גן־דפנה עקזיסטירט נישט קיין דירעקטע גע־פאַר. פאַרשטייט זיך, אַז פאַר אונז וועט זיין זייער גוט, ווען די טאָגערט־באַפעסטיקונג וועט זיך געפינען אין די הענט פון דער „הגנה".

— לאָמיר אָבער אָננעמען, אַז נישט אַלץ וועט גיין כשורה און די אַראַבער וועלן באַקומען די באַפעסטיקונג. וואָס וועט דאַן זיין? און — לאָמיר ווידער אָננעמען, אַז דער וועג דורך נבי־יושע ווערט בלאָקירט...

— דאַן וועלן די אויסזיכטן זיין זייער אומאָנגענעם.

קיטי איז אויפגעשטאַנען און אָנגעהויבן צו גיין איבערן צימער.

— איך וויל, אַז איר זאָלט מיך גוט פאַרשטיין — האָט זי געזאָגט. — איך וויל מיך נישט אַריינלאָזן אין קיין מי־ליטערישער אָפּשאַצונג, אָבער ווען מען באַטראַכט דעם ענין רעאַל, קאָן דאָך געשען, אַז מען זאָל אונז דאָ ארומ־רינגלען.

— אַזאַ מעגלעכקייט עקזיסטירט אויך — האָט ירדנה געזאָגט.

— מיר האָבן דאָ אַ סך קליינע קינדער. צי וואָלטן מיר זיי נישט געקאָנט עוואַקואירן?

— וווהין זאָלן מיר זיי עוואַקואירן?

— דאָס ווייס איך נישט. אין א ישוב, וואָס געפינט זיך אין זיכערקייט.

— דאָס ווייס איך אויך נישט, מיסיס פרעמאנט. גאַנץ ארץ־ישראל איז פופציק מייל די ברייט. עס איז נישטאָ אַזאַ ישוב, וואָס זאָל קאָנען באַטראַכט ווערן אַלס „זיכער". מיט יעדן טאָג ווערט אין אַלץ נייע ישובים איינגעפירט באַלאַגערונגס־צושטאַנד...

— אפשר קאָנען מיר אָפּפירן די קינדער אין אַ שטאָט?

— ירושלים איז פולשטענדיק אָפּגעשניטן. אין חיפה, ווי אויך צווישן תל־אביב און יפו קומען פאָר די פאַרביסנסטע קאַמפן.

— דאָס הייסט, אַז עס איז נישטאָ קיין אָרט, וווהין מען וואָלט געקאָנט אַוועקפירן די קינדער?

יו"דנה האָט נישט געענטפערט. קיין איינע פון זיי האָט זיך נישט געגוויטיקט אין קיין ענטפער.

## קאַפּיטל 3

ערב ווייַנאַכטן 1947 יאָר.

אין גן־דפנה איז געפֿאַלן דער ערשטער שניי. די לופֿט איז געווען פֿריש און קאַלט און דער באָדן האָט זיך פֿאַר־וואַנדלט אין אַ קלעפּיקער בלאָטע. קיטי איז שנעל געגאַנגען איבער דער צעווייקטער לאָנקע צו איר וווינונג.

— שלום גברת קיטי! — האָט אויסגערופֿן צו איר ד"ר ליבערמאַן.

— שלום, דאָקטאָר!

זי איז שנעל אַרויפֿגעלאָפֿן אויף די שטיגלעך. אין וואַרעמען צימער האָט אויף איר געוואַרט קאַרען, וועלכע האָט שוין געהאַט צוגעגרייט הייסן טיי.

— ס'איז גוט קאַלט אינדרויסן — האָט קיטי געזאָגט, רייבנדיק אַ האַנט אין אַ האַנט.

דאָס צימער איז געווען יום־טובדיק אויסגעפּוצט. קאַרען האָט מיט פֿאַנטאַזיע אויסדעקאָרירט די ווענט. אין מיטן צימער איז געשטאַנען אַ קליינער סאָסנע־בוים, וואָס איז געווען באַהאָנגען מיט קאָלירטע פּאַפּירן.

קיטי האָט זיך אוועקגעזעצט אויפֿן בעט, האָט אויסגעטאָן די שיך און אָנגעטאָן פֿוטערנע שטעק־שיך. דער טיי האָט געהאַט אַ וווּנדערבאַרן טעם. קאַרען איז געשטאַנען נעבן פֿענצטער און זיך צוגעקוקט, ווי דער שניי פֿאַלט.

— איך האַלט, אַז ס'איז נישטאָ קיין שענערע זאַך אויף דער וועלט, ווי דער ערשטער שניי — האָט זי געזאָגט.

— ווען עס וועט אָנהויבן אויסצופּעלן נאָפּט וועסטו שוין נישט האַלטן די זאַך פֿאַר אַזוי שיין.

— דעם גאַנצן טאָג האָב איך געמוזט טראַכטן וועגן קאָפּענהאַגען און וועגן די האַנסענס — האָט קאַרען זיך אָפּגערופֿן. — אין דענעמאַרק זענען די ווייַנאַכטן זייער אַ שיינער יום־טובֿ. צי האָסטו געזען דאָס פּעקל, וואָס זיי האָבן מיר צוגעשיקט?

קיטי איז צוגעגאַנגען צו קאַרען, האָט זי אַרומגענומען און אַ קוש־געטאָן אין באַק.

— ווייַנאַכטן רופֿן ארויס אַ בענקשאַפֿט אין די מענטשלעכע הערצער. — האָט קיטי שטיל אַרויסגעפּליסטערט.

— צי פֿילסטו זיך זייער איינזאַם, קיטי?

— זינט מייַן מאַן טאַם און מייַן טאָכטער סאַנדראַ זענען געשטאָרבן, האָב איך בכלל מער נישט געוואָלט טראַכטן וועגן ווייַנאַכטן. דאָס איז אָבער געווען ביז איצט...

קאַרען האָט אַרומגענומען קיטין און זיך שטאַרק צוגע־דריקט צו איר. דאַן האָט זי אַ קוק געטאָן אויפֿן האַנט־זייגערל און אָפּזיפֿצנדיק האָט זי געזאָגט:

— איך מוז גיין עפּעס עסן. איך האָב היינט אין אָוונט וואַך־דינסט.

— טו זיך אָן גוט וואַרעם. אינדרויסן איז קאַלט. איך מוז נאָך פֿאַרענדיקן אַ באַריכט און איך וועל וואַרטן ביז דו וועסט צוריקקומען.

קאַרען האָט זיך אָנגעטאָן וואַרעמע קליידער. קיטי האָט צוזאַמענגעפֿלאָכטן אירע האָר אין איין גרויסן צאָפּ און איר אָנגעטאָן אַ וואַרעם היטל אויפֿן קאָפּ. מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ געזאַנג, וואָס האָט זיך געטראָגן פֿון קינדערישע שטימען.

— וואָס באַדייט דאָס ? — האָט קיטי געפרעגט.

— דאָס איז לכבוד דיר — האָט קאַרען אַ לאַכנדיקע געזאָגט. — זיי האָבן אין משך פון צוויי וואָכן זיך געאיבט אין געהיים.

קיטי איז צוגעגאַנגען צום פענצטער. אינדרויסן זענען געשטאַנען אירע פופציק קינדער. זיי האָבן געהאַלטן ברע־נענדיקע ליכט אין די הענט און האָבן געזונגען אַ ווייגאַכטן־ליד. קיטי האָט זיך אָנגעטאָן אַ מאַנטל און איז אַרויס צוזאַמען מיט קאַרען אינדרויסן. זי איז געווען טיף גערירט פאַר איבעראַשונג. טרערן זענען איר געשטאַנען אין די אויגן.

קאַרען האָט געדאַרפט האַלטן וואַך אין איינעם פון די שוץ־גראָבנס, הינטער גן־דפנה. אָנקומענדיק צו איר פונקט איז זי פאַרהאַלטן געוואָרן דורך אַ פאָסטן.

—שטיין בלייבן !

קאַרען איז געבליבן שטיין.

— ווער גייט ?

— קאַרען קלעמענט.

— פאַראָל !

— חג שמח !

דער וואַך־פאָסטן איז אַרויס פון באַהעלטעניש און קאַרען איז אַראָפּגעשפּרונגען אין שוץ־גראָבן. זי האָט אָנגעלאָדן איר ביקס און אָנגעהויבן צו אָבסערווירן די סביבה.

— עס איז זייער אָנגענעם צו שטיין אויף דער וואַך — האָט קאַרען געטראַכט. דורך דער פאַרצוימונג פון שטעכלדראָט האָט זי געזען נבי־יושע און דעם גאַנצן חולה־טאָל. זי האָט געפילט אַ באַזונדערן פאַרגעניגן אין דעם, וואָס זי האָט

שעהן־לאַנג געקאָנט זיין אליין און לאָזן פריי אירע געדאַנקען. דורך דער שטילער ווינטער־לופט האָט זיך צו איר דערטראָגן דאָס געזאַנג פון די קינדער, ביז אַלץ אַרום איז ווידער איינגעזונקען געוואָרן אין שטילקייט.

קאַרען האָט פּלוצים דערהערט אַ גערויש הינטער זיך. זי האָט זיך לאַנגזאַם אויסגעדרייט און זיך באַמיט דורכצו־דרינגען די פינצטערניש. יאָ! צווישן די בוימער האָט זיך באַוועגט אַ געשטאַלט. אַפשר אַ הונגעריקער שאַקאַל? זי האָט אַראָפּגענומען די ביקס פון דער פּלייצע און זי אָנגעצילט אין דער ריכטונג פון דער געשטאַלט. דער טונקעלער שאָטן האָט זיך אָבער אַלץ מער און מער דערנענטערט צו איר.

— שטיין בלייבן! — האָט זי אויסגערופן.

די געשטאַלט האָט זיך פאַרהאַלטן.

— פאַראָל!

— קאַרען! — האָט אויסגערופן אַ שטימע.

— דב!

קאַרען איז אַרויסגעקראָכן פון שוץ־גראָבן און האָט אָנגעהויבן צו לויפן דורכן שניי צו דבן. ער איז איר אַנטקעגנגעלאָפן און ביידע האָבן זיך געוואָרפן אין די אָרעמס.

— דב! דו ביסט עס באמת? איך קאָן עס קוים גלויבן.

זיי זענען ביידע אַראָפּגעשפּרונגען אין שוץ־גראָבן

— דב, איך ווייס אפילו נישט וואָס דיר צו זאָגן.

— איך בין געקומען אַהער מיט אַ שעה צוריק — האָט ער זיך אָפּגערופן. — איך האָב געוואָרט אינדרויסן פאַר אייער הויז, ביז דו וועסט אַרויסקומען. איך בין דיר נאָכגעגאַנגען.

קאַרען האָט זיך אַ דערשראָקענע אַרומגעקוקט.

— דאָ ביסטו אין אַ סכנה, דב. דו מוזט אכטונג געבן, אַז ד
ענגלענדער זאָלן דיך נישט כאַפּן.

— האָסט נישט וואָס מורא צו האָבן, קאַרען. אַלץ איז שוין אין אָרדענונג. די ענגלענדער קאָנען מיר שוין מער גאָרנישט טאָן.

זי האָט אויסגעשטרעקט איר האַנט צו אים. אירע פינגער האָבן געציטערט.

— ס׳איז דיר קאַלט, דב. דו טראָגסט אפילו נישט קיין סוועטער. דו פרירסט.

— איך פריר נישט.

דער שניי איז געפאַלן אין שוץ־גראָבן און פלוצים האָט אויפגעשיינט די לבנה. זיי האָבן איצט געקאָנט זען איינער דעם אַנדערן.

— איך האָב זיך אויסבאַהאַלטן אין די היילן הינטערן קיבוץ „המשמר״.

— איך ווייס.

— און איך האָב געמיינט, אַז דו ביסט שוין אין אמעריקע.

— מיר האָבן נישט געקאָנט אַוועקפאָרן.

— דו מוזט זיך אוודאי וואונדערן, וואָס איך בין געקומען אַהער... קאַרען, איך וויל... קומען צוריק קיין גן־דפנה. ווען איך בין דעמאָלט אַנטלאָפן פון דאַנען האָב איך מיטגענומען אַ פּאָר גאָלדענע רינגען און זייגערלעך. מען האַלט מיך דאָ געוויס פאַר אַ גנב.

— אָבער ניין, דב. די הויפּט־זאַך איז, אַז דו לעבסט און געפינסט זיך אין זיכערהייט. דאָס איבעריקע איז לגמרי נישט וויכטיק.

— איך וועל פאַר אַלץ באַצאָלן צוריק.

— קיינער איז אויף דיר נישט בייז.

דב האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— די גאַנצע צייט ווען איך בין געווען אין תפיסה, און שפּעטער ווען איך האָב זיך אויסבאַהאַלטן אין די היילן, האָב איך געטראַכט נאָר וועגן דעם. קיינער איז נישט אין כעס אויף מיר, אָבער איך אַליין בין אין כעס אויף זיך. ווען דו ביסט געקומען צו מיר אין תפיסה האָט מיך פּלוצים באַהערשט אַ געוואַלדיקער ווילן צו בלייבן לעבן. איך האָב נישט געוואָלט שטאַרבן און איך האָב מער נישט געוואָלט עמיצן טויטן.

— דב!

— קאַרען... אין דער אמתן האָב איך נישט געהאַט קיין אַנדער מיידל. איך האָב דאָס נאָר געזאָגט צוליב דעם, כדי דו זאָלסט אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע.

— איך ווייס...

— צי האָסטו באמת די גאַנצע צייט געוווסט וועגן דעם?

— איך האָב געוואָלט גלויבן אין דעם, דב. איך האָב געוואָלט גלויבן, אַז דו האָסט מיך גערן.

— קאַרען, איך וויל צוריקומען קיין גן־דפנה און איך וויל דערפירן צו דעם, אַז דו זאָלסט זיין שטאָלץ מיט מיר. איך האָב דאָס געוואָלט, הגם איך האָב נישט געוווּסט, צי דו ביסט נאָך דאָ, אָדער ביסט שוין אַוועקגעפאָרן.

קאַרען האָט אַראָפּגעלאָזט איר בליק.

— איך טו דאָס אַלץ פאַר דיר, קאַרען — האָט דב שטיל געזאָגט.

זי האָט אים אַ גלעט־געטאָן מיט דער האַנט איבערן באַק.

— דב, דיר איז זיכער קאַלט. איך בעט דיך, גיי אין אונדזער צימער. דו קאָנסט ריידן מיט קיטין וועגן אַלץ. זי ווייסט וועגן אונדזערע געפילן. ווען איך וועל צוריקומען פון

דינסט וועלן מיר גיין צוזאַמען צום ד״ר ליבערמאַן. אָבער זיי פּאַרזיכטיק. דער פּאַראָל איז: חג שמח!

— קאַרען, איך האָב די גאַנצע צייט געטראַכט וועגן דיר. איך וועל שוין מער גאָרנישט טאָן, וואָס וועט דיר נישט געפעלן ווערן אָדער וואָס קאָן דיר ווײ טאָן.

— דאָס ווייס איך.

— צי קאָן איך דיר געבן אַ קוש?

— יאָ.

זייערע ליפּן האָבן זיך שנעל באַרירט.

— איך ליב דיך, קאַרען — האָט דב אויסגערופן. דאַן איז ער אַרויסגעשפּרונגען פון שוץ־גראָבן און איז פאַרשוואונדן אין דער ריכטונג פון גן־דפנה.

— דאָס אינטערנאַציאָנאַלע רעכט — האָט ברק בן־כנען געזאָגט מיט כעס צום אַמעריקאַנער דעלעגאַט. — דער רשע דרייט זיך אַרויס פון דאָזיקן רעכט און דער צדיק וויל דאָס קיינמאָל נישט דורכפירן מיט געוואַלט.

מיט רייד האָט זיך אָבער גאָרנישט געלאָזט אויפטאָן. אין פאַל ווען די יידן וועלן דעם 15־טן מאַי פּראָקלאַמירן אומאָפּהענגיקייט, וועלן זיי מוזן אַליין קעמפן קעגן 7 אַראַבישע אַרמייען. קאַוקאַדזשיס באַנדעס און די אַראַבער פון ארץ־ישראל האָבן פאַרשטאַרקט זייער אַקטיוויקייט אונטער דער אָנפירונג פון סאַפוואַט און קאַדאַר.

דאָס יאָר 1948, דאָס יאָר פון אַנטשיידונג, איז געקומען. אין משך פון די ערשטע חדשים פון נייעם יאָר זענען די אַראַבער געוואָרן אַלץ חוצפּהדיקער און זייערע אָנגריפן זענען געוואָרן אַלץ שטאַרקערע, אין דער מאָס ווי די ענג־

לענדער האָבן עוואַקואירט זייער מיליטער און איבערגע־
געבן איין באַזע נאָך דער אַנדערער.

זאב גלבוע האָט באַקומען דעם אויפטראָג איבערצונעמען
די טאַגערט־באַפעסטיקונג פון די ענגלענדער. ער האָט זיך
געמאָלדן אין אַריס ביוראָ און מיטגעטיילט:

— אַלע זענען גרייט אָפּצופאָרן.

— גוט. פאָרט תיכף אַוועק צו דער פעסטונג — האָט ארי
באַפוילן. — מאַיאָר האוקס האָט געזאָגט, אַז ער וויל אי־
בערגעבן די באַפעסטיקונג פונקט צוויי אַזייגער נאָכמיטיק.
אגב, צי איז דאָס אמת, אַז ליאורה האָט דיר געבוירן נאָך
א קינד?

— אמת.

— אויב דו וועסט ווייטער מאַכן אַזעלכע נאַרישקייטן,
וועסטו מער נישט באַקומען קיין אורלויב יעדן סוף וואָך —
האָט ארי זיך אָפּגערופן מיט אַ געלעכטער.

זאב איז אַרויסגעלאָפן אין דרויסן, אריינגעשפרונגען
אין דער שאָפער־קאַבינע און איז אָפּגעפאָרן אין דער ריכ־
טונג פון קיבוץ עין־אור. צוזאַמען מיט אים זענען געפאָרן
צוואַנציק בחורים און מיידלעך פון פלמ״ח, וועלכע האָבן
געזאָלט באַזעצן די טאַגערט־באַפעסטיקונג.

זאב האָט געטראַכט וועגן זיין לעצטן באַזוך אין קיבוץ
„שדה שמשון", וווּ ער האָט געוווינט. ליאורה האָט אים
דערציילט, אַז זי דערוואַרט אַ קינד. דאָס איז געווען אַ
וווּנדערבאַרע בשורה פאַר אים! זאב איז געווען אַ פּאַס־
טוך, איידער ער איז גערופן געוואָרן צום דינסט... אָבער
איצט האָט אים געשיינט, אַז דאָס איז געווען מיט אַ סך
יאָרן צוריק. ווי שיין וועט דאָס זיין, ווען ער וועט מיטנעמען
מיט זיך זיינע זין אין די בערג, כדי דאָרטן צו פּאַשן שאָף...

ער האָט זיך אָבער באַמיט נישט צו טראַכטן וועגן דער צוקונפט. עס האָט געוואַרט אויף אים אַ סך אַרבעט. ווען די באַפעסטיקונג וועט איבערגעגעבן ווערן אין זיינע הענט, וועט ער דאַרפן באַפרייען דעם קיבוץ מגרה פון דער אַראַ־בישער בלאָקאַדע, מען וועט אויך דאַרפן פּאַטרולירן די גרענעץ, כדי צו פאַרמיידן אַ ווייטערדיקע אַראַבישע אַריינדרינגונג אין שטח פון ארץ־ישראל.

די בחורים און מיידלעך האָבן אָנגעהויבן צו זינגען, בעת דער אויטאָ האָט זיך גענומען שלענגלען צווישן די שמאָלע באַרג־וועגן. זאב האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער. עס זענען נאָך פאַרבליבן פופצן מינוט ביז צו דער באַשטימ־טער צייט. ער איז אַדורכגעפאָרן דעם לעצטן בויג פון וועג און אויפן האָריזאָנט האָט פאַר אים אויפגעטויכט דער גרויסער, פיר־עקיקער צעמענט־בנין פון דער באַפעסטי־קונג. די דאָזיקע ריזן־געביידע האָט געהערשט איבער דער גאַנצער סביבה. ווען ער איז אָבער צוגעקומען עטלעכע הונדערט מעטער נאָענטער צו דער באַפעסטיקונג, האָט ער דערפילט, אַז דאָס איז עפּעס נישט אין אָרדענונג. ער האָט אָנגעהויבן צו פאָרן לאַנגזאַמער און אַרויסגעשטרעקט דעם קאָפּ פון דער קאַבינע. ווען די ענגלענדער וואָלטן געהאַט בדעה צו עוואַקואירן די באַפעסטיקונג, וואָלט מען דאָך געזען עפּעס אַ באַוועגונג, אָבער ער האָט גאָרנישט געזען און די שטילקייט האָט ביי אים ארויסגערופן אַ פאַרדאַכט.

זאב האָט געריכטעט זיין בליק צום אָבסערוואַציע־טורעם און אין זעלבן מאָמענט, ווען ער האָט דערזען, אַז אויפן טורעם פלאַטערט די פאָן פון קאַוקאַדזשיס אומרעגולערע אָפּטיילונגען, איז פון דער באַפעסטיקונג געעפנט געוואָרן צו אים אַ פייער.

זאב איז שנעל אַרויסגעשפּרונגען פון קאַבינע און אויס־גערופן:

— ארויס פון אויטאָ! דעקט זיך!

די יוגנטלעכע זענען שנעל אַראָפּגעשפּרונגען פון אויטאָ און פאַרנומען פּאָזיציעס. דער לאַסט־אויטאָ האָט אָנגעהויבן צו ברענען. זאב האָט זיך צוריקגעצויגן מיט זיין אָפּטיילונג און ווען זיי זענען שוין געווען ווייט פון דער באַפעסטיקונג האָבן זיי אָנגעהויבן לויפן באַרג־אַראָפּ צום קיבוץ עין־אור.

ווען ארי האָט דערהערט, אַז די טאגערט־באַפעסטיקונג איז איבערגעגעבן געוואָרן אין די אַראַבישע הענט, איז ער שנעל אָפּגעפאָרן קיין צפת. ווילד פאַר כעס איז ער אַריינגע־פאַלן אין דינסט־צימער פון מאַיאָר האוקס און אויסגעשריען:

— דו פאַרעטער!

מאַיאָר האוקס, דער בריטישער געביטס־קאָמיסאַר, אַ הויכער און דיקער מאַן, האָט אויסגעזען בלייך און מיד.

— דאָס איז נישט מיין שולד — האָט דער מאַיאָר אַרויסגעפּליסטערט — גלויבט מיר.

— ניין, איך וועל דאָס נישט גלויבן...

— נעכטן צען אזייגער אין אָוונט האָב איך באַקומען אַ טעלעפאָנישע פאַראָרדענונג פון ירושלים. דער הויפּט־שטאַב האָט מיר באַפוילן ארויסצוציען תיכף די זעלנער פון דער באַפעסטיקונג.

— איר האָט דאָך מיר געקאָנט אינפאָרמירן וועגן דעם!

— ניין, דאָס האָב איך נישט געקאָנט — האָט מאַיאָר האוקס געמורמלט — איך האָב דאָס נישט געטאָרט טאָן. סוף כל סוף בין איך דאָך אַ זעלנער, בן כנען. איך האָב

די גאַנצע נאַכט נישט צוגעמאַכט קיין אויג. איך האָב היינט איבערגעפרי טעלעפאָנירט קיין ירושלים און געבעטן מען זאָל מיר דערלויבן צוריק אָפּצונעמען די פעסטונג פון די אַראַבער.

ארי האָט אָנגעקוקט דעם ענגלענדער מיט פאַראַכטונג.

— איר קאָנט טראַכטן וועגן מיר וואָס איר ווילט — האָט דער מאַיאָר געזאָגט. — אָבער איך האָב נישט געקאָנט האַנדלען אַנדערש.

— סוף כל סוף איז דאָס אייער באַרוף און אייער ברויט, מאַיאָר האוקס. איך בין זיכער, אַז איר זענט נישט דער ערשטער זעלנער, וואָס האָט פאַרגוואַלדיקט זיין געוויסן.

— צו וואָס נוצט שוין איצט דאָס ריידן. דאָס, וואָס ס׳איז געשען איז שוין פאַרפאַלן.

— מעגלעך, אַז צוליב דעם, וואָס איר האָט געטאָן, וועט איר אויסגעצייכנט ווערן מיט אַ מעדאַל אַלס גוטער זעלנער, אָבער די בלאָקאַדע קעגן גן־דפנה וועט איר האָבן אויף אייער געוויסן, אויב אייך איז נאָך געבליבן עפּעס וואָס פון דעם, וואָס הייסט: געוויסן.

האוקס איז געוואָרן בלייך ווי אַ טוך.

— איר וועט דאָך נישט איבערלאָזן דאָרטן די קינדער! איר מוזט זיי עוואַקואירן!

— איר האָט געדאַרפט פריער טראַכטן וועגן דעם — האָט ארי זיך אָפּגערופן. — איצט, ווען די באַפעסטיקונג געפינט זיך אין די הענט פון די אַראַבער, מוזן מיר פאַר־טיידיקן גן־דפנה פאַר יעדן פּרייז, אַנישט וועלן מיר פאַרלירן דעם גאַנצן חולה־טאָל.

— ארי, איך בין גרייט צו ברענגען די קינדער אין זיכערהייט...

— זיי האָבן נישט וווּ צו גיין.

מאַיאָר האוקס האָט צונויפגעביילט די האַנט אין אַ פויסט און אַ קלאַפּ־געטאָן מיט גאַנצן כּוח אויפן שרייב־טיש. ער האָט געברומט אומפאַרשטענדלעכע ווערטער און מען האָט געזען אַז ער ליידט צוליב דעם, וואָס ס׳איז געשען. פאַר אַרין איז קלאָר געוואָרן, אַז ער דאַרף נישט באַשולדיקן דעם דאָזיקן מאַן אין פּאַראַט.

פאַרנדיק צום מאַיאָר האָט אַרי אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן, וואָס האָט אויסגעזען זייער ריזיקאַליש, אָבער ביי די גע־שאַפענע אומשטענדן האָט ער געשיינט צו זיין דער איינצי־קער מיטל אָפּצוראַטעווען די שליסל־פּאָזיציע פון גן־דפנה. אַרי האָט זיך אַריבערגעבויגן איבערן מאַיאָרס שרייב־טיש און געזאָגט:

— איך וויל אייך געבן אַ געלעגנהייט צו פאַריכטן אין אַ געוויסער מאָס די עוולה, וואָס איר האָט אָפּגעטאָן.

— וואָס קאָן איך איצט טאָן, אַרי בן־כנען?

— אַלס געביטס־קאָמיסאַר האָט איר רעכט צו קומען קיין גן־דפנה און אונז געבן אַן עצה צו עוואַקויִרן דעם פּלאַץ.

— יאָ, איך קאָן דאָס, אָבער...

— טוט דאָס, אַלזאָ. פאָרט מאָרגן אַרויס קיין גן־דפנה און נעמט מיט פּופציק לאַסט־אויטאָס. פאַרזיכערט אייער אויטאָ־קאָלאָנע מיט פּאַנצער־וואָגנס. אויב עמיצער וועט אייך פרעגן, וואָס איר האָט בדעה צו טאָן, דאַן זאָלט איר זאָגן, אַז איר האָט בדעה צו עוואַקויִרן די קינדער פון גן־דפנה.

— איך פאַרשטיי אייך נישט. צי האָט איר בדעה צו עוואַקויִרן די קינדער פון גן־דפנה?

— ניין, אָבער פאַרלאָזט זיך אויף מיר. איר דאַרפט גאָרנישט טאָן, ווי נאָר קומען מיט דער אויטאָ־קאָלאָנע קיין גן־דפנה.

מאַיאָר האוקס האָט נישט געפאָדערט מער פון אריין קיין אויפקלערונגען. ער האָט געטאָן וואָס ארי האָט אים געבעטן. מיט אַ קאָלאָנע פון פופציק לאַסט־אויטאָס איז ער געקומען קיין גן־דפנה. די אויטאָ־קאָלאָנע איז אויף איר וועג דורכ־געפאָרן זעקס אַראַבישע דערפער. זי איז אַרויפגעפאָרן אויפן באַרג פאַר די אויגן פון קאַוקאַדזשיס אומרעגולערע אָפּטיילונגען, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער טאַגערט־באַפעסטיקונג. זי איז אויך דורכגעפאָרן נבי־יושע און מיי־טיק־צייט איז זי אָנגעקומען קיין גן־דפנה. מאַיאָר האוקס איז גלייך אַוועק צום ד״ר ליבערמאַן און האָט פאָרמעל אויפגעפאָדערט, ער זאָל תיכף עוואַקואירן די קינדער. ד״ר ליבערמאַן האָט לויט אריס עצה אָפּגעוואָרפן דעם דאָזיקן פאָרשלאַג. נאָך מיטיק איז די ענגלישע קאָלאָנע אָפּגעפאָרן און זיך צוריקגעקערט קיין צפת.

אינצווישנצייט האָט ארי איבערגעגעבן זיינע אַראַבישע פריינט אין דאָרף נבי־יושע אַ „סוד״, אַז מאַיאָר האוקס האָט איבערגעלאָזט אין גן־דפנה טאָנען געווער.

— עס איז דאָך אַ באַוווּסטע זאַך, אַז מאַיאָר האוקס איז אַ יידן־פריינט — האָט ארי געזאָגט צו זיי. — ער האָט צוגעשטעלט געווער אין גן־דפנה, כדי אין אַ געוויסער מאָס צו פאַריכטן די עוולה פון איבערגעבן די טאַגערט־באַפעס־טיקונג צו די אַראַבער.

אריס פלאַן איז געלונגען. אין משך פון געציילטע שעהן זענען פאַרשפרייט געוואָרן „סודותדיקע״ ידיעות, אַז גן־דפנה איז אָנגעשטאָפּט מיט געווער און איז נישט איינצו־

געמען. די דאָזיקע ידיעות האָבן אויסגעזען צו זיין וואָר־שיינלעך אויך צוליב דעם, וואָס די קינדער זענען נישט עוואַקואירט געוואָרן פון דאָרטן. די אַראַבער האָבן געגוי־געוווסט, אַז ווען פאַר גן־דפנה וואָלט עקזיסטירט אַ געפאַר, וואָלטן די יידן אַרויסגעפירט פון דאָרטן די קינדער.

נאָכדעם ווי אין דער גאַנצער געגנט האָבן די אַראַבער שוין געוווסט וועגן „מיליטערישן כוח" פון גן־דפנה, איז ארי אַוועקגעפאָרן קיין נבי־יושע, כדי זיך צו זען מיט זיין אַלטן פריינט, דעם מוכטאַר טאהא. נישט געקוקט אויף דער געשפּאַנטער שטימונג איז ארי אויפגענומען געוואָרן גאַסט־פריינטלעך, ווי דער מנהג האָט עס געפאָדערט. אָבער טראָץ דעם האָט ארי ארויסגעפילט ביי זיין יוגנט־פריינט טאהא אַ קאַלטקייט, ווי נאָך קיינמאָל.

זיי האָבן געגעסן און גערעדט וועגן זייטיקע זאַכן, ביז ארי האָט זיך אָפּגערופן:

— עס איז די העכסטע צייט, אַז דו זאָלסט מיר זאָגן, ווי עס זעט אויס דיין פּערזענלעכע איינשטעלונג.

— מיין פּערזענלעכע איינשטעלונג איז אין איצטיקן מאָמענט נישט וויכטיק — האָט טאהא זיך אָפּגערופן.

— עס טוט מיר לייד, טאַהאַ, אָבער אַלס געביט־קאָמי־סאַר פון דער „הגנה" מוז איך דיך פרעגן וועגן דעם.

— איך האָב דאָך דיר געגעבן מיין וואָרט, אַז נבי־יושע וועט בלייבן נייטראַל.

ארי האָט זיך אויפגעשטעלט און אָנגעקוקט דעם אַראַ־בער מיט אַ דורכדרינגלעכן בליק.

— דו האָסט מיר געגעבן דיין וואָרט, אָבער דו האָסט געבראָכן דיין וואָרט.

טאהא האָט אָנגעקוקט ארין מיט כעס.

— מיר זענען אינפאָרמירט, אַז קאַוקאַזישע מענטשן גייען מאַסנווייז דורך דיין דאָרף.

— און וואָס דערוואַרטסטו פון מיר? — האָט טאהא אויסגעשריגן — איך זאָל זיי אפשר זאָגן, אַז זיי זאָלן זיין אַזוי גוט און נישט קומען? איך האָב זיי נישט געבעטן זיי זאָלן גיין דורכן דאָרף.

— איך האָב זיי אויך נישט געבעטן — האָט ארי זיך אָפּגערופן. — עס איז געווען אַ צייט, ווען מיר האָבן נישט גערעדט איינער צום אנדערן מיט אזא טאָן.

— די צייטן בייטן זיך, ארי...

ארי איז צוגעגאַנגען צום פענצטער און ארויסגעקוקט צום אַנדערן ברעג פון טייכל.

— איך האָב שטענדיק ליב געהאַט צו קומען אַהער. מיר האָבן ביידע פאַרבראַכט אַ סך גליקלעכע טעג ביים טייכל. געדענקסטו נאָך, ווי מיר זענען דאָרטן געשלאָפן אין אַ געצעלט?

— דאָס איז געווען מיט יאָרן צוריק.

— קאָן זיין, אַז איך האָב אַ גוטן זכרון. בעת די בלוטי־קע אומרוען האָבן מיר אָפט גערעדט וועגן דעם, אַז ס'איז לעכערלעך די מיינונג, אַז מענטשן מוזן קעמפן איינער מיטן אַנדערן. מיר האָבן געשלאָסן אייביקע בלוט־ברודערשאַפט. טאהא, איך בין די גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן און גע־טראַכט וועגן דעם, וואָס איך זאָל דיר זאָגן. איך האָב דער־ביי געטראַכט וועגן אַלץ, וואָס מיר האָבן ביידע צוזאַמען געטאָן.

— דאָס איז גאָרנישט דיין וועג, ארי, צו זיין סענטימענ־טאַל.

— עס איז אויך נישט מיין וועג דיר צו דראָען. מוכאַמעד

קאַסי און די מענטשן פון דער באַפּעסטיקונג זענען געַנוי די זעלבע ווי די, וועלכע האָבן דערמאָרדעט דיין פאָטער. מיטן מאָמענט ווען די ענגלענדער וועלן אַוועקגיין, וועלן זיי קומען צו דיר און פאָדערן, אַז דו זאָלסט בלאָקירן דעם וועג קיין גן־דפנה. אויב דו וועסט מסכים זיין צו דעם, וועלן זיי אריינלייגן געווער אין די הענט פון דיינע מענטשן און זיי וועלן געבן אַ באַפעל אָנצוגרייפן יד־אל.

— און וואָס ווילסטו פון מיר?

— און וואָס דערוואַרטסטו פון מיר? — האָט ארי צוריק־געפרעגט.

אין צימער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ פּיינטלעכע שטיל־קייט.

— דו ביסט דער מוכטאַר פון גבי־יושע. דו קאָנסט זאָגן דיינע מענטשן, וואָס זיי האָבן צו טאָן, גענוי ווי דיין פאָטער האָט עס געטאָן. דו מוזט אויפהערן צוזאַמענצואַרבעטן מיט די אומרעגולערע אָפּטיילונגען.

— אַנישט?

— אַנישט וועלן מיר דיך האַלטן פאַר אונזער שונא.

— און וואָס וועט דאַן געשען, ארי?

— דאָס דאַרף גבי־יושע קאָן פאַרניכטעט ווערן.

נישט ארי און נישט טאהא האָבן געהאַלטן פאַר ערנסט די דאָזיקע רייד. ארי איז געוועזן מיד. ער איז צוגעגאַנגען צו טאהא און אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויפן אַקסל פון אַראַבער

— איך בעט דיך. העלף מיר.

— איך בין אַן אַראַבער — האָט טאהא געזאָגט.

— דו ביסט אַ מענטש. דו ווייסט, וואָס ס'איז גוט און וואָס ס'איז שלעכט.

— צי ווילסטו מיר איינריידן, אַז איך בין דיין ברודער?
— דו ביסט עס שטענדיק געווען, טאהא!
— אויב איך בין דיין ברודער, דאַן גיב מיר ירדנה. יאָ, דאָס איז דער ריכטיקער אויסוועג. גיב זי מיר, כדי איך זאָל זי קאָנען נעמען פאַר אַ פרוי און זי זאָל ווערן די מוטער פון מיינע קינדער.

אריס פויסט האָט געטראָפן אין טאהאס קינביין. דער אַראַבער איז אַ באַטויבטער געפאַלן צום באָדן, אָבער ער האָט זיך גלייך אויפגעשטעלט צוריק, ארויסגעצויגן אַ קינזשאַל פון גאַרטל און זיך דערנענטערט צו ארין. ארי איז געשטאַנען אומבאַוועגלעך און נישט געמאַכט קיין שום באַוועגונג, וואָס זאָל עדות־זאָגן, אַז ער האָט בדעה זיך צו פאַרטיידיקן. טאהא האָט אויפגעהויבן דעם קינזשאַל, אָבער ער איז געבליבן שטיין אַ פאַרשטאַרטער. דאַן האָט ער זיך אָפגעקערט און אַ וואָרף געטאָן דעם קינזשאַל אויף דער פאָדלאָגע.

— וואָס האָב איך געטאָן — האָט ארי געפּליסטערט. ער איז צוגעגאַנגען צו טאהאן, כדי אים איבערצובעטן, אָבער דער אַראַבער האָט אויסגעשריען:

— דו האָסט מיר שוין אַלץ געזאָגט, וואָס איך דאַרף וויסן. אַרויס פון מיין שטוב, דו ייד!

## קאַפּיטל 4

אין פּלעשינג־מידאו, ניו־יאָרק, האָבן די ענינים אָנגענו־מען אַ שלעכטע ווענדונג. ווען עס האָט זיך ארויסגעשטעלט, אַז כדי דורכצופירן דעם אונא־באַשלוס וועט זיין נויטיק אַ מיליטערישע אינטערווענץ, האָבן די אַמעריקאַנער, אויס מורא אַז די רוסן זאָלן זיך נישט באַטייליקן אין אַן עווענ־טועלן אינטערנאַציאָנאַלן פּאָליציי־כוח, געגעבן אָנצוהערן, אַז זיי וועלן מער זיך נישט איינשטעלן פאַר צעטיילן דאָס לאַנד. דער ישוב האָט געמאַכט פאַרצווייפלטע פּרווון, אַז אַמעריקע זאָל זיך אָפּזאָגן פון דאָזיקן דעפעטיסטישן צו־גאַנג. אין מיטן פון די דאָזיקע וויכטיקע פאַרהאַנדלונגען האָט ברק בן־כנען באַקומען אַ טעלעגראַמע, ער זאָל תיכף אָפּפאָרן קיין פראַנקרייך. ברק איז געווען דערשטוינט צוליב דעם, וואָס מען רייסט אים אָפּ פון זיין דרינגענדער אַרבעט, אָבער ער האָט נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה, ווי אָפּ־פליען קיין פראַנקרייך.

אין פראַנקרייך האָבן אים אָפּגעוואַרט צוויי שליחים פון ישוב. מען האָט אים אַרויסגערופן, כדי ער זאָל פירן שטרענג־געהיימע פאַרהאַנדלונגען וועגן איינקויפן געווער. די מנהיגים פון ישוב זענען געווען ביי דער מיינונג, אַז אין געגעבענעם מאָמענט איז דאָס איינשאַפן זיך געווער דאָס וויכטיקסטע, און דער איינציקער, וועלכער איז צוגע־פּאַסט דורכצופירן די דאָזיקע טראַנזאַקציע, איז ברק בן־

כנען. דער פריינט פון ישראל, יאַן מאַסאַריק, האָט איבער־געגעבן אַן אינפאָרמאַציע וועגן די מקורות, וווּ מען קאָן איינקויפן געווער.

נאָך אַ ריי וואָכן פון געהיימע פאַרהאַנדלונגען זענען אָפּגעשלאָסן געוואָרן די געווער־טראַנזאַקציעס. אַ שווער פּראָבלעם איז אָבער געווען די פראַגע, ווי אַזוי אַריינצו־ברענגען דאָס געווער קיין ארץ־ישראל, וועלכע האָט זיך נאָך אַלץ געפונען אונטער אַ בריטישער בלאָקאַדע. קודם־כל האָט מען זיך איינגעשאַפט אַן עראָפּלאַן, וואָס האָט געקאָנט טראַנספּאָרטירן וואָפן. אַ מיטגליד פון „עליה ב״ האָט געפונען אין ווין אַ פאַרעלטערטן אַמעריקאַנער באָמבאַרדי־רער, וואָס איז איינגעקויפט געוואָרן אין נאָמען פון אַ פירמע „אַלפן־פלי־געזעלשאַפט״. ווייטער האָט מען געמוזט געפינען אַ מאַנשאַפט פאַרן דאָזיקן עראָפּלאַן. זעקס יידן — פיר פון דרום־אַפריקע און צוויי פון אַמעריקע, וועלכע זענען בעתן קריג געווען לופט־פליער — האָבן מסכים־געווען איבערצונעמען דעם עראָפּלאַן.

די לעצטע און שווערסטע אויפגאַבע איז געווען אויפ־צושטעלן אויפן קליינעם שטח פון ארץ־ישראל אַ געהיי־מען פלי־פלאַץ, וואָס זאָל נישט אַנטדעקט ווערן דורך די ענגלענדער. מען האָט אויסגעזוכט אַן אַלטן ענגלישן אַעראָ־דראָם אין עמק־יזרעאל. ער האָט זיך געפונען אין אַ געביט, וואָס איז געווען באַוווינט בלויז דורך יידן און עס האָט געשיינט, אז דאָ וועט דער עראָפּלאַן קאָנען לייכט לאַנדן און אָפּפליען צוריק. אינצווישנצייט איז אין אייראָפּע צו־געגרייט געוואָרן דער געווער־טראַנספּאָרט. דער אמתער כאַראַקטער פון דער „אַלפן־פלי־געזעלשאַפט״ איז געהאַלטן געוואָרן בסוד. דאָס איז געווען אַ געיעג מיט דער צייט.

עס האָט געדאַרפֿט דויערן צוויי וואָכן, ביז דער ערשטער געווער־טראַנספּאָרט זאָל אָנקומען קיין ארץ־ישראל. צי איז עס נישט געווען אַמאָל צו שפּעט?

ביז דאַן איז נאָך קיין איין יידישער ישוב נישט אַריינ־געפֿאַלן אין די הענט פֿון די אַראַבער. דאָס איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ נס. דאַקעגן זענען אָבער פֿאַרניכטעט געוואָרן אַלע יידישע טראַנספּאָרט־קאָלאָנעס. די אַראַבער האָבן פֿאַר־ניכטעט די וואַסער־רערן, וואָס האָבן צוגעפֿירט וואַסער פֿאַר די נגב־ישובים. עס זענען געווען אַזעלכע ערטער, ווו די איינוווינער האָבן געלעבט נאָר אויף קאַרטאָפֿל־שאָלעכץ און איילבירטן.

דער הויפּט־פּונקט פֿון קאַמף איז געווען ירושלים, ווו עס האָט זיך שטאַרק אָפּגעפּילט די אַראַבישע טאַקטיק פֿון אויסהונגערן די באַפֿעלקערונג. דער וועג פֿון שער הגיא קיין ירושלים איז געווען באַדעקט מיט צעבראָכענע אויטאָס. בלויז די גרויסע אויטאָ־קאָלאָנעס, וואָס זענען אָנגעקומען קיין ירושלים, טראָץ די שווערע פֿאַרלוסטן אין מענטשן און מאַטעריאַלן, האָבן צייטווייליק פֿאַרלייכטערט דעם פֿאַר־צווייפֿלטן מצב פֿון די ירושלימער יידן.

קאַוקאַדזשי, סאַפֿוואַט און קאדאר האָבן זיך דרינגענד געבויטיקט אין אַ זיג. די אַראַבער אין ארץ־ישראל זענען ביסלעכווייז געוואָרן אַנטוישט פֿון דעם, וואָס דער אָנגע־זאָגטער „נצחון־מאַרש" האָט זיך נאָך אַלץ נישט אָנגעהויבן. אין דאָזיקן מצב האָט קאַוקאַדזשי באַשלאָסן צו זיין דער ערשטער, וואָס וועט דעראָבערן אַ יידישן ישוב. ער האָט אויסגעוויילט זיין ציל זייער פֿאָרזיכטיק, כדי נישט צו צעברעכן די ציין ביים איינבייסן א צו „האַרטן נוס".

קאָוקאַדזשיס אויסוואַל איז געפאַלן אויפן קיבוץ טירת־צבי, וואָס האָט זיך געפונען אין עמק בית־שאן, נישט ווייט פון דער ירדנישער גרענעץ. די איינוווינער פון טירת־צבי זענען געווען פרומע יידן, וואָס האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און קאָוקאַדזשי איז געווען זיכער, אַז גלייך ביים ערשטן אָנגריף, וועלן די יידן זיך אונטערגעבן. ער האָט צונויפגעזאַמלט הונדערטער אַראַבער נעבן שכם און זיך געלאָזט צום אָנגריף.

דער דאָזיקער „גענעראַליסימוס" פון די „ירמוק־אָפּטיילונגען" האָט מודיע געווען פון פאָרויס וועגן זיין זיג. מען האָט מיטגעטיילט אָפיציעל וועגן נצחון, נאָך איידער די קאַמפן האָבן זיך אָנגעהויבן. ווען ער האָט אויסגעשטעלט זיינע מחנות צו דער אַטאַקע, זענען געקומען די אַראַבישע פרויען פון בית־שאן מיט זעק, כדי זיי אָנצושטאָפּן מיט צוגערויבטן יידישן האָב־און־גוטס.

דער אַראַבישער אָנגריף האָט זיך אָנגעהויבן אין אָוונט. הונדערט זיבן און זעכציק מענער און פרויען פון קיבוץ, האָבן זיך געפונען אין שוץ־גראָבנס, קעגנאיבער די אַראַבער. די קינדער זענען אויסבאַהאַלטן געוואָרן אין צענטראַלן בנין. די פאַרטיידיקער האָבן געהאַט צו זייער דיספּאָזיציע בלויז איין גראַנאַטן־וואַרפער פון צוויי אינטש דעם קאַליבער.

עס האָט זיך דערהערט דער הילך פון אַ טראָמפּייט. די אָפיצירן פון „אַראַבישן לעגיאָן" האָבן זיך אויסגעשטעלט מיט אויסגעצויגענע שווערדן בראש פון די אָנגרייפער. הינטער זיי האָבן געשטראָמט די אומרעגולערע אָפּטיילונגען. די אַראַבער זענען געווען זיכער, אַז זיי וועלן איינעמען

דאָס דאַרף בלויז צוליב דעם, וואָס זיי זענען געווען אין צאָל מער, ווי די יידן.

די פאַרטיידיקער האָבן געוואַרט ביז די אַראַבער האָבן זיך דערנענטערט צוואַנציק מעטער צו די שוץ־גראָבנס. דאַן האָבן זיי געעפנט אַ מעכטיקן פייער. די אַראַבער זענען רייען־ווייז אויסגעשניטן געוואָרן.

דער שווונג פון אַראַבישן אָנגריף האָט געבראַכט מיט זיך איינע נאָך דער אַנדערער אַ צווייטע, דריטע און פערטע כוואַליע פון אָנגרייפער. די יידן האָבן צוגעלאָזט אויך די דאָזיקע אָפּטיילונגען און זיי אָפּגעשטויסן מיט אַ קאָנצענ־טרירטן פייער. דאָס שלאַכט־פעלד איז געווען באַזייט מיט טויטע אַראַבער און די פאַרווונדעטע האָבן געשריען: „מיר זענען ברידער! האָט רחמנות אין נאָמען פון אַללאַ!״

דער רעשט פון די אַראַבישע אָפּטיילונגען האָט זיך אַ וואַרף־געטאָן אין בהלה צוריק. אין ווילדער פּאַניק זענען זיי אַנטלאָפן פון פעלד. קאַוקאַדזשי האָט זיי צוגעזאָגט אַ לייכטן זיג און אַ פעטן רויב! ער האָט זיי דערציילט, אַז די דאָזיקע פרומע יידן וועלן זיך צעלויפן ביים ערשטן אָנ־גריף! מיט אַזאַ ווידערשטאַנד האָט ער זיך איבערהויפּט נישט גערעכנט. די אַראַבישע פרויען, וועלכע האָבן גע־וואַרט מיט זייערע זעק, זענען נאָכגעלאָפן די מענער, אַרומ־געכאַפּטע פון שרעק.

די אָפיצירן פון „אַראַבישן לעגיאָן״ האָבן צונויפגע־זאַמלט די אַנטלאָפענע און ערשט דאַן, ווען זיי האָבן גענו־מען שיסן אויף די אייגענע זעלנער, האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָס פּאַנישע אַנטלויפן. זיי האָבן דורכגעפירט אַן איבער־גרופּירונג און זיך ווידער צוגעגרייט צו אַן אָנגריף.

פאַר די יידן אין טירת־צבי איז דער מצב געווען זייער אַ שווערער. זיי האָבן נישט געהאַט גענוג אַמוניציע, כדי אָפּצושלאָגן אַ צווייטן אָנגריף. אין פאַל ווען די אַראַבער וואָלטן געענדערט זייער טאַקטיק און ארומגערינגלט דאָס דאָרף, וואָלטן זיי זיך זיכער אַריינגעריסן אַהין. די יידן האָבן דעריבער צוליבן פאַרצווייפלטן מצב געענדערט זייער פאַרטיידיקונגס־פּלאַן. זיי האָבן אויסגעטיילט די אַמוניציע צו די בעסטע צוואַנציק שיסער און אַלע האָבן זיך צוריק־געצויגן אין בנין, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען די קינדער. זיי האָבן זיך דאָרטן געגרייט אָפּצושטויסן דעם אָנגריף באַוואָפנטע מיט באַגנעטן, שטעקנס און ביקסן־קאָלבעס. דורך לאָרנעטקעס האָבן זיי אָבסערווירט, ווי די אַראַבער גרייטן זיך צום אָנגריף. זיי האָבן דערביי פעסט־געשטעלט, אַז די אַראַבער זענען געווען גענוג גרויס אין צאָל, כדי איינצונעמען דעם קיבוץ.

דאָסמאָל זענען די אָנגרייפער געגאַנגען אַ סך לאַנגזאַ־מער, ווי פריער. אייניקע אָפיצירן האָבן מיט רעוואָלווערן אין די הענט געצוואונגען די אַראַבער זיי זאָלן אַטאַקירן די שוץ־גראָבנס. פּלוצים האָט זיך דער הימל געעפנט און עס האָט אַ גאָס־געטאָן אַן אומדערוואַרטער שלאַקס־רעגן. אין משך פון געציילטע מינוטן האָט דאָס פעלד זיך פאַר־וואַנדלט אין אַ קלעפּיקער בלאָטע. די אַראַבער האָבן נישט נאָר נישט געקאָנט צואיילן זייער אָנגריף, נאָר זענען גע־בליבן שטעקן אין בלאָטע, ווי אַמאָל סיסראס וואָגן אין דבורה׳ס צייטן.

ווען די ערשטע אָפיצירן פון לעגיאָן האָבן זיך דערנעג־טערט צום קיבוץ, זענען זיי געטראָפן געוואָרן דורך די

קוילן פון די יידישע סנייפערס. קאַוקאַדזשיס „יאַרמוק־אַפּ־טיילונגען” האָבן אויף היינט געהאַט גענוג.

דער שענדלעכער דורכפאַל ביי טירת־צבי האָט ארויס־גערופן אַ ווילדן כעס ביי קאַוקאַדזשין. ער האָט זיך געגווי־טיקט אין אַ זיג, כדי צו ראַטעווען זיין פּרעסטיזש. דאַסמאָל האָט ער זיך אַנטשלאָסן אויף אַ געוואַגטער שפּיל.

פון סטראַטעגישן שטאַנדפּונקט איז דער וועג צווישן תל־אביב און חיפה געווען פאַרן יידישן ישוב אַ סך וויכ־טיקער, ווי דער וועג קיין ירושלים. אין פאַל ווען עס וואָלט געלונגען איבערצורייסן די פאַרבינדונג צווישן תל־אביב און חיפה וואָלט דער גליל און דער שרון אָפּגעטיילט גע־וואָרן איינער פון אַנדערן און דאָס וואָלט אוממעגלעך גע־מאַכט אַן איינהייטלעכע יידישע אַקציע. לענג־אויס דעם וועג צווישן תל־אביב און חיפה האָבן זיך געפונען אַ סך אַראַבישע ישובים און די יידן זענען געווען געצוווּנגען זיך צו באַנוצן מיט זייטיקע וועגן, כדי אויפצוהאַלטן די פאַרבינדונג צווישן די דאָזיקע ביידע שטעט. ביי איינעם פון די דאָזיקע וויכטיקסטע זייטיקע וועגן איז געלעגן דער קיבוץ משמר העמק. קאַוקאַדזשי, וועלכער האָט געהאַט בדעה זיך אריינצורייסן אין חיפה, האָט באַשלאָסן אָנצו־גרייפן דעם דאָזיקן קיבוץ.

דאַסמאָל איז קאַוקאַדזשי געווען אַנטשלאָסן נישט אי־בערצוחזרן די פעלערן, וואָס ער איז באַגאַנגען ביי טירת־צבי. ער האָט צונויפגעזאַמלט איבער טויזנט מאַן און אַרומגערינגלט דורך די בערג דעם קיבוץ. ער האָט גלייכ־צייטיק מיטגעבראַכט מיט זיך 75 מילימעטערדיקע באַרג־האַרמאַטן.

מיטן אַרומרינגלען דעם קיבוץ האָט קאַוקאַדזשי געעפנט

אַ מערדערלעכן פייער פון אַרטילעריע. די יידן האָבן אויף דעם געקאָנט ענטפערן בלויז מיט איין קוילן־וואַרפער. נאָכדעם, ווי דער קיבוץ איז אין משך פון אַ גאַנצן טאָג באַשאָסן געוואָרן, האָבן די ענגלענדער גערופן צו אַ פייער־איבערייס און זיי זענען אַריין אין משמר העמק, עצהנדיק די יידן צו עוואַקואירן דאָס אָרט. ווען די איינוווינער האָבן אָפּגעוואָרפן די דאָזיקע עצה, זענען די ענגלענדער אַוועק און זיך מער נישט אַריינגעמישט אין דאָזיקן ענין. קאַוקאַדזשי האָט זיך דערוווסט פון די ענגלענדער, אַז די יידן אין משמר העמק זענען פאַרהעלטנישמעסיק שוואַך. ער האָט אָבער נישט געוווסט, אַז אין עמק יזרעאל איז פול מיט גוט־אויסגעשולטע „הגנה"־קעמפער. אין משך פון דער צווייטער נאַכט האָבן צוויי באַטאַליאָנען פון „הגנה" זיך אריינגעשלייכט אומבאַמערקט אין קיבוץ.

צומאָרגנס איז קאַוקאַדזשי צוגעטראָטן צום אָנגריף. אנשטאָט אַריינצוקומען אין אַ קיבוץ, וועמענס חברים — ווי ער האָט געמיינט — עס האָבן זיך פאַרשטעקט אויס מורא, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף צוויי באַטאַליאָנען אויסגעבילדעטע זעלנער.

קאַוקאַדזשיס אָנגריף איז אָפּגעשטויסן געוואָרן. ער האָט ווידער צונויפגעזאַמלט זיינע מענטשן און געפּרווט אַ צווייטן מאָל זיין מזל. אָבער אויך דאָסמאָל איז ער צוריקגעשטויסן געוואָרן. קאַוקאַדזשי האָט נישט אויפגעהערט אָנצוגרייפן משמר העמק, אָבער מיט יעדן דורכגעפאַלענעם אָנגריף איז פאַרשווונדן דער קאַמפּס־גייסט פון די אָנפאַלער. צום סוף פון טאָג האָט קאַוקאַדזשי מער נישט געקאָנט שוין באַהערשן זיינע מענטשן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן זיך אָפּצוטראָגן פון קאַמפּס־געביט.

די יידן אין משמר העמק האָבן עס געזען און זיי זענען אַרויס אין אַ קעגן־אָנגריף. דאָס איז געקומען פאַר די אַראַ־בער פולשטענדיק אומדערוואַרט. זיי זענען געווען אַזוי צעטומלט, אַז זעענדיק די אָנגרייפנדיקע יידן, זענען אין פּאַניק זיך צעלאָפן און די „הגנה״־קעמפער האָבן זיי געטראָטן ממש אויף די פּיאַטעס. די יידן האָבן נאָכגעיאָגט די אַראַבער ביז דער שטאָט מגידו און דאָ, אויפן היסטאָרישן שלאַכט־פעלד, זענען קאוקאַדזשיס אָפּטיילונגען פולשטענדיק פאַרניכטעט געוואָרן. די שחיטה איבער די אַראַבער האָט זיך פאַרענדיקט ערשט דאַן, ווען די ענגלענדער האָבן זיך אַריינגעמישט און אַרויסגעצוווּנגען אַ פייער־איבערייס. די יידן האָבן דערגרייכט דעם ערשטן דעצידירנדיקן זיג אין זייער אומאָפּהענגיקייטס־קריג.

קאַוקאַדזשי האָט אַרויסגערופן צו זיך מוכאַמעד קאַסי, דעם קאָמאַנדיר פון די אומרעגולערע אַראַבישע אָפּטיילונגען אין חולה־געביט. דער „גענעראַליסימוס״ קאַוקאַדזשי האָט זיך גענוי'טיקט אין אַ זיג. אין משך פון לאַנגע חדשים האָט ער זיך געהאַלטן אין איין רימען, אַז ער וועט פאַרניכטן די יידן און דערווייל האָט ער געליטן ביטערע מפּלות. ער האָט באַשולדיקט די ענגלענדער אין „אינטערווענץ״ און אַרויפגע־וואָרפן אויף זיי די שולד פאַר דעם, וואָס ער האָט נאָך ביז איצט נישט געקאָנט איינעמען קיין איין יידישן ישוב.

קאַוקאַדזשי האָט אַ קוש־געטאָן מוכאַמעד קאַסי אין ביידע באַקן, לויטן אַראַבישן מנהג, און ביידע האָבן לאַנג גערעדט וועגן זייערע הערלעכע נצחונות. קאַסי האָט דערציילט, ווי אזוי ער האָט „איינגענומען״ די טאָגערט־באַפעסטיקונג ביי דער גרענעץ און קאַוקאַדזשי האָט זיך גערימט מיט זיינע „זיגן״ אין טירת־צבי און משמר־העמק.

— איך האָב באַקומען אַ מיטיילונג פון זיין היילִיקייט, דעם מופטי — האָט געזאָגט קאַוקאַדזשי — אַז דעם 15־טן מאַי, גלייך צומאָרגנס ווי עס פאַרענדיקט זיך דער בריטישער מאַנדאַט, וועט חאַדזש אמין אַל־חוסייני אריינמאַרשירן מיט טריומף קיין פּאַלעסטינע.

— דאָס וועט באמת זיין אַ הערלעכער טאָג פאַר דער גאַנצער איסלאַמישער וועלט — האָט זיך אָפּגערופן מוכאַמעד קאַסי.

— זיין היילִיקייט, דער מופטי, האָט באַשטימט צפת אלס זיין צייטווייליקע הויפּט־שטאָט. איצט, ווען דער יידן־פריינט מאַיאָר האָוקס, וועט עוואַקויִרן צפת, וועט די שטאָט אין משך פון געציילטע טעג אַריינפאַלן אין אונדזערע הענט.

— איך פריי זיך זייער צו הערן אַזאַ גוטע ידיעה — האָט קאַסי געזאָגט.

— אָבער — האָט קאַוקאַדזשי ווייטער גערעדט — צפת וועט נישט זיין זיכער אלס זיץ־פּלאַץ פאַר זיין היילִיקייט, דער מופטי, כל־זמן אין חולה־געביט וועט זיך געפינען כאָטש איין ייד. זיי קאָנען אונדז אריינשטעקן אַ מעסער אין רוקן. מיר דאַרפן זיי אָפּמעקן פון דער ערד־אויבערפלאַך...

מוכאַמעד קאַסי איז געוואָרן בלייך אויפן פּנים און זיינע הענט האָבן גענומען ציטערן.

— דער חולה־געביט געפינט זיך אונטער דיין קאָמאַנד־שאַפט, מיין ברודער — האָט קאַוקאַדזשי געזאָגט — און איך וויל, אַז דו זאָלסט תיכף איינעמען גן־דפנה. גלייך ווי גן־דפנה וועט אריינפאַלן אין אונזערע הענט, וועלן מיר האַלטן דעם רעשט ציוניסטן פאַרן גאָרגל...

— גענעראַליסימוס, איך וויל אייך פאַרזיכערן, אַז יעדער איינער פון מיינע זעלנער איז פול מיט לייבן־מוט און

באַהערשט פון דער הייליקער אויפגאַבע צו פאַרניכטן די ציוניסטן. זיי האָבן אַלע געשווירן צו קעמפן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט.

— דאָס איז זייער גוט. יעדער איינער פון זיי קאָסט אונז יעדן חודש כמעט אַ דאָלאַר לוין.

קאסי האָט זיך אַ גלעט־געטאָן איבער דער באָרד. דאַן האָט ער אויפגעהויבן אַ פינגער אין דער הויך און זיך אָפּגערופן:

— אַלץ איז ריכטיק! אָבער פונדעסטוועגן איז אַלעמען באַקאַנט, אַז מאַיאָר האָוקס האָט איבערגעלאָזן אין גן־דפנה דריי טויזנט ביקסן, הונדערט מאַשין־געווער און טוצן שווע־רע מינען־וואַרפערס.

קאַוקאַדזשי איז אויפגעשפרונגען פון שטול.

— דו האָסט מורא פאַר קינדער? — האָט ער אַרויס־געברילט.

— איך שווער ביי דער באָרד פון נביא, אַז די יידן האָבן אַוועקגעשיקט קיין גן־דפנה טויזנט פלמ״ח־קעמפער. איך האָב זיי געזען אויף מיינע אייגענע אויגן.

קאוקאדזשי האָט אַראָפּגעלאָזט צוויי הילכיקע פּעטש אויף די באַקן פון מוכאַמעד קאסי.

— איר וועט איינעמען גן־דפנה! איר וועט אויסגלייכן דאָס אָרט מיטן באָדן! אַנישט וועל איך וואַרפן דיין נבלה צו די חיות!

## קאַפּיטל 5

דער ערשטער שריט פון מוכאַמעד קאסי איז געווען דאָס אַרויסשיקן הונדערט פון זיינע מענטשן אין דאָרף נבי־יושע. אייניקע פון די אָרטיקע אַראַבער זענען גלייך אַוועק קיין עין־אור, כדי צו מעלדן וועגן דעם ארין. ארי האָט געוווסט, אַז דאָס רוב איינוווינער פון דאָזיקן דאָרף שטייט אויף דער זייט פון די יידן און ער האָט דערוואַרט, אַז זיי וועלן אונטערנעמען אַן אַקציע קעגן קאסיס אומרעגולערע מחנות.

די אַראַבער פון נבי־יושע זענען געווען שטאַרק אומצופרידן פון דעם, וואָס קאַוקאַדזשיס מענטשן זענען אריינגעדרונגען אין דאָרף. צענדליקער יאָרן האָבן זיי געלעבט אין גוטער שכנות מיט די יידן פון יד־אל. אפילו די הייזער אין דאָרף זענען אויפגעבויט געוואָרן דורך יידן. זיי זענען נישט געווען פאַרביטערט און האָבן אויך נישט געוואָלט קעמפן. זיי האָבן געוואַרט, אַז טאהא, זייער מוכטאר, וועט צונויפרופן די דאָרפישע איינוווינער, —כדי מיט געמיינזאַמע כוחות צו פאַריאָגן קאסיס באַנדעס פון דאָרף.

טאהא האָט זיך אָבער צוריקגעצויגן אין זיין הויז און געשוויגן. ער האָט נישט געגעבן צו דערקענען, וועלכע שטעלונג ער האָט אָנגענומען. די עלטסטע פון דאָרף האָבן פון אים געפאָדערט ער זאָל אָנהויבן אַן אַקציע קעגן די

אומרעגולערע אַראַבישע אָפּטיילונגען, אָבער ער האָט נישט געגעבן קיין קלאָרע תשובה. זיין שווייגן האָט געחתמעט דעם גורל פון נבי־יושע, ווייל אָן זיין פירונג זענען די דאָרפישע איינוווינער געווען הילפלאָז און זיי האָבן זיך געמוזט אונ־טערוואַרפן דער אָקופּאַציע פון דאָרף מצד קאַסיס באַנדעס.

מוכאַמעד קאַסי האָט גוט אויסגענוצט טאַהאַס שטעלונג. זיינע מענטשן זענען געוואָרן מיט יעדן טאָג אַלץ חוצפּה־דיקער. דער וועג קיין גן־דפנה איז בלאָקירט געוואָרן. אַ סך איינוווינער פון נבי־יושע זענען געווען אומצופרידן דער־מיט, אָבער זיי האָבן גאָרנישט געקאָנט אויפטאָן. אַ געוויסן טאָג האָבן קאַסיס מענטשן געכאַפּט פיר אַראַבער פון נבי־יושע, וועלכע האָבן געמאַכט אַ פּרווו דורכצושמוגלען שפּייז קיין גן־דפנה. די דאָזיקע פיר אַראַבער זענען פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט און קאַסי האָט געהייסן זיי אָפּהאַקן די קעפּ, אַלס וואָרענונג פאַר אַנדערע.

ארי האָט געהאַט אַ טעות. ער איז געווען איבערצייגט, אַז די מענטשן פון נבי־יושע וועלן צווינגען זייער מוכטאַר ער זאָל זיך אָפּן אַרויסזאָגן וועגן זיין שטעלונג, באַזונדערס ווען די זיכערקייט פון גן־דפנה איז געשטאַנען אין אַ סכנה. ווען די אַראַבער פון נבי־יושע האָבן אָבער גאָרנישט גע־טאָן און דער וועג קיין גן־דפנה איז בלאָקירט געוואָרן, האָט ער דערזען, אַז דער מצב איז זייער אַ קריטישער.

נאָכדעם ווי קאַסי האָט בלאָקירט דעם וועג קיין גן־דפנה האָט ער אָנגעהויבן צו באַשיסן דאָס יוגנט־דאָרף פון שווערער אַרטילעריע, וואָס האָט זיך געפונען אין דער טאַ־געַרט־באַפעסטיקונג. די מענטשן פון גן־דפנה זענען געווען צוגעגרייט צו אַזאַ עווענטואַליטעט. יעדער איינער פון זיי האָט געגנוי געוווסט, וואָס ער האָט צו טאָן, אין פאַל ווען

גן־דפנה וועט באַשאָסן ווערן. אַלע קינדער, וואָס זענען געווען עלטער פון צען יאָר, האָבן געהאַט באַשטימטע אויפ־גאַבן ביי דער פאַרטיידיקונג פון ישוב. דער וואַסער־טורעם איז אַרומגעלייגט געוואָרן מיט זעק זאַמד און די עלעקטריי־שע מאָטאָרן, דער געווער־אַרסענאַל, די מעדיצינישע אויס־שטאַטונג און די שפּייז־מאַגאַזינען זענען פאַרלייגט גע־וואָרן אין טיפע בונקערס.

קאַסי האָט פאָרגעזעצט די באָמבאַרדירונגען טאָג און נאַכט. איין בנין נאָכן אַנדערן זענען אין גן־דפנה פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין חורבות. אַ געוויסן טאָג האָט אַ גראַ־נאַט אויפגעריסן נעבן אַריינגאַנג צום בונקער און צוויי קינדער זענען דערהרגעט געוואָרן. דאָס זענען געווען די ערשטע קרבנות פון גן־דפנה.

אונטן אין טאָל, אין קיבוץ עין־אור, האָט ארי זיך גע־בראָכן דעם קאָפּ, זוכנדיק אַן אויסוועג פאַרן שווערן מצב פון גן־דפנה. דאָס יוגנט־דאָרף איז געווען פולשטענדיק אָפּגעשניטן און דער איינציקער וועג, דורך וועלכן מען האָט געקאָנט אַהין צוקומען, איז געווען דער מערבדיקער טייל פון בארג. דאָס איז געווען אַ סכנהדיקער וועג, אויף וועלכן מען האָט זיך געקאָנט אַרויפדראַפּען נאָר מיט גרויסער מי און לעבנס־געפאַר, און דערצו נאָר ביינאַכט. די טעלעפאָ־נישע פאַרבינדונג איז געווען איבערגעריסן און די פאַר־בינדונג מיט גן־דפנה איז דורכגעפירט געוואָרן מיט דער הילף פון ליכט־סיגנאַלן, וואָס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון יד־אל. דער זאַפּאַס שפּייז האָט געסטייעט נאָר אויף איין חודש. זיי האָבן דאָרטן אויך געהאַט גענוג וואַסער, אָבער דאָס נאָר אין פאַל, ווען דער וואַסער־טורעם וועט נישט באַשעדיקט ווערן דורך דער אַראַבישער אַרטילעריע.

ארי איז נישט געווען באַאומרואיקט צוליב דער שלעכ־
טער פאַרבינדונג און זיין גרעסטע זאָרג איז אויך נישט
געווען די פראַגע פון די שפּייז־צושטעלונגען. מער פאַר
אַלץ האָט ער זיך געשראָקן פאַר דער שחיטה, וואָס די אַראַ־
בער וועלן דורכפירן אין פאַל, ווען זיי וועלן זיך אַריינ־
רייסן אין גן־דפנה. ער האָט קיין אַנונג נישט געהאַט, ווי
לאַנג עס וועט דויערן די לעגענדע וועגן „גרויסן מיליטער־
רישן כוח" פון גן־דפנה. ווען ארי האָט אָרגאַניזירט זיין
שטאַב, איז אים געלונגען זיך איינצושאַפן אַ טוץ שפּאַנישע
ביקסן פון מאָדעל 1888, דריי און צוואנציק אויטאָמאַטן פון
היימישער אויסאַרבעטונג און אַן אַלטן אונגארישן אנטי־
פאַנצער־האַרמאַט, מיט פינף מאַגאַזינען קוילן. גלבוע און
צוואנציק פלמ"ח־חברים האָבן באַקומען אַ באַפעל אַריבער־
צופירן די דאָזיקע אויסשטאַטונג קיין גן־דפנה. זאב גלבוע
און זיינע מענטשן האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין שלעפּ־אייז־
לען. יעדער איינער פון זיי האָט אויף די אייגענע פּלייצעס
געדאַרפט אַרויפטראָגן צו גן־דפנה שווערע פּעק. דער האַר־
מאַט איז דעמאָנטירט געוואָרן און זיינע באַזונדערע טיילן
זענען אַרויפגעטראָגן געוואָרן אויפן באַרג.

זיי זענען אַרויס ביינאַכט און אין דער פינצטערניש
האָבן זיי געקלעטערט אויף די געפערלעכע שיפּועים, וואָס
האָבן זיך געצויגן אויף אַ הויך פון זעקס הונדערט מעטער.
אין איינעם פון די געפערלעכסטע פּונקטן, נעבן דאָרף נבי־
יושע, זענען די פלמ"ח־חברים געווען געצוווּנגען זיך דורכ־
צושלייכן, קריכנדיק אויף די בייכער, דורך אַ רער פון די
נאַפט־ראַפינעריעס, וואָס האָט געהאַט דריי הונדערט מעטער
די לענג.

צומאָרגנס איז געקומען צו אריין אַ קוריער פון הויפּט־

שטאַב פון דער „הגנה" אין תל־אביב. ארי האָט תיכף צו־נויפגערופן די קאָמאַנדירן פון די ישובים אין חולה־געביט. דער הויפט־שטאַב פון „הגנה" האָט אָנגענומען אַ באַשלוס וועגן די קינדער, וואָס האָבן זיך געפונען אין די גרענעץ־ישובים. אַלע קינדער האָבן געזאָלט אַריבערגעפירט ווערן אין געביט פון עמק השרון, ווו דער מצב איז נישט געווען אַזוי קריטיש. צווישן די שורות פון דאָזיקן באַשלוס האָט מען געקאָנט לייענען, אַז דער מצב האָט זיך פאַרערגערט און מען האָט געוואָלט צוגרייטן די עווענטועלע עוואַקואַציע פון די קינדער מיט שיפן, אין פאַל ווען די אַראַבער וואָלטן דערגאַנגען ביז צום ים־ברעג.

אריס שפּיאָנען האָבן געבראַכט אַ ידיעה, אַז קאַוקאַדזשי דריקט אַלץ שטאַרקער אויף מוכאַמעד קאסי ער זאָל צו־טרעטן צו אַן אָנגריף קעגן גן־דפנה. דער מצב אין יוגנט־דאָרף האָט זיך געוואַלדיק פאַרערגערט. דער שפּייז־זאַפּאַס האָט זיך כמעט אויסגעלאָזט און דער וואַסער־טורעם איז צעלעכערט געוואָרן פון די אַראַבישע קוילן. די „הגנה"־קאָמאַנדירן פון חולה־געביט זענען געווען איינשטימיק מיט אריין, אַז מען דאַרף אַוועקנעמען פון גן־דפנה די ייִנגערע קינדער. עס האָט זיך אָבער געפרעגט: ווי אַזוי? ווידער איז ארי געווען געצוווּנגען אויסצוטראַכטן עפּעס אַ פּלאַן און היות ער האָט נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה, האָט ער אָנגענומען אַ פאַנטאַסטישן באַשלוס — אַ באַשלוס, וואָס איז געווען אַ סך מער ריזיקאַליש און געפערלעך, ווי די באַשלוסן, וועלכע ער האָט ווען עס איז אָנגענומען.

נאָכדעם ווי ארי האָט אויסגעאַרבעט די פּרטים פון זיין פּלאַן האָט ער באַפוילן דודן צו געפינען די פּאַסיקע מענטשן, וואָס וועלן קאָנען דורכפירן די שווערע אויפגאַבע.

ער אַליין האָט זיך אויך געגרייט אַרויפצוגיין קיין גן־דפנה. יעדער שריט אויף דעם שיפּועדיקן וועג האָט אים פאַר־שאַפט העפטיקע ווייטיקן. דער דורכגעשאָסענער פוס האָט אים שטאַרק געשטערט אין גיין און נאָר אַדאַנק דעם, וואָס ער האָט גוט געקענט דעם וועג, איז אים געלונגען צום סוף אַרויפצוקלעטערן אויפן באַרג. ארי איז אָנגעקומען קיין גן־דפנה פאַרטאָג און ער האָט גלייך צונויפגערופן אויף אַ באַראַטונג די קאָמאַנדירן און לייטערס פון די אָפּטיילונגען. צווישן די פאַרזאַמלטע האָבן זיך אויך געפונען זאב, ירדנה, ד״ר ליבערמאַן און קיטי פרעמאנט.

— אין גן־דפנה געפינען זיך צוויי הונדערט און פופציק קינדער, יינגער פון צוועלף יאָר — האָט ארי געזאָגט אָן שום הקדמות. — די דאָזיקע צוויי הונדערט און פופציק קינדער וועלן מאָרגן אין אָוונט עוואַקואירט ווערן.

די אָנוועזנדיקע זענען געבליבן פאַרבליפט.

— אין יד־אל ווערט איצט צוגעגרייט אַ גרופּע פון פיר הונדערט מאַן — האָט ארי ווייטער דערקלערט. — דוד בן־עמי וועט היינט ביינאַכט אַרויסגיין מיט דער דאָזיקער גרופּע קיין גן־דפנה. אויב אַלץ וועט גיין כשורה און זיי וועלן נישט אַנטדעקט ווערן, וועלן זיי דאָ זיין מאָרגן פאַר־טאָג. צוויי הונדערט און פופציק מאַן וועלן מאָרגן אין אָוונט אַראָפּטראָגן די קינדער אויף זייערע פּלייצעס. די איבעריקע הונדערט און פופציק מאַן וועלן שיצן דעם טראַנספּאָרט. איך מוז דערביי באַמערקן, אַז די דאָזיקע מענטשן וועלן זיין אויסגעשטאַט מיטן גאַנצן שווערן וואָפן, וואָס געפינט זיך אין חולה־טאָל.

די פאַרזאַמלטע האָבן אָנגעקוקט אריען, ווי זיי וואָלטן געהאַט פאַר זיך אַ משוגענעם. א מיגוט לאַנג האָט געהערשט

אַ טויטע שטילקייט. דער ערשטער, וואָס איז געקומען צו זיך איז געווען זאב גלבוע.

— ארי — האָט ער זיך אָפּגערופן — קאָן זיין, אַז איך האָב דיך נישט גוט פאַרשטאַנען. צי האָסטו באמת בדעה אַרונטערצוטראָגן ביינאַכט פון באַרג צוויי הונדערט און פופציק קינדער?

— יאָ, אַזוי איז דאָס.

— דאָס איז אַ געפערלעכער וועג פאַר אַ דערוואַקסענעם מענטשן, אפילו בייטאָג — האָט ד״ר ליבערמאַן געזאָגט. — ווי נאָך ביינאַכט, מיט אַ קינד אויף דער פּלייצע? אייניקע פון זיי וועלן זיכער אַראָפּפאַלן.

— אַזאַ מעגלעכקייט עקזיסטירט, אָבער דאָך מוזן מיר ריזיקירן.

— הער אויס, ארי — האָט זאב זיך אָפּגערופן — זיי וועלן פאַרבייגיין נאָענט פון נבי־יושע. קאסיס מענטשן וועלן זיי זיכער אַנטדעקן.

— מיר וועלן אָננעמען אַלע פאָרזיכטס־מיטלען, כדי זיי זאָלן נישט אַנטדעקט ווערן.

אַלע האָבן פּלוצים אָנגעהויבן גלייכצייטיק צו רעדן און דיסקוטירן.

— שטיל זאָל זיין! — האָט ארי אויסגעשריען — דאָ איז נישט קיין מיטינג. קיינער פון אייך טאָר קיין וואָרט נישט רעדן וועגן דעם. מען דאַרף זיך אויך נישט אויפרעגן אָן שום נויטווענדיקייט. און איצט גייט, אַלע. איך האָב אַ סך צו טאָן.

די צען אָדער צוועלף מענטשן, וועלכע האָבן געוווּסט וועגן אריס פּלאַן, זענען אַרומגעגאַנגען שטאַרק באַזאָרגט. דער דאָזיקער פּלאַן האָט געקאָנט דורכפאַלן, אָבער פאַר

אַלעמען איז געווען קלאָר, אַז קיין אַנדערן אויסוועג האָט ארי נישט געקאָנט געפינען. דעם גאַנצן טאָג האָט מוכאמעד קאסי באַשאָסן דאָס דאָרף און מען האָט זיך גערעכט, אַז אין אַ וואָך אַרום וועט דער מצב זיין אַ פאַרצווייפלטער.

אין אָוונט האָט דוד בן־עמי מיטגעטיילט פון יד־אל, מיט דער הילף פון ליכט־סיגנאַלן, אַז אין אָוונט גייט ער אַרויס מיט זיינע מענטשן קיין גן־דפנה. א גאַנצע נאַכט האָבן די פיר הונדערט פלמ״ח־חברים זיך דורכגעבראָכן אַ וועג דורך די בערג־אָפּהענג צום יוגנט־דאָרף. דערשעפּטע זענען זיי אָנגעקומען פאַרטאָג אין גן־דפנה. ארי האָט זיי אַוועקגע־פירט צווישן די געדיכטע קוסטעס, ווו זיי זענען אַ גאַנצן טאָג געלעגן פאַרשטעקט, כדי קאסיס מענטשן זאָלן זיי נישט באַמערקן.

צען מינוט פאַר זעקס, פונקט פערציק מינוט פארן זון־אונטערגאַנג, האָט זיך אָנגעהויבן די רעאַליזאַציע פון גע־וואַגטן פּלאַן. פינף מינוט פאַר זעקס: די קינדער, וועלכע דאַרפן עוואַקואירט ווערן, באַקומען עסן. אינעם מילך, וואָס זיי טרינקען געפינט זיך אַ שלאָף־מיטל.

אַ פערטל נאָך זעקס: די קינדער ווערן געבראַכט אין די שלאָף־צימערן און מען לייגט זיי אַריין אין די בעטן. זיי זינגען געמיינזאַם פריילעכע לידער, ביז זיי פאַלן אַלע אַריין אין אַ טיפן שלאָף. זעקס אַזייגער מיט צוויי און דריי־סיק מינוט: די זון פאַרגייט הינטער דער טאגערט־באַפעס־טיקונג. זעקס אַזייגער מיט פערציק מינוט: ארי רופט צו־נויף אלע שטאַב־מיטגלידער אויף אַ באַראַטונג.

— הערט, וואָס איך זאָג אייך — דערקלערט ארי, באַ־מיענדיק זיך צו זיין ערנסט — אין עטלעכע מינוט אַרום וועלן מיר אָנהויבן צו עוואַקואירן די קינדער. יעדערער פון

אייך וועט באַקומען אַ ספּעציעלע אויפגאַבע. אַלץ איז אויס־גערעכנט צו דער סעקונדע. די קלענסטע שטערונג קאָן שע־דיקן דעם גאַנצן פּלאַן און ביי געוויסע אומשטענדן קאָן דאָס קאָסטן דאָס לעבן פון די קינדער, ווי אויך אייער אייגן לעבן. איך וויל נישט הערן קיין שום דיסקוסיע.

זעקס אַזייגער מיט פינף און פערציק מינוט: ירדנה בן־כנען האָט אויסגעשטעלט אַרום גן־דפנה אַ פאַרשטאַרק־טע וואַך פון קינדער. גלייכצייטיק איז זאב גלבוע אַרויס מיט צוואַנציק פלמ״ח־חברים הינטערן דאָרף, כדי צו זי־כערן די אַקציע.

ווי נאָר עס איז באַקומען געוואָרן אַ מעלדונג, אַז די וואַך־פּאָסטנס שטייען שוין אויף זייערע פּלעצער, זענען פינף און צוואַנציק פלמ״ח־חברים אַריין צו די שלאָפנדיקע קינדער, כדי זיי אָנצוטאָן וואַרעמע בגדים. קיטי איז גע־גאַנגען פון קינד צו קינד, כדי זיך איבערצוצייגן, צי דער שלאָף־מיטל האָט גוט געווירקט. ביי יעדן קינד איז פאַר־קלעבט געוואָרן דאָס מויל, כדי עס זאָל אפילו אין שלאָף נישט קאָנען שרייען.

זיבן אַזייגער מיט דרייסיק מינוט: די באַוווסטלאָזע קינ־דער זענען אָנגעטאָן און גרייט צום אָפּטראַנספּאָרטירן. ארי פירט אַרויס די פיר הונדערט מאַן פון זייער באַהעלטעניש. נעבן שלאָף־בונקער ווערט געבילדעט אַ קייט און די קינ־דער ווערן איינציקווייז אַרויסגעטראָגן. מיט ספּעציעלע גורטן זענען די קינדער צוגעבונדן געוואָרן צו די פּלייצעס פון די פלמ״ח־חברים.

אַכט אַזייגער מיט דרייסיק מינוט: די צוויי הונדערט און פופציק פלמ״ח־חברים, מיט זייערע קליינע שלאָפנדיקע „פּעקלעך״ אויף די פּלייצעס, גייען דורך די לעצטע קאָנט־

ראָל. מען איבערצייגט זיך, אַז די קינדער זענען פעסט צוגעבונדן. דאַן ווערן זיי אָפּגעפירט צום באַרג־אָפּהאַנג און איינער נאָכן אַנדערן פאַרשווינדן זיי אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט.

ווען די פּלמ״ח־חברים מיט די קינדער זענען פאַרשוווּנ־דן, איז קיטי געשטאַנען מער ווי אַ שעה אין דרויסן און נישט אָפּגעריסן איר בליק פון דער טונקלקייט.

— עס וועט זיין היינט אַ לאַנגע נאַכט — האָט זי דער־הערט אַ שטימע הינטער זיך. — עס איז אויך זייער קאַלט. צי ווילט איר נישט בעסער אַריינגיין אין בונקער?

קיטי האָט זיך אויסגעדרייט. נעבן איר איז געשטאַנען ירדנה. צום ערשטן מאָל, זינט זיי האָבן זיך באַקענט, איז קיטי געווען באמת צופרידן, וואָס זי זעט דאָס דאָזיקע רויט־האָריקע מיידל.

זינט קיטי האָט באַשלאָסן צו פאַרבלייבן אין גן־דפנה האָט זי אָנגעהויבן צו פילן אַן אַלץ שטאַרקערע סימפּאַטיע צו ירדנה, וועלכע האָט געטראָגן די גרעסטע פאַראַנטוואָרט־לעכקייט פאַר דער זיכערקייט פון גן־דפנה. ירדנה האָט איינ־געפלאַנצט אין די הערצער פון אירע גדנ״עים דאָס געפיל פון זיכערקייט. די דאָזיקע יוגנטלעכע האָבן זיך פאַרהאַלטן ווי מוטיקע קעמפער. ירדנה אַליין האָט אַרויסגעוויזן רו און זעלבסט־באַהערשונג אפילו אין די שווערסטע מינוטן פון דער בלאָקאַדע.

— יאָ — האָט קיטי געזאָגט. — עס וועט באמת זיין זייער אַ לאַנגע נאַכט.

— מיר קאָנען אַלזאָ זיין צוזאַמען — האָט ירדנה זיך אָפּגערופן. — איך וועל אייך אויסזאָגן אַ סוד. איך האָב פאַרשטעקט אין בונקער אַ האַלבע פלאַש קאָניאַק. איך

האַלט, אַז היינטיקע נאַכט איז די בעסטע געלעגנהייט אויס־צוטרינקען. אויב איר האָט חשק, וואַרט אויף מיר אין מיין בונקער. איך מוז נאָך קאָנטראָלירן די וואַך־פּאָסטנס. אין אַ האַלבער שעה אַרום בין איך צוריק.

קיטי איז געשטאַנען אומדעצידירט. ירדנה האָט זי אָנגענומען פאַרן אָרעם.

— אַלץ איינס קאָנען מיר איצט גאָרנישט טאָן — האָט ירדנה פריינטלעך זיך אָפּגערופן.

קיטי איז געזעסן אַ נערוועזע אין בונקער פון שטאָב און גערויכערט איין סיגאַרעט נאָכן אַנדערן. ירדנה איז געקומען אַ האַלבע שעה שפּעטער פון איר אינספּעקציע. זי האָט אויסגעטאָן דאָס ברוינע „הגנה"־היטל און אירע לאַנגע, רויטע לאָקן, האָבן זיך צעשאָטן איבער אירע אַקסלען. זי האָט געריבן אַ האַנט אין אַ האַנט, כדי זיך אַביסל אָנצווואַרעמען און דאַן האָט זי אַרויסגעשלעפּט די פלאַש קאָניאַק. זי און קיטי האָבן געטרונקען צוביסלעך פון דער פלאַש.

— לחיים! — האָט ירדנה אויסגערופן. — דער קאָניאַק איז נישט שלעכט.

— ווען וועלן זיי פאַרבייגיין דאָס דאָרף נבי־יושע? — האָט קיטי געפרעגט.

— ערשט אין מיטן דער נאַכט.

— איך האַלט אין איין איבערציינגן זיך אַליין, אַז אַלץ וועט זיין בסדר, אָבער איך קאָן זיך נישט באַפרייען פון געפיל, אַז דער פּלאַן קאָן אויך דורכפאַלן.

— מען מוז באמת טראַכטן וועגן דעם, אָבער די זאַך ליגט איצט אין גאָטס האַנט.

— אין גאָטס האַנט? — האָט קיטי זיך אָפּגערופן. — יאָ, באמת, אין דאָזיקן לאַנד קומען פאָר אַ סך נסים.

— אויב עמעצער געפינט נישט אין ארץ־ישראל קיין אמונה, וועט ער זי שוין אין ערגעץ נישט געפינען — האָט ירדנה געזאָגט. — אויף וויפל איך געדענק האָבן מיר דאָ שטענדיק געלעבט מיט אמונה. פאקטיש האָבן מיר זיך נישט אויף וועמען צו פאַרלאָזן, חוץ אויף גאָט.

די דאָזיקע ווערטער האָבן געקלונגען מאָדנע אין מויל פון דאָזיקן יונגן מיידל. אויסערלעך האָט ירדנה נישט אויס־געזען צו זיין אַ גלוביקע, אָבער וואָס האָט איר געגעבן אַזוי פיל כוח און אויסדויער, אויב נישט דער גלויבן?

— קיטי — האָט ירדנה פלוצים געענדערט דעם טאָן — איך מוז אייך עפּעס זאָגן. איך וויל, אַז מיר זאָלן ביידע ווערן גוטע פריינד.

— פאַרוואָס, ירדנה?

— ווייל איך האָב עטוואָס געלערנט פון אייך. אַ זאַך וועגן וועלכער איך האָב געהאַט אַ פאַלשע פאָרשטעלונג. איך האָב געזען ווי אַזוי איר האָט דאָ געאַרבעט מיט די קינדער און איך ווייס, וואָס איר האָט געטאָן פאַר אריין. ווען איר האָט באַשלאָסן צו בלייבן אין גן־דפנה איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן אַ געוויסע זאַך. עס איז מיר קלאָר גע־וואָרן, אַז אַ פרוי ווי איר, קאָן האָבן אַזוי פיל מוט, ווי מיר האָבן דאָס. איך האָב שטענדיק געגלויבט, אַז פרוילעכקייט איז אַ צייכן פון שוואַכקייט.

— דאָס איז זייער שיין פון אייער זייט, ירדנה — האָט קיטי געענטפערט מיט אַ שוואַכן שמייכל. — איך האָב אָבער מורא, אַז היינטיקע נאַכט וועל איך דאַרפן אַביסל פון איי־ער מוט. איך האָב דעם איינדרוק, אַז איך ברעך זיך איין.

קיטי האָט ווידער פאַרויכערט אַ סיגאַרעט און ירדנה האָט איר אָנגעגאָסן אַ גלעזל קאָניאַק.

— איך האָב דעם ענין גוט באַטראַכט און איך גלויב, אַז איר וואָלט געווען די בעסטע פּרוי פאַר אַרין.

קיטי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— ניין, ירדנה — האָט זי געזאָגט — מיר זענען, ווי מען זאָגט ביי אונז אין אַמעריקע, צוויי גוטע מענטשן, אָבער וואָס זענען נישט באַשאַפן געוואָרן איינער פאַרן אַנדערן.

— דאָס איז באמת א שאָד, קיטי.

קיטי האָט אַ בליק געטאָן אויפן זייגער. זי האָט געוווסט, אַז איצט דערנענטערן זיך די פּלמ״ח־חברים מיט די קינדער אויף די פּלייצעס צום געפערלעכן שיפּוע. דאָרטן וועלן זיי אַראָפּגעלאָזט ווערן מיט שטריק און דערנאָך וועלן זיי זיך מוזן גליטשן איבער הונדערט מעטער אין זאַמד.

— דערציילט מיר בעסער עפּעס וועגן אייך און וועגן דודן — האָט קיטי שנעל געזאָגט. — ווו האָט איר זיך באַקענט?

— אויפן העברעישן אוניווערסיטעט. מיר האָבן זיך פאַרליבט פון ערשטן אויגנבליק און זינט דאַן האָבן מיר נישט אויפגעהערט זיך צו ליבן.

— אַזוי איז דאָס אויך געווען ביי מיר און מיין מאַן — האָט קיטי שנעל געזאָגט.

— איך האָב געדאַרפט אַ גאַנצן סעמעסטער, כדי אים אויפצוקלערן, אַז ער האָט מיך ליב.

קיטי האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

— אויך ביי מיר איז צוגעגאַנגען אויף אַן ענלעכן אופן. אָבער דאָס האָט געדויערט לענגער.

— יאָ, די מענער באַגרייפן שווער די דאָזיקע ענינים. זומער האָט ער שוין געוווּסט געננוי צו וועמען ער געהערט. יענעם זומער האָבן מיר געמאַכט אַ געמיינזאַמע אַרכעאָלאָגישע עקספּעדיציע אין נגב. מיר האָבן זיך באַמיט פעסט־צושטעלן דעם גענויעם וועג אויף וועלכן משה רבינו איז געגאַנגען מיט די שבטים דורכן מדבר צין און פרן.

— דאָרטן איז דאָך אַ וויסטער מדבר — האָט קיטי געזאָגט.

— נישט אינגאַנצן — האָט ירדנה זיך אָפּגערופן. — מען טרעפט דאָרטן אַ סך חורבות פון הונדערטער אַלטער־טימלעכע שטעט. אין די ציסטערנעס פון די דאָזיקע שטעט האַלט מען נאָך ביז איצט וואַסער.

— דאָס קלינגט זייער אינטערעסאַנט...

— דאָס איז באמת אינטערעסאַנט, אָבער דאָס איז זייער אַ שווערע אַרבעט. דוד האַלט, אַז אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען זענען די שענסטע זאַך אויף דער וועלט. ער פילט זיך אומעטום אַרומגערינגלט מיט דער היסטאָרישער גרויסקייט פון אונזער פאָלק. ער האָט אויך וווּנדערבאַרע פּלענער. נאָכן קריג ווילן מיר ביידע צוריק גיין אין אוניווערסיטעט. איך וועל אָפּגעבן די שלוס־עקזאַמענס און דוד וועט באַקומען דעם טיטל דאָקטאָר. דאַן וועלן מיר צוטרעטן אויסצוגראָבן אַ גרויסע העברעישע שטאָט. ער וויל רעסטאַווירן די חורבות פון חצור, אַן אַלטע העברעישע שטאָט אין חולה־געביט. דערצו דאַרף מען אָבער האָבן אַ סך געלט, און שלום...

ירדנה האָט איראָניש געשמייכלט פון אירע אייגענע ווערטער.

— שלום — האָט זי געזאָגט — דאָס איז נאַטירלעך אַן

אַבסטראַקטער באַגריף, אַן אילוזיע. איך וואָלט באמת גע־וואָלט וויסן, ווי אַזוי עס זעט אויס די געשטאַלט פון שלום.

— אפשר איז דער שלום פאַר אייך לאַנגווייליק? — האָט קיטי געפרעגט.

— איך ווייס נישט — האָט ירדנה געענטפערט. — איך וואָלט געוואָלט וויסן ווי אַזוי עס לעבן מענטשן אין נאָר־מאַלע באַדינגונגען.

— צי וואָלט איר אויך געוואָלט מאַכן אַ רייזע אין אויס־לאַנד?

— ניין. איך וועל טאָן דאָס, וואָס דוד טוט, און איך וועל גיין דאָרטן, וווּ ער וועט גיין. אָבער פונדעסטוועגן, קיטי, וואָלט איך געוואָלט אַמאָל ארויספאָרן אין דער גרוי־סער וועלט. אַ גאַנץ לעבן האָט מען מיר דערציילט, אַז אונזער לעבן הויבט זיך אָן אין ארץ־ישראל און פארענדיקט זיך דאָ. אַ סך פון מיינע חברטעס זענען אַרויסגעפאָרן אין אויסלאַנד. פריער אָדער שפּעטער זענען זיי צוריקגעקומען. מיר, סאַברעס, זענען מסתמא מענטשן פון אַ ספּעציעלן טיפּ. זייער לעבנס־ציל איז צו קעמפן. מיר זענען נישט אימשטאַנד זיך איינצוגעווינען אויף אַ פרעמד אָרט. אַלע מיינע חברטעס זענען צוריקגעקומען קיין ארץ־ישראל, אָבער די פרויען ווערן דאָ זייער שנעל אַלט...

ירדנה האָט פּלוצים אָפּגעהאַקט אירע רייד.

— דאָס איז מסתמא צוליבן קאָניאַק — האָט זי לאַכנדיק געזאָגט — די סאַברעס קאָנען נישט טרינקען.

קיטי האָט געשמייכלט. צום ערשטן מאָל האָט זי געפילט אַ רחמנות צום דאָזיקן מיידל. זי האָט ווידער אַ קוק גע־טאָן אויפן זייגער.

— ווו געפינען זיי זיך איצט? — האָט קיטי געפרעגט.

— נאָך אַלץ ביים שיפּוע. עס וועט געדויערן צוויי שעה, איידער מען וועט זיי אַראָפּלאָזן מיט די שטריק.

קיטי האָט לייכט אָפּגעזיפצט. ירדנה האָט געקוקט שטאר פאַר זיך.

— וועגן וואָס טראַכט איר? — האָט קיטי געפרעגט.

— איך טראַכט וועגן דודן, און וועגן די קינדער. אין ערשטן זומער האָבן מיר אַנטדעקט אַ בית־עלמין, וואָס איז אַלט פיר טויזנט יאָר. עס איז אונז געלונגען אָפּצוגע־פינען אַ פולן סקעלעט פון אַ קינד. אפשר איז עס געשטאָרבן אויפן וועג צום צוגעזאָגטן לאַנד? דוד האָט געוויינט, ווען ער האָט דערזען דעם סקעלעט. ער איז שוין אַזאַ מענטש. דער געדאַנק וועגן דער בלאָקאַדע פון ירושלים דריקט אים טאָג און נאַכט. ער וועט זיכער מאַכן אַ פרווו פון אַ ריזיקאַלישער אונטערנעמונג. איך וויים דאָס... צי ווילט איר נישט זיך אַביסל צולייגן, קיטי? עס וועט נאָך לאַנג דויערן, ביז מיר וועלן זיך עטוואָס דערוויסן.

קיטי האָט ווידער אויסגעטרונקען אַ ביסל קאָניאַק. דאַן האָט זי זיך אויסגעצויגן אויפן פעלד־בעטל און צוגעמאַכט די אויגן. זי האָט געזען אין געדאַנק די לאַנגע ריי פון די פלמ״ח־חברים, וועלכע לאָזן זיך אַראָפּ מיט שטריק פון באַרג, טראָגנדיק די שלאָפנדיקע קינדער אויף די פּלייצעס. און דאַן האָט זי געזען פאַר זיך קאסיס באַנדעס, וועלכע לויערן און וואַרטן ביז די פלמח־חברים וועלן אַריינפאַלן אין זייערע הענט.

זי האָט בשום אופן נישט געקאָנט איינשלאָפן.

— איך וועל אַריבערגיין אין בונקער פון ד״ר ליבער־מאַן. איך וויל וויסן, וואָס דאָרטן הערט זיך — האָט קיטי געזאָגט.

זי האָט אָנגעטאָן אַ וואַרעמען זשאַקעט און איז אַרויס־געגאַנגען אין דרויסן. דעם גאַנצן אָוונט איז פון דער באַ־פעסטיקונג נישט געפאַלן קיין איין שאָס אויף גן־דפנה. אַ מוראדיקער געדאַנק איז אויפגעקומען אין איר קאָפּ: אפשר האָט מוכאמעד קאַסי זיך עפּעס דערוווּסט, און ער האָט ארויסגעשיקט זיינע מענטשן צום באַרג? די ארומיקע שטילקייט איז איר נישט געפעלן געוואָרן. די לבנה האָט העל געשיינט און די נאַכט איז געווען קלאָר און שטיל. ארי האָט געדאַרפט בעסער וואַרטן אויף אַ פאַרוואָלקנטער נאַכט — האָט זי געטראַכט...

אין בונקער, ווו עס האָבן זיך געפונען די לערער, זענען אַלע געלעגן אויף די פעלד־בעטלעך און געקוקט שטאַר פאַר זיך. קיינער פון זיי האָט פון שפּאַנונג נישט אויסגע־רעדט קיין וואָרט. קיטי האָט נישט אויסגעהאַלטן און איז ווידער אַרויס אין דרויסן.

צו יענער שעה זענען דב און קארען געשטאַנען אויף דער וואַך. קיטי האָט זיך צוריקגעקערט אין פריערדיקן בונקער, אָבער ירדנה איז דאָרטן שוין נישט געווען. אַ מידע האָט זי זיך אויסגעצויגן אויפן פעלד־בעטל און איז ארייַנגעפאַלן אין אַן אומרואיקן דרעמל.

זי האָט זיך געוואָרפן אויפן געלעגער. אַנגסט־חלומות האָבן זי געפּייניקט. זי האָט געזען ווי קאסיס מענטשן גרייפן אָן מיט אַ געשריי די פּלמ״ח־חברים. די פאַרטיידיקער פאַלן אין קאַמף און אַלע קינדער פאַלן אריין אין די הענט פון די אראבער. אַ באַגאָסענע מיט שווייס האָט קיטי זיך אויפגעכאַפּט. דאָס האַרץ האָט איר געקלאַפּט

ווי מיט האַמערס. זי האָט געציטערט אויפן גאַנצן לייב. פלוצים האָט זי דערהערט אַ גערויש. מיט אַ געוואַלדיקער שפּאַנונג האָט זי זיך צוגעהערט צום ווייטן אָפּהילך פון ביקסן־שאָסן.

אָן איבערגעשראָקענע צום טויט האָט זי זיך א וואָרף געטאָן צו דער טיר, אָבער אין זעלבן מאָמענט איז אין בונ־קער אַריינגעקומען ירדנה.

— לאָזט מיך אַרויס! — האָט קיטי אויסגעשריען.

— ניין, קיטי, ניין...

— די דאָזיקע מערדער! זיי וועלן אומברענגען אַלע מיינע קינדער!

ירדנה האָט געמוזט אָנווענדן איר גאַנצן כוח, כדי איינ־צוהאַלטן קיטין.

— הערט, וואָס איך זאָג אייך, קיטי. די שיסעריי איז אַ מאַנעוור פון זאב גלבוע און זיינע מענטשן. זיי גרייפן אָן דאָס דאָרף נבי־יושע פון דער אַנדערער זייט, כדי אָפּצוציען די אויפמערקזאַמקייט פון קינדער־טראַנספּאָרט.

— איר זאָגט אַ ליגן!

— ניין, דאָס איז דער אמת, איך שווער. איך האָב גע־האַט אַ בעפעל קיינעם נישט צו זאָגן אַ וואָרט וועגן דאָזיקן מאַנעוור ביז פאַרטאָג. איך בין געקומען אייך אינפאָרמירן וועגן דעם, זענט איר געשלאָפן און דעריבער בין איך אַוועק צו די אַנדערע.

ירדנה האָט געצוווּנגען קיטין זי זאָל זיך אוועקזעצן אויפן פעלד־בעטל.

— עס איז נאָך פאַרבליבן אַ ביסל קאָניאַק, קיטי. טרינקט!

קיטי האָט זיך געצוווּנגען אַראָפּצושלינגען דעם שלוק קאָניאַק און האָט זיך באַמיט צו באַרויקן. ירדנה האָט זיך

אַוועקגעזעצט נעבן איר און זי געגלעט איבער די הענט. קיטי האָט דאַן אַנידערגעלייגט איר קאָפּ אויף ירדנהס אַקסל און זיך פֿאַנאַנדערגעוויינט. ירדנה האָט איר געלאָזן זיך אויסוויינען. דאַן איז קיטי אויפֿגעשטאַנען און געזאָגט:

— דב און קארען קומען באלד פֿון וואַד. איך וועל גיין צוגרייטן פֿאַר זיי וואַרעמען טיי.

די שעהן פֿון דער פֿינצטערניש האָבן זיך געצויגן אָן אַ סוף. די פּלמ״ח־חברים האָבן געפּויזשעט אויף זייערע בייכער נעבן דאָרף נבי־יושע, אין דער צייט, ווען זאב מיט זיינע מענטשן האָבן דורכגעפֿירט אַן איבערפֿאַל פֿון דער אַנדערער זייט דאָרף.

צוויי פֿארטאָג. אַלע אין גן־דפנה, אפֿילו ירדנה, זענען געווען ביים סוף פֿון זייערע כוחות. זיי זענען אַרומגעגאַנגען דערדריקטע און שוויינגדיקע. ווען עס האָט אָנגעהויבן צו טאָגן זענען אַלע ארויס פֿון די בונקערס. דער פֿרימאָרגן איז געווען אַ קאַלטער. די ערד איז געווען איבערגעצויגן מיט אַ הייטל פֿון דינעם אייז. אַלע זענען ארויס דורכן הויפּט־טויער צום ראַנד פֿון באַרג און מיט אָנגעשטרענגטע בליקן געקוקט אַראָפּ. עטוואָס נידעריקער איז געלעגן אַ שומר.

— זעט! — האָט דער שומר פּלוצים אויסגערופֿן.

אַלעמענס בליקן האָבן זיך געווענדעט צו דער ריכטונג פֿון יד־אל, פֿון וואַנען עס האָבן זיך דערטראָגן ליכט־סיגנאַלן.

— וואָס טיילן זיי מיט? וואָס באַדייט דאָס?

— דאָס באַדייט: ש, יד, טז...

אויף אַ קורצער רגע זענען אַלע צעמישט געוואָרן. די סיגנאַלן האָבן זיך איבערגעחזרט.

— זיי זענען אָנגעקומען בשלום! — האָט ירדנה אויסגע־רופן. — די צייכנס באַדייטן: שמות, קאַפּיטל פערצן, פּערז זעכצן. „ואתה הרם את מטך ונטה את ידך על הים ובקעהו, ויבואו בני ישראל בתוך הים ביבשה״.

ירדנה האָט אַ גליקלעכע געשמייכלט צו קיטין.

# קאַפּיטל 6

פיר טעג נאָכן עוואַקואירן די קליינע קינדער פון גן־דפנה האָט ארי באַקומען אַ ריי מעלדונגען פון די קאָמאַנדירן אין די באַזונדערע ישובים. מען האָט אים מיטגעטיילט, אַז דער אַראַבישער דרוק האָט נאָכגעלאָזן. די פריינט פון נבי־יושע האָבן גלייכצייטיק מיטגעטיילט, אַז מוכאַמעד קאסי האָט צוריקגעצויגן אַ העלפט פון זיינע מענטשן. ארי האָט פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף יעדן טאָג זיך גרייטן אויף אַן אַראַבישן אָנגריף קעגן גן־דפנה.

ארי האָט גענומען מיט זיך צוואַנציק מאַן פון פלמ״ח, די לעצטע קעמפער, וואָס מען האָט נאָך געקאָנט געפינען אין גליל — און איז מיט זיי ארויפגעקומען קיין גן־דפנה, כדי פערזענלעך איבערצונעמען די אָנפירונג ביים פאַרטיידיקן דאָס יוגנט־דאָרף.

צו אריס דיספּאָזיציע האָבן זיך געפונען פערציק מאַן פון פלמ״ח, אַן ערך דרייסיק קאַמפּס־פעיקע מיטגלידער פון לערער־פערסאָנאַל און ירדנהס צוויי הונדערט גדנ״עים. דער זאַפּאַס פון געווער און אַמוניציע איז געווען זייער אַ קליינער.

דריי טעג נאָך אריס אָנקום קיין גן־דפנה איז געקומען צולויפן אַ שליח, וועלכער האָט מיטגעטיילט, אַז קאַסיס מענטשן, אַן ערך טויזנט מאַן, האָבן פאַרלאָזן די באַפעסטיקונג

און דערנעטערן זיך צום באַרג. אין משך פון צוויי מינוט איז דערקלערט געוואָרן „אַלאַרם־צושטאַנד" און אַלע מענער, פרויען און יוגנטלעכע פון גן־דפנה האָבן פאַרנומען זייערע פּאָזיציעס.

די אַראַבער האָבן זיך דערנעענטערט צום באַרג. אַריס מענטשן זענען געזעסן רואיק. פון ביידע זייטן איז נישט אָפּגעגעבן געוואָרן קיין איין שאָס. פון דער טאַגערט־באַפעסטיקונג האָט מוכאַמעד קאָסי אָבסערווירט דורך אַ לאָרנעטע דעם קאַמפּס־פּלאַץ. ער האָט צופרידן געשמייכלט, ווען ער האָט געזען ווי זיינע מענטשן האָבן אָנגעהויבן צו קלעטערן אויפן באַרג. היות די יידן האָבן נישט געשאָסן, איז ער געווען זיכער, אַז גן־דפנה וועט גענומען ווערן אָן ווידערשטאַנד. אַ האַרמאַטן־שאָס פון דער באַפעסטיקונג האָט געגעבן דעם צייכן אָנצוהויבן דעם אָנגריף.

די פאַרטיידיקער פון גן־דפנה האָבן געקענט הערן ווי די אַראַבישע אָפיצירן גיבן אַרויס באַפעלן. אָבער קיינער פון דער אַראַבישער מחנה האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. עס האָט זיי אַלעמען באַהערשט אַ פּחד צוליב דער אומגעאָר־מאַלער שטילקייט. די דיסציפּלינירטע יידישע זעלנער זענען געווען גוט פאַרשטעקט הינטער די פעלדזן. די אַראַבישע האָרדעס דאַקעגן האָבן הויך געשריען און געשאָלטן.

דאָס געשריי פון די אַראַבער האָט זיך פאַרשטאַרקט מיט יעדער סעקונדע. אַ געוויסן מאָמענט האָט זיך פון הונדערטער העלדזער אַרויסגעריסן אַ ווילדער רוף און די אַראַבער האָבן זיך אַ לאָז־געטאָן אין דער ריכטונג פון גן־דפנה. שווערדן און באַגנעטן האָבן אַ בליץ געטאָן מיט זייער שטאָל אויפן הינטערגרונט פון הימל.

די ערשטע פאַזע פון אַריס פאַרטיידיקונגס־פּלאַן איז איצט געשטעלט געוואָרן פאַרן עקזאַמען. נאַכט ביי נאַכט האָט ער אַרויסגעשיקט פּאַטרולן, וועלכע האָבן פאַרלייגט מינעס, וואָס האָבן געקאָנט אויפגעריסן ווערן פון גן־דפנה. די דאָזיקע מינעס האָבן געשאַפן אַ קאָרידאָר, דורך וועלכן די אַראַבער זענען געווען געצוווּנגען דורכצוגיין דורכן שמאָלן וועג צווישן די בערג.

זאב גלבוע, וועלכער איז געלעגן צום ווייטסטן אַרויס־געררוקט, האָט געוואַרט, ביז דער אָנגריף פון די אַראַבער וועט זיך אָנהויבן. ווען די צעווילדעוועטע מחנה פון די אָנגריי־פער איז צוגעקומען נאָענט צום פעלד פון די מינעס, האָט ער אויפגעהויבן אַ גרינע סיגנאַל־פאָן און אַרי האָט דאַן באַפוילן אונטערצוצינדן דעם דראָט צו די מינעס.

צוואַנציק מינעס, צו צען אויף יעדער זייט, האָבן גלייכ־צייטיק אויפגעריסן. אַ געוואַלדיקער אָפּהילך האָט זיך צעטראָגן ווי אַ דונער צווישן די בערג. די אָנגרייפער זענען געווען געצוווּנגען זיך צוזאַמענצודרענגען און זיי האָבן זיך אַ לאָז־געטאָן דורכן טאָל צום באַרג.

רעכטס און לינקס פון דורכגאַנג האָט אַרי אויסגעשטעלט זיינע פערציק פלמ״ח־קעמפער, דיביידע מאַשין־געווערן און דעם גאַנצן זאַפּאַס פון האַנט־גראַנאַטן און צינד־באָמ־בעס. ווען די אַראַבער זענען פאַרבייגעלאָפן נעבן די פלמ״ח־קעמפער, איז אויף זיי געעפנט געוואָרן אַ צעשמעטערנדי־קער פייער און דער גאַנצער שמאָלער באַרג־דורכגאַנג איז באַדעקט געוואָרן מיט די טויטע קערפּערס פון די אָנפאַ־לער. גלייכצייטיק האָבן די פלמ״ח־קעמפער געלאָזן אין גאַנג די פלאַמען־וואַרפערס און צענדליקער אַראַבער זענען פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין לעבעדיקע פאַקעלן.

מוכאַמעד קאַסי, וועלכער האָט זיך צוגעקוקט צום גאַנג פון קאַמף, איז געוועז ווילד פאַר כעס. פון דער טאַגערט־באַפעסטיקונג האָט ער געגעבן אַ באַפעל זיין אַרטילעריע צו באַשיסן דעם באַרג. די אַראַבישע האַרמאַטן האָבן געעפנט אַ פייער, אָבער אַ העלפט פון די קוילן איז געפאַלן צווישן זייערע אייגענע מענטשן.

די ערשטע אַראַבישע אָנגרייפער־כוואַליע איז אָפּגעשטויסן געוואָרן, אָבער די האָרדעס פון שונא האָבן ווייטער געשטראָמט צום באַרג. די יידישע פאַרטיידיקער האָבן זיי דערפּירט צו אַזאַ ווילדער פאַרביסנקייט, אַז זיי האָבן זיך־לאָז, געטריבן פון שרעק, זיך געריסן פאָרויס. די אַראַבער איז געלונגען צו פאַרניכטן איינעם פון די מאַשין־געווערן. איצט איז אויך דאָס צווייטע מאַשין־געווער געבליבן שטום, ווייל עס האָבן זיך געענדיקט די קוילן. די פּלמ״ח־חברים האָבן פאַרלאָזן זייערע פּאָזיציעס ביים ראַנד פון וועג און זיך צוריקגעצויגן קיין גן־דפנה, כדי דאָרטן צו דערוואַרטן דעם אָנגריף. הונדערטער אַראַבער האָבן זיך איינצווישנצייט דערנענטערט ביז הונדערט מעטער צום דאָרף. אין זעלבן מאָמענט האָט דוד בן־עמי געהייסן אָפּרוקן די זאַמד־זעק, וואָס האָבן געשיצט די אַנטי־פאַנצער־האַרמאַטן.

די ערשטע רייען פון די אַראַבער האָבן זיך דערנענטערט ביז פופציק מעטער — פערציק מעטער — דרייסיק מעטער — צוואַנציק—...

שווייס איז גערונען אויפן פנים פון דוד בן־עמי, ווען ער האָט אָנגעשטעלט דעם האַרמאַט אויפן קלענסטן ציל־אָפּשטאַנד.

— צען מעטער...

— פייער!

דער אַלטער האַרמאַט האָט זיך געגעבן אַ רוק אויף צוריק און אויסגעשפּיגן פון זיך צענדליקער שראַט־קוילן אין די פּנימער פון די אַנגרייפער. נערוון־דערשיטערנדיקע אויסגעשרייען האָבן זיך צעטראָגן מיט אַן אויפטרייסלענ־דיקן עכאָ צווישן די בערג. דוד בן־עמי האָט שנעל ווידער אָנגעלאָדן דעם האַרמאַט.

—פייער צוויי!

די צווייטע כוואַליע פון די אַראַבישע אַנגרייפער איז געבליבן ליגן.

— פייער דריי!

דער דריטער שאָס האָט צעריסן אויף שטיקער די לופע פון האַרמאַט, אָבער ער האָט דאָס זייניקע שוין אָפּגעטאָן. מיט די דריי סאַלוועס פון זיינע שראַט־לאַדונגען האָט ער אָוועקגעלייגט אַן ערך צוויי הונדערט אַנגרייפער און דער שוונג פון ערשטן אַנגריף איז פּאַראַליזירט געוואָרן.

צום לעצטן מאָל האָט דער שונא געמאַכט אַ פּרווו צו שטורמען גן־דפנה. ווידער אַמאָל האָבן מער ווי הונדערט אַראַבער זיך דערנענטערט צום דאָרף, אָבער זיי זענען אויפגענומען געוואָרן מיט אַ קאָנצענטרירטער סאַלווע דורך ירדנהס גדנ״ע־קעמפער. צעשלאָגענע און צעטומלטע האָבן זיך די אַראַבער צוריקגעצויגן אין ווילדער פּאַניק, איבער־לאָזנדיק די טויטע אויפן שלאַכט־פעלד. ווען זאב גלבוע האָט דערזען, אַז דער שונא אַנטלויפט, האָט ער מיט פערציק מאַן זיך אַ יאָג־געטאָן נאָך די אַנטלויפנדיקע אַראַבער. ארי, וועלכער האָט אבסערווירט דעם קאַמפס־פלאַץ דורך אַ פעלד־לאָרנעטע, האָט אויסגעשריען מיט כעס:

— דער פאַרשאָלטענער אידיאָט! ער וויל פאַרנעמען

די טאגערט־באַפעסטיקונג. איך האָב אים דאָך באַפוילן, אַז ער זאָל זיך נישט רירן פון אָרט.

— וואָס איז געשען מיט זאבן? — האָט דוד ארויס־געצישעט דורך פאַרקריצטע ציין.

— שנעל, קום מיט מיר — האָט ארי אויסגערופן. — מיר מוזן זיך באַמיען אים אָפּצוהאַלטן.

ארי האָט ארויסגעגעבן אַ באַפעל ירדנהן זי זאָל מיט איר גדנ״ע־גרופּן צונויפזאַמלען דעם וואָפן פון די געפאַלענע און פאַרוווּנדעטע אַראַבער, און צוזאַמען מיט דודן האָט ער זיך אַ לאָז־געטאָן פאָרויס.

מוכאמעד קאסי האָט געזען ווי זיינע מענטשן לויפן צוריק צו דער באפעסטיקונג. זאב גלבוע האָט זיך געיאָגט נאָך זיי, באשיסנדיק אין לויף דעם שונא. מוכאַמעד קאסי האָט דאַן ארויסגעגעבן אַ באפעל צו עפענען אַן אַרטילע־ריע־פייער אויף די פלמ״ח־קעמפער, וואָס האָבן פאַרפאָלגט די אַראַבער. אינצווישנצייט איז זאב גלבוע מיט זיינע מענטשן אָנגעקומען פערציק מעטער ווייט פון דער באַפעס־טיקונג.

— דעקונג! — האָט ער אויסגערופן צו זיינע מענטשן. זאב האָט זיך א וואָרף־געטאָן אויפן באָדן און געעפנט פון זיין אויטאָמאַט אַ פייער אויף די שיס־לעכער פון דער באַ־פעסטיקונג. ווען ער האָט אָבער דערזען, אַז זיין אָנגריף איז פארמשפט אויף א דורכפאל, האָט ער זיך צוריקגע־קערט און זיך באַמיט צוריקצוקריכן הינטערן בערגל. פון דער באַפעסטיקונג האָט זיך א שאָט־געטאָן אַ האָגל פון קוילן און זאב איז געטראָפן געוואָרן. ער איז אויפגעשטאַ־נען און אָנגעהויבן צו לויפן, אָבער ער איז געטראָפן גע־וודרן אַ צווייטן מאָל און ער איז ארויפגעפאַלן אויף די

שטעכל־דראָט. ער איז דאָרטן געבליבן הילפלאָז הענגען.

זיינע מענטשן האָבן שוין געהאַט בדעה צוצולויפן און אים אַראָפּנעמען פון די דראָטן, אָבער אין דאָזיקן מאָמענט זענען אָנגעקומען ארי און דוד.

— זאב ליגט דאָרטן — האָט מען זיי געזאָגט. — ער הענגט אויפן שטעכל־דראָט.

ארי האָט אַ קוק־געטאָן פון הינטער אַ פעלז אויפן הענגענ־דיקן קערפּער. ביז צו זאבן איז געווען אַ מרחק פון הונדערט מעטער אויפן אָפענעם פעלד. דאָ און דאָרטן זענען געלעגן פעלזן־שטיקער, הינטער וועלכע מען האָט זיך געקאָנט פאַרשטעקן, אָבער די לעצטע שטרעקע האָט זיך געפונען אויף אַ פרייען פלאַץ.

די שיסעריי פון דער באַפעסטיקונג האָט זיך פלוצים אָפּגעשטעלט און עס איז געוואָרן זייער שטיל.

— וואָס זאָל עס באַדייטן ? — האָט דוד געפרעגט.

— זיי ווילן זיך באַנוצן מיט זאבן אַלס לאָקונגס־ציל, האָט ארי געענטפערט. — זיי זעען, אַז ער ליגט אָן באַ־וועגונג, און זיי האָפן, אַז מיר וועלן זיך באַמיען צוצוקומען צו אים און אים אַראָפּנעמען. און דאַן וועלן זיי עפענען אויף אונז אַ פייער.

— די דאָזיקע הינט. פאַרוואָס דערשיסן זיי אים נישט ?

— זיי ווילן נקמה־נעמען אין אים, פאַר אַלע זייערע מפּלות. זיי וועלן זיך באַמיען אים צו כאַפּן אַ לעבעדיקן.

דוד האָט געמאַכט אַ באַוועגונג, ווי ער וואָלט געוואָלט זיך לאָזן פאָרויס, אָבער ארי האָט אים צוריקגעהאַלטן.

— גיט מיר אַ פּאָר האַנט־גראַנאַטן — האָט ארי גע־זאָגט. — און דו, דוד, פיר אָפּ די מענטשן צוריק קיין גן־דפנה.

— איך וועל דיך נישט לאָזן גיין אהין אליין, ארי.

— טו וואָס איך הייס דיר! — האָט ארי ארויסגעברילט.

דוד האָט זיך שווייגנדיק אויסגעדרייט און געגעבן אַ צייכן זיינע מענטשן זיי זאָלן זיך צוריקציען. אַרי איז שנעל אַראָפּגעלאָפן פון בערגל.

די אַראַבער האָבן אבסערווירט, ווי ארי דערנענטערט זיך. זיי האָבן געוווסט, אַז עמעצער וועט זיך באַמיען אַראָפּצונעמען דעם פאַרווונדעטן פון די דראָטן. זיי האָבן געוואַרט, ביז ער וועט זיך דערנענטערן האָפנדיק, אַז אויך אים וועלן זיי פאַרוווּנדן. דאַן וועלן די יידן שיקן נאָך אַ מענטשן און דערנאָך — ווידער עמעצן...

ארי האָט אַ שפרונג געטאָן, איז אָפּגעלאָפן עטלעכע מעטער און זיך אנידערגעוואָרפן הינטער א פעלז־בלאָק. פון דער באַפעסטיקונג איז נישט געפאַלן קיין איין שאָס. ארי האָט געפּויזשעט אויפן בויך ביז צו דער ווייטערדיקער דעקונג. ער האָט זיך געפונען איצט בלויז צוואנציק מעטער פון אָרט, ווו זאב גלבוע איז געהאָנגען אויף די דראָטן. ווען זאב האָט אים דערזען האָט ער אויסגעשריען:

— גיי צוריק! אַנטלויף!

ארי האָט אבסערווירט פון הינטערן פעלזן־בלאָק זיין פאַרווונדעטן חבר. ער האָט אים דייטלעך געקאָנט זען. דאָס בלוט איז אים געלאָפן איבערן פנים און האָט גע־שטראָמט פון זיין לייב. ארי האָט דאַן אַ בליק־געטאָן אויף דער באַפעסטיקונג. ער האָט געזען ווי הונדערטער ביקסן־לויפעס זענען אויסגעשטרעקט אין דער ריכטונג פון זאבן.

— קער זיך אום צוריק! — האָט זאב אויסגעשריען אַ צווייטן מאָל. — די קישקעס הענגען מיר שוין ארויס.

איך וועל נישט אויסהאַלטן מער ווי צען מינוט... גיי צוריק...

ארי האָט ארויסגעצויגן פון בוזעם עטלעכע האַנט־גראַנאַטן.

— זאב, איך וואַרף דיר צו אַ פּאָר האַנט־גראַנאַטן — האָט ארי אויסגעשריען אויף יידיש.

ארי האָט אָפּגעטיילט די קאַפּסלען פון די גראַנאַטן, כדי זיי זאָלן נישט אויפרייסן און האָט זיי אַ וואָרף־געטאָן צום פאַרוואונדעטן. זאב האָט אָנגעכאַפּט איינעם פון די גראַנאַטן. דאַן האָט ער אים צוגעוואָרפן אַ צינד־קאַפּסל.

— איך האָב זיי... און איצט קער זיך אום צוריק!

ארי האָט מיט אַלע כוחות אָנגעהויבן צו לויפן צוריק צום בערגל. די אַראַבער, וועלכע האָבן דערוואַרט, אַז ער וועט זיך דערנענטערן צו זאבן, זענען געווען אזוי איבער־ראַשט, אַז זיי האָבן געעפנט אַ פייער צו אים ערשט דאַן, ווען ער איז שוין געווען הינטער די פעלזן.

זאב גלבוע איז געבליבן אליין. ער האָט פאַרענדיקט זיין לעבן. די אַראַבער האָבן געוואַרט אַ האַלבע שעה, אבסערווירנדיק צי עמעצער קומט אים אַראָפּנעמען פון די דראָטן. זיי האָבן אים געוואָלט באַקומען אַ לעבעדיקן אין זייערע הענט. צום סוף האָט זיך געעפנט דער טויער פון דער טאַגערט־באַפעסטיקונג. עטלעכע צענדליק אַראַ־בער זענען ארויסגעלאָפן און זיך דערנענטערט פון פארשיי־דענע זייטן צום פאַרוואונדעטן. זאב האָט גרייט געמאַכט דעם האַנט־גראַנאַט און אים צוגעדריקט צו זיך. ארי האָט דערהערט אַ שטאַרקן אָפּהילך פון אַן אויפרייס. ער איז שטיין געבליבן און זיך אזש אַ וואקל־געטאָן. זיין פּנים איז געוואָרן ווייס ווי קרייד און ער האָט געפילט ווי אַלץ אין אים האָט זיך קראמפהאפט צוזאמענגעדריקט. דאַן האָט

ער זיך אַנידערגעלייגט אויף דער ערד און קריכנדיק אויף אַלע פיר, האָט ער אָנגעהויבן אַרויפצוקלעטערן צו גן־דפנה.

ארי איז געזעסן אליין אין בונקער פון שטאַב. זיין פנים איז געווען בלייך און בלויז דאָס ציטערן פון די מוסקולן האָט עדות־געזאָגט, אז ער לעבט. די יידן האָבן פאַרלוירן פיר און צוואַנציק פערזאָן: עלף בחורים און דריי מיידלעך פון פלמ״ח, זעקס מענטשן פון לערער־פערסאָנאַל און פיר יוגנטלעכע פון דאָרף. צו דעם זענען נאָך צוגעקומען צוויי און צוואַנציק פאַרוווּנדעטע. פון מוכאמעד קאסיס מענטשן זענען פיר הונדערט און אַכצן דערהרגעט געוואָרן און הונ־דערט זיבן און זיבעציק זענען פארוווּנדעט געוואָרן.

אין די הענט פון די פאַרטיידיקער איז אריינגעפאַלן אַזאַ גרויסער שלל פון געווער, אַז מוכאמעד קאסי האָט נישט געוואַגט נאָך אַמאָל אָנצוגרייפן גן־דפנה. אָבער זיי זענען נאָך אַלץ געזעסן אין דער טאגערט־באַפעסטיקונג און באַ־הערשט דעם וועג, וואָס האָט געפירט דורך נבי־יושע.

אין בונקער איז אריינגעקומען קיטי פרעמאנט. אויך זי איז געווען ביים סוף פון אירע כוחות.

— אלע פארוווּנדעטע אַראָבער זענען געבראכט געוואָרן קיין נבי־יושע — האָט זי געזאָגט.

ארי האָט שטום אַ שאָקל־געטאָן מיטן קאָפּ.

— און ווי זעט עס אויס מיט אונזערע פארוווּנדעטע ? — האָט ער געפרעגט נאָך אַ לענגערן שווייגן.

— צוויי קינדער וועלן משמעות נישט אויסהאַלטן. ביי די איבעריקע איז נישטאָ קיין שום געפאַר. טרינקט אַ ביסל קאָניאַק. איך האָב עס געבראַכט ספּעציעל פאַר אייך.

— איך דאַנק אייך... איך דאַנק אייך...

ארי האָט אַ שלוק־געטאָן און נישט אויסגערעדט קיין וואָרט.

— איך האָב דאָ עטלעכע זאַכן פון זאב גלבוע — האָט קיטי זיך אָנגערופן. — זיינע פערזענלעכע חפצים.

— א קיבוצניק האָט זייער ווייניק זאַכן, וואָס געהערן צו אים. אפילו דאָס לעבן איז נישט זיין אייגנטום.

— איך האָב אים געהאַט זייער גערן — האָט קיטי געזאָגט. — ערשט נעכטן האָט ער מיר דערציילט, אז ער האָט בדעה צו פאשען מיט זיינע זין די שאָף. איך האַלט, אז זיין פרוי וועט זיכער וועלן האָבן זיינע חפצים ביי זיך. זי דערוואַרט אַ קינד.

— זאב איז געווען אַ פאַרשאָלטענער אידיאָט — האָט ארי ארויסגעצישעט. — ער האָט נישט געהאַט קיין שום באַפעל אָנצוגרייפן די באַפעסטיקונג.

ארי האָט גענומען דאָס טאַשן־טיכל אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען זאבס עטלעכע חפצים און עס אריינגעוואָרפן אין נאַפט־אויוון.

— ליאורה איז א גוט מיידל. זי איז פעסט און וועט עס איבערלעבן. אָבער ווו וועל איך נעמען אַ צווייטן מענטש אויף זאבס אָרט?

— צי איז דאָס אייער איינציקע זאָרג אין אַזאַ מאָמענט?... צי איר וועט געפינען א צווייטן אויף זאבס אָרט?

ארי איז אויפגעשטאַנען און פאַרויכערט אַ סיגאַרעט.

— מענטשן, ווי זאב, וואקסן נישט אויף די ביימער.

— צי איז פאַר אייך קיין שום זאַך נישט הייליק?

— זאָגט מיר, קיטי, וואָס האָט געטאָן דער קאָמאַנדיר,

ווען אייער מאַן איז געפאַלן אין שלאַכט? צי האָט ער געמאַכט פאַר אים אַ הספד?

— איך האָב געמיינט, אַז דאָ איז די זאַך עטוואָס אַנ־דערש, אַרי. איר קענט זאָבן פון קינדווייז־אויף. זיין פרוי איז אַ מיידל פון יד־אל. ער איז אויפגעוואָקסן אין אייער סביבה.

— וואָס זאָל איך אַלזאָ טאָן לויט אייער מיינונג?

— ווייגעז זאָלט איר, ווייגעז צוליבן דאָזיקן אָרעמען מיידל.

אין אַ געוויסן מאָמענט האָט אריס געזיכט אַ צוק־געטאָן און זיינע ליפּן האָבן אָנגעהויבן צו ציטערן. אָבער ער האָט זיך גלייך באַהערשט.

— דאָס איז נישט פאַר מיר קיין שום נייעס, ווען אַ מענטש פאַלט אויפן שלאכט־פעלד. און איצט לאָזט מיך אליין...

## קאפיטל 7

די באלאגערונג פון צפת האָט זיך אָנגעהויבן צומאָרגנס נאָך דער אָפּשטימונג אין אונא וועגן חלוקה־פּלאַן. ווען די ענגלענדער האָבן עוואַקואירט צפת אין פרילינג 1948, האָבן זיי איבערגעגעבן, ווי דאָס איז געווען צו דער־וואַרטן, אַלע דריי שליסל־פּאָזיציעס אין די הענט פון די אַראַבער. די דאָזיקע פּאָזיציעס זענען געווען: די פּאָליצײ־סטאַציע, די פעסטונג און די טאַגערט־באַפעסטיקונג אויפן הר כנען.

דער יידישער ווינקל־קוואַרטאַל האָט פאַרנומען אַן אַכטע טייל פון שטאָט און איז געווען פון אַלע זייטן אַרומגערינגלט דורך אַראַבער. די יידן האָבן געהאַט בלויז צוויי הונדערט קעמפער, וועלכע זענען געווען שוואַך אויסגעשולט מיליטעריש. צומאָרגנס נאָך דער עוואַקואַציע פון די ענגלענדער האָט ארי ארויסגעשיקט קיין צפת יואב ירקוני מיט דרייסיק בחורים און צוואַנציק מיידלעך פון פלמ״ח.

קאוקאדזשי, וועלכער האָט געוואָלט אַז אין צפת זאָל איינגעאָרדנט ווערן די צייטווייליקע קוואַרטיר פון מופטי, האָט געגעבן זיינע מענטשן אַ באַפעל זיי זאָלן דעראָבערן דעם יידישן ווינקל־קוואַרטאַל. די אַראַבער האָבן עטלעכע מאָל זיך באַמיט אַריינצורייסן אין די יידישע גאַסן, אָבער זיי זענען שטענדיק אָפּגעשטויסן געוואָרן. פאַר די אָנגרייפער איז קלאָר געוואָרן, אַז זיי וועלן מוזן קעמפן

פּאַר יעדער גאַס און יעדער "ווינונג, און דעריבער האָבן זיי באַשלאָסן צו באַלאַגערן דעם ווין־קוואַרטאַל, באַ־שיסנדיק די הייזער פון אַ זיכערן מרחק.

די מיליטערישע אָנפירונג פון די פּאַרטיידיקער איז געלעגן אין די הענט פון רעמעזן און יואב ירקוני. גענע־ראַל סאַטערלענד האָט פאַרלאָזן זיין ווילע, וואָס איז געשטאַנען אויפן באַרג כנען. ער איז געווען דער איינצי־קער גאַסט אין טוריסטן־האָטעל, וואָס האָט געהערט צו רעמעזן. מען האָט זיך מיט אים אָפטמאָל באַראַטן וועגן מיליטערישע ענינים, אָבער ער האָט דערקלערט, אַז די יידן באַגייען זיך גוט אויך אָן זיינע עצות.

דעם גאַנצן ווינטער און פרילינג האָבן די יידן אין צפת אויסגעהאַלטן די באַלאַגערונג. אַ געוויסן טאָג האָט ירקוני ארומגערעדט מיט סאַטערלענדן די מיליטערישע לאַגע. דער מצב האָט אויסגעזען זייער ביטער. די יידן האָבן פאַרלוירן פופציק פון זייערע בעסטע זעלנער און די אַמוניציע האָט געקאָסט בלויז אויף פינף טעג. די אַראַבער, וועלכע האָבן דערפילט די שוואַכקייט פון קעגנער, זענען געוואָרן אַלץ דרייסטער.

— איך האָב צוגעזאָגט אריין אים נישט צו פאַרדרייען דעם קאָפּ מיט אונזערע שוועריקייטן — האָט ירקוני געזאָגט. איך האָב אָבער מורא, אז איך וועל דאַך מוזן מיט אים רעדן.

אין דער נעלבער נאַכט האָט יואב ירקוני זיך ארויס־געגנבעט פון צפת און געקומען צו אריין אין הויפּט־שטאָב. ער האָט אים געגעבן אַ גענויעם איבערזיכט פון מצב. צום סוף האָט יואב געזאָגט:

עס איז מיר זייער נישט אַנגענעם דיר צו דולן דעם

קאַפּ מיט דעם, ארי, אָבער אין דריי טעג אַרום וועלן מיר זיין געצוווּנגען צו עסן מייז.

ארי האָט געברומט צווישן די ציין אומפאַרשטענדלעכע ווערטער. פאַר אים איז געווען קלאָר, אַז צפת מוז איינגע־האַלטן ווערן. די העלדישע פאַרטיידיקונג פון די עטלעכע הונדערט מאַן האָט געהאַט אַ געוואַלדיק גרויסן איינפלוס אויף דער מאָראַל פון אַלע „הגנה"־קעמפער. צפת איז גלייכ־צייטיק געווען ניט נאָר אַ וויכטיקער סטראַטעגישער פּונקט, נאָר האָט זיך אויך פאַרוואַנדלט אין אַ סימבאָל פון אַנטשלאָסענעם ווידערשטאַנד.

— ווען אונז וואָלט געלונגען איינצוהאַלטן צפת, וואָלט עס געווען אַ צעשמעטערנדיקע מאָראַלישע מפּלה פאַר די אַראַבער — האָט ארי געזאָגט.

— יעדעס מאָל ווען מיר דאַרפן אָפּגעבן אַ שאָס, קומט פאַר ביי אונז אַ דיסקוסיע צי מיר מעגן דאָס טאָן — האָט יואב זיך אָפּגערופן.

— איך האָב אַ פּלאַן — האָט ארי אויסגעשריגן.

ארי האָט באַשטימט אַ קליינע גרופּע קעמפער, וואָס זאָלן אַוועקטראָגן ביינאַכט קיין צפת עטוואָס אַמוניציע און שפּייז. דאָן איז ער מיט יואבן אַוועק אין געווער־מאַגאַזין. ער האָט דאָרטן געוויזן דעם דערשטוינטן מאַראָ־קאַנער עפּעס אַ גרויס שטיק אייזן מיט שרויפן און ריגלען.

— וואָס איז דאָס אַזוינס, צו אַלדי רוחות? — האָט ירקוני געפרעגט.

— יואב, דאָס איז אַ „דאַווידקע"!

— אַ דאַווידקע?

— יאָ, אַ „קליינער דוד", וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורכן יידישן דערפינדונגס־גייסט.

— און וואָס טוט מען מיט דעם?

— מען האָט מיר געזאָגט, אַז מען קאָן פון אים שיסן מיט גראַנאַטן, ווי פון אַ מינען־וואַרפער.

— און ווי פונקציאָנירט דאָס?

— איך האָב אַליין נישט קיין אַנונג. מיר האָבן דאָס נאָך נישט אויספּרובירט. אָבער איך האָב באַקומען ידיעות פון ירושלים, אַז ער אַרבעט זייער ווירקזאַם.

— פאַר וועמען? פאַר אונז, צי פאַר די אַראַבער?

— איך האָב געהאַלטן די „דאַווידקע" פאַר אַ ספּעציעלער געלעגנהייט. איצט גיב איך דיר דאָס אָפּ. נעם עס קיין צפת.

די גרופּע קעמפער, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אַוועקצו־טראָגן קיין צפת אַמוניציע און שפּייז, האָט מיטגענומען מיט זיך דעם „קליינעם דוד" מיט דרייסיק קילאָ אַמוני־ציע. אָנקומענדיק קיין צפת האָט יואב צונויפגערופן די קאָמאַנדירן פון „הגנה" און פלמ"ח און שעהן־לאַנג זענען זיי געשטאַנען אַרום „האַרמאַט". יעדער איינער פון זיי האָט געהאַט אַן אַנדער מיינונג.

צום סוף איז מען געפאַלן אויפן געדאַנק איינצולאַדן דעם גענעראַל סאַטערלענד. ער איז אַרויסגענומען געוואָרן פון בעט און מען האָט אים געבראַכט אין שטאַב. ער האָט באַטראַכט דעם „קליינעם דוד" מיט אַן אומנאַטירלעכער דערשטוינונג.

— נאָר אַ ייד האָט געקאָנט אויסטראַכטן אַזאַ זאַך — האָט ער זיך אָפּגערופן.

— ווי איך האָב געהערט האָט די „דאַווידקע" אויס־געהאַלטן עקזאַמען אין ירושלים — האָט יואב געזאָגט, ווי ער וואָלט זיך אַנטשולדיקט.

סאטערלענד האָט פּרובירט אַלע העבלען, ריגלען, שרייפּ־
לעך און נאָך עטלעכע שעה מייסטרעווען איז דער „מינען־
וואַרפער" דערפירט געוואָרן צו דעם, אַז מען האָט געקאָנט
אפשר טרעפן פון אים אין ציל.

צומאָרגנס איז די „דאַווידקע" ארויסגעפירט געוואָרן
אויף אַ פרייען פּלאַץ און איז אָנגעשטעלט געוואָרן אויף דער
פּאָליציי־סטאַציע און אויף אייניקע דערבייאיקע בנינים,
פון וועלכע די אַראַבער האָבן באַשאָסן די יידישע פּאָזי־
ציעס. אויך די אמוניציע צום „קליינעם דוד" איז געווען
פונקט אזוי אויסטערליש, ווי דער „מינען־וואַרפער" גופא.
זי האָט געהאט די פאָרם פון א קויל, וועמענס אייזער־
נער שפּיץ עס איז געווען אָנגעפילט מיט דינאַמיט. גענע־
ראַל סאַטערלענד האָט געהאַלטן, אַז די דאַזיקע קוילן וועלן
ווייט נישט פליען און וועלן אויפרייסן עטלעכע מעטער
פון „האַרמאַט".

— איך האָב מורא — האָט גענעראל סאטערלענד גע־
זאָגט — אַז פון די דאַזיקע שאָסן וועלן קודם־כל ליידן די
יידישע איינוווינער פון צפת.

— אויב אַזוי, לייג איך פאָר, אַז מיר זאָלן צובינדן צו
אים אַ לאַנגע און פעסטע שטריק, כדי מיר זאָלן קאָנען
שיסן פון דער ווייטנס — האָט רעמעז זיך אָפּגערופן.

— און ווי וועלן מיר צילן? — האָט יואב געפרעגט.

— עס האָט נישט קיין באַדייטונג, ווי אַזוי מען וועט
צילן פון דאַזיקן מאָנסטער — האָט גענעראַל סאַטערלענד
געזאָגט. — שטעלט דאָס אָן בלויז אין אַ געוויסער ריכטונג
און לאָמיר מתפלל־זיין, אַז אַלץ זאָל גיין גוט.

דער רב פון צפת און צענדליקער פרומע יידן מיט זייערע
פרויען און קינדער האָבן זיך אַרומגעשטעלט ארום מאָד־

נעם געוועג און לאַנג דיסקוטירט, צי דער „האַרמאַט״ באַדייט נישט פאַר זיי דער לעצטער גזר־דין. צום סוף האָט דער רב געבענטשט דאָס געווער און געבעטן רחמים ביים אויבערשטן.

— לאָמיר שוין געבן אַ שאָס און פאַרענדיקן מיט דעם — האָט רעמעז געזאָגט מיט אַ טאָן פון רעזיגנאַציע.

די יידן בראש מיטן רב האָבן זיך שנעל דערווייטערט פון אָרט און זענען אריין אין די בונקערס. אין דער לופּע פון „מינען־וואַרפער״ זענען אריינגעשטופּט געוואָרן ציג־דערס. מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקייט איז אויפגעהויבן געוואָרן איינע פון די קוילן. ביים שיס־מעכאַניזם איז צוגעבונדן געוואָרן אַ לאַנגע שטריק. דאַן האָבן אַלע אַרו־מיקע זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד.

— פייער! — האָט יואב ירקוני אויסגעשריען מיט אַ ציטערנדיקער שטימע.

רעמעז האָט אַ צי געטאָן פאַרן שטריק. און דאָ האָט פּאַסירט אַ משונהדיקע זאַך: די „דאַווידקע״ האָט געגעבן פייער! די קויל איז מיט אַ צישעריי ארויסגעפלויגן פון דער לופּע און האָט זיך בויגנאַרטיק אַ טראָג־געטאָן צום באַרג אַרויף. דאַן איז די קויל מיט אַ קראַך אריינגעפאַלן אין אַן אַראַביש הויז, נעבן דער פּאָליציי־געביידע. די קויל האָט עקספּלאָדירט מיט אַזאַ ריזן־כוח, אַז די גאַנצע שטאָט איז אויפגעטרייסלט געוואָרן. עס האָט געמאכט דעם איינדרוק, ווי אַ האַלבער באַרג וואָלט אויפגעריסן.

נאָך אַ קורצער הפסקה האָבן די יידישע פאַרטיידיקער אָנגעהויבן צו יובלען זיך ארומצונעמען און זיך קושן פאַר פרייד.

— מיין גאָט... — האָט גענעראַל סאַטערלענד געפּליס־

טערט. דאָס זענען געווען די איינציקע ווערטער, וואָס ער האָט געקאָנט ארויסברענגען פאַר איבערראשונג.

די פלמ״ח־חברים האָבן געמאַכט אַ קרייז און אָנגעהויבן צו טאַנצן אַרום דער „דאַווידקע״ אַ האָראַ.

— קומט, לאָמיר געבן אַ צווייטן שאָס!

די אַראַבער האָבן געהערט, ווי די יידן יובלען און זיי האָבן געוווּסט די סיבה דערפון. דער גערויש אַליין פון דער פליענדיקער באָמבע האָט געקאָנט אָנטרייבן אַ טויט־שרעק אויף יעדן איינעם, שוין אָפּגערעדט פון דער עקספּלאָזיע, וואָס האָט געמאַכט אויפציטערן די שטאָט. די אַראַבער האָבן זיך לגמרי נישט געריכט אויף אַזאַ פייער מצד די יידן.

יואב ירקוני האָט געמאָלדן אריין, אַז די „דאַווידקע״ האָט אַרויסגערופן ביי די אַראַבער אַ געוואַלדיקע פּאַניק. ארי האָט געפילט, אַז מען דאַרף אויסנוצן דעם מצב און ער האָט זיך אַנטשלאָסן אויף א ריזיקאַלישן פּלאַן. מיט א קליינער גרופּע קעמפער און מיט נאָך אַמוניציע פאַר דער „דאַווידקע״ איז ער ביינאַכט אַראָפּגעקומען קיין צפת.

דריי טעג נאָכן אָנקומען פון דער „דאַווידקע״ אין צפת, האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו רעגענען. ארי בן־כנען האָט אויסגענוצט דעמדאָזיקן רעגן פאַרן גרעסטן בלאָף פון באַ־פרייאונגס־קריג, אין וועלכן די פּסיכיק האָט געשפּילט די ראָל פון אַ ווירקזאַם געווער. ער האָט געבעטן רעמעזן צונויפרופן צו זיך אַלע אַראַבישע אינפאָרמאַטאָרן און ארי האָט זיי געזאָגט אין אַראַביש:

— איר זאָלט וויסן, מיינע ברידער, אַז מיר האָבן אַ געהיים וואָפן. איך קאָן אייך נישט איבערגעבן קיין גענויע פּרטים וועגן דאָזיקן וואָפן, אָבער איך וויל אייך אויפמערק־זאַם מאַכן, אַז נאָך יעדער אַטאָם־עקספּלאָזיע הויבט אָן צו

רעגענען. צי איז נאָך נויטיק צו זאָגן עפּעס מער?

אין געציילטע מינוטן האָבן אַלע אַראַבער פון צפת געוווּסט, אַז די יידן פאַרמאָגן אַן אַטאָם־באָמבע!

דער „קליינער דוד" האָט געשפּיגן מיט פייער און גלייכצייטיק האָט דער רעגן זיך פאַרוואַנדלט אין אַ וואָלקן־בראָך. מער האָבן די אַראַבער נישט געדאַרפט. עס איז אויסגעבראָכן צווישן זיי אַן אומבאַשרייבלעכע פּאַניק. צוויי שעה שפּעטער זענען אַלע שאָסייען, וואָס האָבן געפירט פון צפת, געווען פול מיט אַנטלויפנדיקע אַראַבער.

ארי בן־כנען האָט דאַן אָנגעהויבן אַן אָנגריף מיט זיינע דריי הונדערט מאַן. דאָס איז געווען אַ ספּאָנטאַנע אַטאַקע, אָבער די פאַרביטערטע אַראַבער פון צפת האָבן מיט דער הילף פון די אומרעגולערע אָפּטיילונגען אַרויס־געשטויסן די „הגנה"־מענטשן פון דער פעסטונג. די יידן האָבן געליטן שווערע פאַרלוסטן, אָבער דאָס פּאַנישע אַנט־לויפן פון די אַראַבער פון צפת האָט אָנגעהאַלטן ווייטער.

דריי טעג שפּעטער, ווען כמעט די גאַנצע אראבישע באַפעלקערונג האָט פאַרלאָזן צפת און הונדערטער פון די אומרעגולערע אָפּטיילונגען האָבן דעזערטירט, האָבן ארי בן־כנען, רעמעז און יואב דורכגעפירט אַ בעסער־צוגע־גרייטן אָנגריף און האָבן דעראָבערט די צפתער פעסטונג. איצט האָבן זיך די ראָלן געטוישט. די יידן זענען געזעסן אויבן אויפן באַרג, איבערן בנין פון דער פּאָליציי. די אַראַ־בער, וועלכע האָבן יאָרן־לאַנג אָנגעגריפן די שוצלאָזע יידישע באַפעלקערונג פון צפת, האָבן געהאַט אַ געלעגנ־הייט אָנצוהויבן אַ קאַמף, אָבער זיי האָבן געהאַלטן פאַר בעסער צו אַנטלויפן און מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט די דעראָבערונג פון דער שטאָט.

דער דאָזיקער נצחון האָט געשיינט ווי אַ נס. די יידן פון צפת, וועלכע זענען געווען אַזוי באַדראָט, אַז מען האָט געהאַלטן פאַר אומעגלעך זיי צו פאַרטיידיקן, האָבן איינגעהאַלטן די שטאָט מיט דער הילף פון עטלעכע הונדערט מאַן און מיט דער שיסעריי פון „קליינעם דוד״.

ברוס סאַטערלענד האָט זיך צוריקגעקערט צו זיין ווילע אויפן הר־כנען. די אַראַבער האָבן חרוב געמאַכט די איינ־ריכטונגען און פאַרניכטעט דעם ווונדערבאַרן רויזן־גאָרטן. זיי האָבן צעראַבירט די איינריכטונגען, ביז די טיר־קלאַמקעס, אָבער סאַטערלענד האָט זיך מיט דעם נישט איבערגענומען. מען האָט אַלץ געקאָנט צוריק פאַריכטן. צוזאַמען מיט יואב ירקוני און רעמעזן איז ער אַרויף אויף דער טעראַסע, וואָס האָט זיך געפונען הינטער דער ווילע און אַראָפּגעקוקט צו דער שטאָט. זיי האָבן געטרונקען אַ סך קאָניאַק און האַרציק געלאַכט. זיי האָבן אָבער נישט געוווסט, אַז דאָס ווילדע אַנטלויפן פון די אַראַבער פון צפת האָט דערעפנט מיט זיך א נייעם, טראגישן קאפּיטל. דאָס איז געווען דער אָנהויב פון אַזוי גערופענעם „אַראַבישן פּליטים־פּראָבלעם״.

ערגעץ־ווו איבערן גליל האָט די מאַנשאַפט פון באָמבאַרדירער „ליבערייטאָר״ געזוכט אויף דער ערד צוויי בלויע ליכט־סיגנאַלן. די דאָזיקע מאַנשאַפט איז באַשטאַנען פון פרייוויליקע יידישע לופט־פליער פון אמעריקע און דרום־אַפריקע. צום סוף זענען זיי געווען געצוווּנגען צו לאַנדן בלינד.

אַ מענגע מענטשן האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו די עראָפּלאַנען און אָנגעהויבן שנעל אויסצולאָדן דעם ערשטן

טראַנספּאָרט פון מאָדערנעם וואָפן: ביקסן, מאַשין־געווער, מינען־וואַרפערס און הונדערטער טויזנטער קוילן. אין משך פון עטלעכע מינוט איז דער „ליבערייטאָר״ געווען אויס־געליידיקט. דער טראַנספּאָרט איז אויפגעלאָדן געוואָרן אויף לאסט־אויטאָס, וועלכע זענען שנעל אָפּגעפאָרן אין פאַרשידענע ריכטונגען. אין די קיבוצים זענען געשטאַנען גרייט די גדנ״עים, וועלכע האָבן געדארפט אָפּרייניקן דאָס געווער און עס אָפּפירן צו די קעמפנדיקע ישובים. דער עראָפּלאַן האָט זיך אויפגעהויבן און איז אָפּגעפלויגן קיין אייראָפּע, כדי צו ברענגען ווייטערדיקע געווער־טראנספּאָרטן.

צומאָרגנס איז געקומען אַ בריטישע קאָמאַנדע, כדי דורכצופירן אַן אונטערזוכונג, ווייל די אַראַבער האָבן מיטגעטיילט, אַז זיי האָבן געהערט דעם גערויש פון עראָפּלאַן־מאָטאָרן. די ענגלענדער האָבן נישט געפונען די מינדסטע שפור פון אַן עראָפּלאַן און זיי זענען געווען איבערצייגט, אַז ביי די אַראַבער האָט זיך צעשפּילט די פאַנטאַזיע.

נאָכדעם ווי עס איז אָנגעקומען דער פערטער און פינפ־טער געווער־טראַנספּאָרט האָבן די יידן אָנגעהויבן אָפּצור־האלטן איין זיג נאָכן אנדערן. מען האָט דעראָבערט די שטאָט טבריה, די טאָגערט־באַפעסטיקונג און מען האָט אָפּגעשטויסן די אָנגריפן פון די אומרעגולערע איראַקישע מיליטער־אָפּטיי־לונגען.

מיטן פאַלן פון צפת האָבן די יידן אָנגעהויבן זייערע ערשטע קאָאָרדינירטע אָפענסיוועס. די אקציע, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „דער אייזערנער בעזים״ האָט געהאַט פאַר אַ ציל אָפּצורייניקן דעם גאַנצן גליל פון די פיינטלעכע

דערפּער. דזשיפּן, באַוואָפּנטע מיט מאַשין־געווער, האָבן זיך אַריינגעריסן אין די דערפער און פאַרטריבן פון דאָרטן די אַראַבער. דאָס פאָלק פון צפת האָט איינגעבראָכן די מאָראַל פון די אַראַבער און דער דאָזיקער פּסיכאָלאָגישער מאָמענט האָט באַאיינפלוסט דעם דערפאָלג פון דער אַקציע.

נאָכדעם ווי די יידן האָבן אָפּגעהאַלטן אַ ריי נצחונות און עס איז פאַר זיי קלאָר געוואָרן, אַז זיי זענען אימשטאַנד דורכצופירן א דערפאָלגרייכע אָפענסיווע, האָבן זיי באַשלאָסן צו דעראָבערן דעם לעבנסוויכטיקן פּאָרט חיפה. די „הגנה" האָט אָנגעגריפן פון פיר ריכטונגען. די אַראַבישע מחנות, וואָס זענען באַשטאַנען פון מאָביליזירטע אין ארץ־ישראל, ווי אויך פון סירישע, לבנונישע און איראקישע זעלנער, האָבן געשטעלט אַ העפטיקן ווידערשטאַנד. עס איז זיי אַפילו געלונגען צונישט צו מאַכן דעם אָנגריף. די ענגלענדער, וועלכע האָבן נאָך אַלץ קאָנטראָלירט דעם ראַיאָן פון פּאָרט, האָבן אייניקע מאָל זיך געווענדעט וועגן איבעררייסן די קאמפן, כדי אָפּצושטעלן די יידישע אָנגריפן. זיי האָבן אַפילו דערביי אָפּגענומען פון די יידן אייניקע וויכטיקע פּאָזיציעס, וואָס זענען אויסגעקעמפט געוואָרן מיט שווערע פאַרלוסטן. די אַראַבער האָבן אויסגעהאַלטן דעם סיסטעמאַטישן יידישן דרוק, אָבער ווען די אַקציע האָט דערגרייכט איר הויכפּונקט, איז דער אראבישער קאָמאנדיר, צוזאַמען מיט זיין גאַנצן שטאַב, אין געהיים אַנטלאָפן. דער אַראַבישער ווידערשטאַנד האָט זיך פולשטענדיק איינגעבראָכן. ווען די יידן זענען אַריינגעדרונגען אין אַראַבישן ווויִן־קוואַרטאַל, האָבן די ענגלענדער ווידער גערופן צו אַ פייער־איבערייס.

צו יענער צייט האָט פּאסירט אַן אויסטערלישע זאַך.

די אַראַבער האָבן פלוצלונג דערקלערט, אַז די גאַנצע אַראַ־בישע באַפעלקערונג פון חיפה וויל פאַרלאָזן די שטאָט. עס איז געווען אויסטערליש צו זען, ווי די גאַנצע אַראַבישע באַפעלקערונג שטראָמט צו דער לבנונישער גרענעץ, בעת קיינער האָט זיי נישט געטריבן דערצו.

עכו, ווו עס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אַ סך אַראַבישע פליטים, איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון „הגנה״ נאָך אַ שוואַכן אַראַבישן ווידערשטאַנד, וואָס האָט געדויערט בלויז דריי טעג. אויך אין יפו האָבן די אראבער אָנגעהויבן צו אַנטלויפן. אין ירושלימער קאָרידאָר איז אבדול קאַדאַרן געלונגען אָפּצושטויסן די יידן פון באַרג קאַסטעל, אָבער די „הגנה״ און פלמ״ח האָבן ווידער פאַרטריבן די אראבער פון דער פעסטונג אויפן באַרג. קאַדאַר האָט געמאַכט אַ פּרווו אויפסניי צו דעראָבערן דעם קאַסטעל, אָבער בעתן דאָזיקן פּרווו איז ער דערהרגעט געוואָרן. דער פאַרלוסט פון איינ־ציקן, באמת פעאיקן קאָמאַנדיר, איז געווען א שווערער קלאַפּ פאַר די דעמאָראַליזירטע אַראַבער.

און דאַן איז געקומען דער חודש מאַי 1948. בלויז צוויי וואָכן זענען געבליבן צו דער ענדגילטיקער עוואַקואַציע פון בריטישן מיליטער. ביי די גרענעצן פון ארץ־ישראל זענען געשטאַנען די מיליטערישע אָפּטיילונגען פון סיריע, תימן, לבנון, ירדן, מצרים, סאוד־אַראַביע און איראַק, גרייט אַריינ־צודרינגען אין לאַנד און נקמה־נעמען אין די יידן. אַזוי אַרום איז געקומען די שעה פון דער אַנטשיידונג: פּראָקלאַמירן מדינת ישראל, אָדער נישט פּראָקלאַמירן.

# קאפיטל 8

אין דער צייט פון נאָוועמבער 1947 ביז מאַי 1948 האָבן די יידן אין ארץ־ישראל באַוויזן דער וועלט אַ געוואַלדיקן מוט, קעגנשטעלנדיק זיך דעם ריזיקן שונא. אין משך פון דער דאָזיקער תקופה האָט זיך די „הגנה" פאַרוואַנדלט אין אַ רעגולערער אַרמיי. זי האָט אויסגעבילדעט ווייטערדיקע זעלנער און אָפיצירן, און אָרגאַניזירט קאָמאַנדיר־שטאָבן, פאַרזאָרגונגס־לאַגערן און טראַנספּאָרט־קאָלאָנעס. די „הגנה" האָט שוין פאַרמאָגט א לופט־פלאָט. די מאנשאפטן פון די עראָפּלאַנען זענען באַשטאַנען פון יידן וואָס האָבן געדינט בעתן קריג אין אמעריקאנישן, בריטישן אָדער דרום־אפרי־קאַנישן לופט־פלאָט. גלייכצייטיק איז אויסגעברייטערט גע־וואָרן דער ים־פלאָט.

די יידן האָבן אָנגענומען די ארויספאָדערונג פון שונא. זיי האָבן זיך אָבער גלייכצייטיק אָפּגעגעבן אַ רעכענונג דערפון און ביז איצט האָבן זיי געפירט נאָר אַ קליינע מלחמה קעגן אַ קעגנער, וואָס האָט נישט געהאַט קיין גרויסן ווילן צו קעמפן. וואָס אַן אמת האָט דאָס לייכטע געווער, וואָס איז געבראכט געוואָרן פון אייראָפּע, געהאָלפן די יידן צו באַזיגן די אַראַבער פון ארץ־ישראל און קאוקאַדזשיס אומרע־גולערע אָפּטיילונגען, אָבער איצט, ווען עס האָט זיך דער־נענטערט די שעה פון אַנטשיידונג, איז פאַר די יידן קלאָר געוואָרן, אַז זיי וועלן נישט קאָנען מיטן דאָזיקן לייכטן גע־ווער אויפנעמען א קאמף קעגן רעגולערע ארמייען, וואָס זענען אויסגעשטאַט מיט טאַנקן און שווערער אַרטילעריע און דיספּאָנירן מיט אַ מאָדערנעם לופט־פלאָט.

די אַלע, וואָס האָבן געגלויבט, אַז די אַראַבישע מדינות מאַכן דעם אָנשטעל פון מלחמה־צוגרייטונגען, האָבן אַ טעות געהאַט. דער „אַראַבישער לעגיאָן", וואָס האָט זיך געפונען אין ארץ־ישראל אלס „בריטישער פּאָליציי־כוח" האָט אָנגע־הויבן אַן אַקציע קעגן די ישובים פון גוש עציון. די זעלבער פון „לעגיאָן", אונטער אַ בריטישער אָנפירונג, האָבן באַמ־באַרדירט אָן רחמנות די פיר ישובים און זיי אָפּגעשניטן פולשטענדיק פון די איבעריקע ישובים אין לאַנד.

דער ערשטער אָנגריפס־ציל פון לעגיאָן איז געווען דער קיבוץ כפר עציון. די קיבוץ־מיטגלידער, פרומע יידן, האָבן געקעמפט ביז דער לעצטער קויל און ערשט דאַן, ווען עס האָט זיך אויסגעלאָזן זייער אַמוניציע, האָבן זיי זיך אונטער־געגעבן. די אַראַבער פון די דערפער, וואָס זענען געגאַנגען הינטערן „לעגיאָן" האָבן זיך ארייַנגעריסן אין קיבוץ און אַלעמען אויסגעשאָכטן. די „הגנה" האָט זיך תיכף געווענדעט מיט אַן אַפּעל צום אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ, אַז ער זאָל נעמען די אויפזיכט איבער דער קאַפּיטולאַציע פון די איבעריקע דריי ישובים פון גוש עציון. נאָר אַדאַנק דעם דאָזיקן שריט, איז פאַרמיטן געוואָרן אַ צווייטע בלוט־באָד.

אויך אין דער סביבה פון ים המלח האָט דער „אַראַבישער לעגיאָן" אָנגעגריפן דעם קיבוץ בית הערבה. דאָס איז דער נידעריקסטער לאַנדווירטשאַפטלעכער פונקט אויף דער וועלט. זומער־צייט דערגרייכט דאָרט די טעמפּעראַטור איבער פופ־ציק גראַד אין שאָטן. אויפן דאָזיקן באָדן האָט נאָך קיינמאָל נישט געוואַקסן קיין שום פלאַנץ. די יידן האָבן באַאַרבעט דעם באָדן, דונאַם נאָך דונאַם, און אין מיזאַמער אַרבעט האָבן זיי אים פאַרוואַנדלט אין אַ בליענדיק פעלד. היות דער נאָענטסטער יידישער ישוב האָט זיך געפונען אויף אַ מרחק

פון הונדערט מייל, און די כוחות פון שונא זענען געווען אַ סך גרעסער, האָבן די מיטגלידער פון בית הערבה זיך אונטערגעגעבן דעם „אַראַבישן לעגאָן״. איידער זיי האָבן פאַרלאָזן דאָס אָרט האָבן די יידן פאַרברענט זייערע הייזער און די פעלדער. די אַראַבער האָבן ענדלעך זוכה־געווען צו אַ זיג. זיי האָבן פאַרנומען בית הערבה און גוש עציון.

אין דער נאַכט פון 13־טן מאַי 1948 האָט דער בריטישער הויך־קאָמיסאַר פאַרלאָזן דאָס באַלאַגערטע ירושלים. די ענג־לישע פאָן, וואָס האָט געפלאַטערט אין דער דאָזיקער שטאָט ווי א סימבאָל פון מיסברויך מיט דער מאַכט, איז אויף אייביק אַראָפּגענומען געוואָרן פון מאַשט.

14 מאַי, 1948.

אין תל־אביב האָבן זיך פאַרזאַמלט די מיטגלידער פון פאָלקס־ראַט אין הויז אויפן נאָמען פון פאַרשטאָרבענעם מאיר דיזענגאָף, דעם ערשטן בירגערמייסטער פון דער שטאָט. מחוץ דעם בנין האָבן פּאָליציסטן, באַוואָפנטע מיט אויטאָמאַטן, אָפּגעשטויסן די אויפגערעגטע מאסן, וועלכע האָבן אומגעדולדיק געוואַרט ביים אריינגאנג. אין קאיר, ניו־יאָרק, ירושלים, פּאַריז, לאָנדאָן און וואַשינגטאָן האָבן די מענטשן געווענדעט זייערע בליקן צום דאָזיקן הויז.

— „קול ישראל״ — האָט זיך דערהערט די לאַנגזאַמע און ערנסטע שטימע פון ראַדיאָ־ספּיקער. — מיר האָבן נאָר וואָס דערהאַלטן דעם טעקסט פון דער מגילה פון ישראלס אומאָפּהענגיקייט, וועלכע מיר וועלן איצט פאַר אייך איבער־לייענען!

— שטיל, קינדער! — האָט אין דער דאָזיקער מינוט

באַפוילן ד״ר ליבערמאַן אַ גרופּע קינדער, וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט אין זיין וווינונג נעבן ראַדיאָ־אַפּראַט.

— אין ארץ־ישראל — האָט זיך דערהערט די שטים פון ספּיקער — איז אויפגעקומען דאָס יידישע פאָלק. דאָ איז געפורעמט געוואָרן זיין גייסטיקע, רעליגיעזע און פּאָליטישע געשטאַלט. דאָ האָט ער געלעבט אַ מלוכהש לעבן. דאָ האָט ער געשאַפן אלמענטשלעכע, קולטורעלע און נאַציאָנאַלע ווערטן, און האָט איבערגעוויזן דער גאַנצער וועלט דעם אייביקן ספר הספרים, דעם תנ״ך.

ברוס סאַטערלענד און יואב ירקוני האָבן איבערגעריסן די שאַך־פּאַרטיע, וואָס זיי האָבן געשפּילט אין האָטעל פון רעמעזן אין צפת און האָבן צוזאַמען אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט צו די רייד פון ספּיקער.

— נאָך דעם ווי דאָס פאָלק איז פאַרטריבן געוואָרן מיט כוח פון זיין לאַנד, איז עס אין אַלע גלות־לענדער געבליבן טריי זיין מדינה און האָט נישט אויפגעהערט מתפלל צו זיין און צו האָפן אויף אַ צוריקקער צו זיין לאַנד און צו באַנייען דאָרטן זיין פּאָליטישע פרייהייט.

אין פּאַריז איז געזעסן נעבן ראַדיאָ־אַפּאַראַט ברק בן־כנען און די אַקטיוויסטן פון ישוב, און זיך צוגעהערט מיט גערירטקייט צו די ווערטער פון דער אומאָפּהענגיקייטס־דעקלאַראַציע.

— אין משך פון הונדערטער יאָרן זענען די יידישע הערצער פול געווען מיט בענקשאַפט צום לאַנד פון זייערע אבות און שטענדיק געשטרעבט ווידער זיך צו פאַרוואַנדלען אין אַ נאַציע. אין די לעצטע דורות האָבן מאַסן יידן זיך צוריקגעקערט אין זייער לאַנד. זיי האָבן פּרוכטבאַר געמאַכט דעם מדבר, האָבן אויפגעלעבט די העברעאישע שפּראַך,

האָבן אויפגעבויט דערפער און שטעט און האָבן געשאַפן אַ גרויסן ישוב מיט אַן אייגענעםווירטשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן, זיי זענען געקומען אַהער זוכנדיק שלום, אָבער זענען געווען אַנטשלאָסן צו פאַרטיידיקן זייער לעבן. זיי האָבן געבראַכט די ברכה פון פראָגרעס פאַר אַלע איינוווינער פון לאַנד.

אין צפת האָבן צו די ווערטער זיך צוגעהערט אויך די מקובלים, וועלכע האָבן געזען אין זיי אַ דערפילונג פון די אַלטע נביאות. עס האָבן זיך צוגעהערט די מידע פלמ״ח־חברים אין ירושלימער קאָרידאָר און אין די אָפּגעשניטענע, באַלאַגערטע ישובים פון נגב.

— ...דאָס דאָזיקע רעכט איז אנערקענט געוואָרן אין דער באַלפור־דעקלאַראַציע פון 2־טן נאָוועמבער 1917 און איז באַשטעטיקט געוואָרן דורכן מאַנדאַט פון דער פעלקער־ליגע, וואָס האָט באַקומען אַן אויסדריקלעכע אינטערנאַציאָנאַלע אָנערקענונג פון היסטאָרישן בונד צווישן יידישן פאָלק און ארץ־ישראל...

דוד בן־עמי איז שנעל אריינגעלאָפן אין ביורא פון קאָמאַנדיר אין קיבוץ עין־אור. ארי האָט אים מיט אַ פינגער געוואָרנט ער זאָל שווייגן און אים אָנגעוויזן אויפן ראַדיאָ־אַפּאַראַט.

— ...די קאַטאַסטראָפע, אין רעזולטאַט פון וועלכער מיליאָנען אייראָפּעאישע יידן זענען געפאַלן אַלס קרבן, האָט אויפסניי באַוויזן די נויטווענדיקייט...

שרה בן־כנען האָט זיך צוגעהערט צו דער דעקלאַראַציע זיצנדיק אין יד־אלביים ראַדיאָ־אפאראט, זי האָט זיך דערביי דערמאָנט דעם ערשטן טאָג, ווען זי האָט דערזען ברקן, רייטנדיק אויף אַ ווייסן אַראַבישן פערד אין ראש־פינה.

— ...דורך באַנייען די יידישע מדינה אין ארץ־ישראל, וועמענס טויערן עס וועט שטיין אָפן פאַר אַלע יידן און וועט געבן דעם יידישן פאָלק דעם סטאַטוס פון אַ גלייכבאַ־רעכטיקן מיטגליד אין דער משפחה פון די פעלקער...

דב און קארען זענען שווייגנדיק געזעסן אין עס־צימער. זיי האָבן זיך געהאַלטן פאַר די הענט און מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם זיך צוגעהערט צו דער שטימע, וואָס האָט זיך גע־טראָגן פון מיקראָפאָן.

...אין דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט די יידישע באַ־פעלקערונג פון ארץ־ישראל געגעבן איר גרויסן צושטייער צום קאַמף... דעם 29־טן נאָוועמבער 1947 האָט די גענעראַל־פארזאמלונג פון די פאַראייניקטע נאַציעס באַשלאָסן צו שאפן א יידישע מדינה אין ארץ־ישראל. קיינער קאָן נישט צו־נעמען ביים יידישן פאָלק דאָס רעכט אויף מלוכהשער אומ־אָפּהענגיקייט. דאָס איז די נאַטירלעכע רעכט פון יידישן פאָלק צו זיין גלייך מיט אַלע פעלקער, אַ רעכט אויף מלו־כהשער סוווערעניטעט.

...מיר פּראָקלאַמירן דערמיט די אַנטשטייאונג פון אַ יידי־שער מדינה אין ארץ־ישראל — מדינת ישראל.

קיטי פרעמאנט האָט געפילט, ווי דאָס האַרץ קלאַפּט איר שטאַרקער ווי געוויינלעך. ירדנה האָט א גליקלעכע גע־שמייכלט.

— ...מדינת ישראל וועט זיין אָפן פאַר אַ יידישער עליה און פאַר קיבוץ גלויות. זי וועט זאָרגן פאַר דער אַנטוויקלונג פון לאַנד לטובת אַלע אירע איינוווינער, זי וועט זיך שטיצן אויפן יסוד פון פרייהייט, גערעכטיקייט און שלום, אין ליכט פון דער וויזיע פון נביאי ישראל. זי וועט רעאַליזירן די גלייכבאַרעכטיקונג פון אַלע אירע בירגער, אָן אונטערשייד

פון רעליגיע, ראסע און געשלעכט. זי וועט גאַראַנטירן די פרייהייט פון רעליגיעזן און קולטורעלן לעבן און זי וועט זיין טריי די פּרינציפּן פון אונא־טשאַרטער. מיר רופן אויך אין ברען פון בלוטיקן קאַמף, וואָס איז אונז אָנגעוואָרפן געוואָרן זינט חדשים, צום אַראַבישן פאָלק, וואָס באַוווינט מדינת ישראל, אָפּצוהיטן דעם שלום און זיך צו באַטייליקן אין בוי פון דער מדינה אויפן יסוד פון פולער בירגערלע־כער גלייכהייט און אויפן יסוד פון אַנטשפּרעכנדער פאָר־שטייערשאַפט אין אַלע צייטווייליקע און סטאַבילע אינסטאַנצן. מיר שטרעקן אויס אַ האַנט פון שלום און פון גוטער שכנה־שאַפט צו אַלע מדינות, וואָס גרענעצן זיך מיט ישראל, און רופן זיי צו מיטארבעט... אין בטחון אויפן צור ישראל שרייבן מיר אונטער מיט די אייגענע הענט די דאָזיקע דעקלאראציע, אויף דער זיצונג פון צייטווייליקן מדינה־ראַט, אויף דער ערד פון היימלאַנד, אין דער שטאָט תל־אביב, ערב שבת, ה׳ אייר תש״ח, 14 מאי 1948.

מדינת ישראל איז אַנטשטאַנען און באַנייט געוואָרן נאָך צוויי טויזנט יאָר. אַמעריקע איז געווען די ערשטע מדינה אויף דער וועלט, וועלכע האָט עטלעכע שעה נאָכן פאַרעפנטלעכן די דעקלאַראַציע אנערקענט דורך דער פאָר־מיטלונג פון פּרעזידענט האַרי טרומען די ניי־געשאַפענע יידישע מדינה.

די מאַסן מענטשן אויף די גאַסן פון תל־אביב האָבן אין א פריידיקן אויסברוך גענומען טאַנצן און זינגען, אָבער אין דער זעלבער שעה זענען צו דער דאָזיקער שטאָט אָפּגעפלויגן מצרישע באָמבאַרדירער, כּד זי צו פאַרניכטן, און די אַרמייען פון דער אַראַבישער וועלט האָבן איבערגעשריטן די גרע־נעצן פון דער ניי־געבוירענער מדינה.

## קאפיטל 9

די מצרים האָבן קאָנצענטרירט זייערע אָפּטיילונגען אין בית־לחם און אָנגעגריפן דעם קיבוץ רמת רחל. די קיבוץ־חברים האָבן זיך פאַרטיידיקט, אָבער זיי זענען געווען געצווונגען זיך צוריקציען אין דער ריכטונג פון ירושלים. דאָרטן האָט זיך אָנגעשלאָסן אַ פאַרשטאַרקונג פון „הגנה". זיי האָבן זיך צוריקגעקערט און פאַרטריבן די מצרים פון קיבוץ רמת רחל.

### ירושלים

ווען די ענגלענדער האָבן פאַרלאָזן ירושלים האָט די „הגנה" שנעל באזעצט די עוואקואירטע וווין־קוואַרטאַלן און האָט אָנגעהויבן אַן אַנגריף אויף די ראַיאָנען, וואָס זענען געווען פאַרנומען דורך קאוקאַדזשיס אומרעגולערע אָפּ־טיילונגען. מען האָט געקעמפט פאַר יעדער איינצלנער גאַס. די „הגנה" האָט געשטרעבט צו פארנעמען דעם אַראַבישן וווין־ראַיאָן, וואָס האָט אָפּגעטיילט צווישן הר הצופים און די יידן אין ניי־ירושלים. נאָך דעם זענען זיי געווען בכוח צו פאַרנעמען די ירושלימער אלט־שטאָט, אָבער פּאָליטישע מאָמענטן, ווי אויך די זאָרג פאַר די הייליקע ערטער, האָבן באַוויגן די „הגנה" נישט צו פאַרנעמען די אלט־שטאָט, הגם דאָרטן האָבן געוווינט טויזנטער פרומע יידן.

אויף דער ביטע פון די מאָנאַכן האָבן די יידן זיך צוריק־געצויגן פון אַן אָבסערוואַציע־טורעם אין אַן אַרמעני־שער

קירך, וואָס האָט זיך געפונען אויפן שטח פון דער אַלט־שטאָט. ווי נאָר אָבער די יידן האָבן פאַרלאָזן דאָס אָרט, האָבן זיך דאָרטן אַריינגעריסן די אומרעגולערע אַראַבישע אָפּטיילונגען. די יידן זענען טראָץ דעם געווען איבערצייגט, אז אויך די אראבער וועלן נישט וואַגן אָנצוגרייפן די אלט־שטאָט, ווו עס געפינען זיך הייליקע ערטער פון דריי וועלט־רעליגיעס. די יידן האָבן אָבער א טעות־געהאט. גלאָב פּאַשאַ, דער ענגלישער קאָמענדאַנט פון אַראַבישן לעגיאָן, האָט פייערלעך פאַרזיכערט, אַז דער לעגיאָן וועט זיך צוריקציען קיין ירדן, ווי נאָר די ענגלענדער וועלן עוואַקואירן ארץ־ישראל. ווען די ענגלענדער האָבן אָבער פאַרלאָזן ירושלים, האָט גלאָב פּאַשאַ געבראָכן זיין וואָרט, און דער לעגיאָן האָט זיך אריינגעריסן אין דער ירושלימער אַלט־שטאָט. די פאַרטיידיקונג פון דער פאַרשטאָט, וואָס פאַרבינדט ניי־ירושלים מיטן הר־הצופים, איז איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון די „מכבים". דער לעגיאָן האָט אָבער פאַרנומען דעם דאָזיקן ווויין־קוואַרטאַל און די יידישע כוחות אויפן הר־הצופים זענען געבליבן איזאָלירט. און דאַן האָט גלאָב פּאַשאַ געגעבן אַ באַפעל אָנצוגרייפן די אַלט־שטאָט!

## ירושלימער קאָרידאָר

די פאַרביטערטסטע קאַמפן פון גאַנצן קריג זענען פאָרגעקומען אויפן שאָסיי ירושלים—תל־אביב. די מענטשן פון פלמ"ח האָבן אָפּגערייניקט מער ווי אַ האַלבן טוץ אַראַבישע פּאָזיציעס אויף די בערג פון יהודה. דעם קאַסטעל האָבן זיי פעסט געהאַלטן אין די הענט און אַפילו אָנגעגריפן דאָס אָרט צובא, כדי צו האַלטן אָפן דעם וועג קיין ירושלים.

דערנאָך האָט פּאַסירט אַ פאַל, וואָס האָט געוואָרפן אַ פלעק אויפן גוטן נאָמען פון די יידישע קעמפער. די פאַ־

טיידיקונג פון אַראַבישן דאָרף דיר יאַסין איז איבערגעגעבן געוואָרן צו די „מכבים". א געוויסן טאָג איז צווישן די „מכבים" אויסגעבראָכן א פּאַניק און זיי האָבן אָנגעהויבן א ווילדע און גרונטלאָזע שיסעריי. דערביי זענען אויסגעהרגעט געוואָרן צוויי הונדערט אַראַבער. די דאָזיקע שחיטה האָט ארויסגערופן אַ שטאַרקן ווידערווילן לגבי די „מכבים" מצד דעם גאַנצן יידישן ישוב.

פארן עוואקואירן ארץ־ישראל האָבן די ענגלענדער איבערגעגעבן אין די הענט פון די אַראַבער די טאגערט־באַפעסטיקונג אין לאַטרון, ווו עס האָט זיך פריער געפונען די גרויסע בריטישע תפיסה פאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע און ווו עס זענען אויך געזעסן אַלע מנהיגים פון יידישן ישוב. די פעסטונג אין לאַטרון האָט געהערשט איבערן גאַנצן וועג און האָט פאַרלייכטערט די אַראַבער צו בלאָקירן דעם צוגאַנג צו ירושלים. לאַטרון איז דעריבער געוואָרן איינער פון די וויכטיקסטע קאמפּס־צילן פון דער הגנה. כדי צו דעראָבערן די באַפעסטיקונג איז אויף שנעל געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלע בריגאַדע, וואָס איז דער עיקר באַשטאַנען פון פּליטים, וועלכע זענען געקומען פון ציפּערן און פון די אייראָפּעאישע לאַגערן. די אָפיצירן פון דער בריגאַדע זענען נישט געווען גענוג מיליטעריש אויסגעשולט פאַר אַזאַ וויכטיקער אקציע. דער אָנגריף קעגן לאַטרון האָט זיך אָנגעהויבן ביינאַכט, אָבער ער איז געווען שלעכט פּלאַנירט און איז נישט דורכגעפירט געוואָרן ווי געהעריק. דער „אַראַבישער לעגיאָן" האָט לייכט אָפּגעשטויסן דעם אָנגריף.

די בריגאַדע האָט געמאַכט נאָך צוויי פּרוּוון, אָבער זיי זענען אויך דורכגעפאַלן. שפּעטער איז געקומען צו הילף

אַ פּלמ״ח־גרופּע און לאַטרון איז טיילווייז איינגענומען געוואָרן.

דער געוועזענער אַמעריקאַנער פּאָלקאָווניק מיקי מאַר־קוס, וועלכער האָט זיך באַנוצט מיטן נאָמען סטאָון, איז אַריינגעטראָטן אין דער ישראל־אַרמיי. מען האָט אים אַוועק־געשיקט אין ירושלימער קאָרידאָר, וווּ זיינע מיליטערישע פעאיקייטן און דערפאַרונגען זענען געווען זייער נויטיק. אין משך פון אַ קורצער צייט איז אים געלונגען צו רעאָרגאַני־זירן דעם טראַנספּאָרט און אויפצושטעלן קאָמפּס־פעאיקע גרופּן. אָבער דאָ האָט פּאַסירט אַן אומגליק: מארקוס איז אומגעקומען.

ירושלים איז געבליבן בלאָקירט.

## חולה־טאל — ים כנרת

די סירישע אַרמייען זענען אריינגעדרונגען קיין ארץ־ישראל פון מזרח־זייט פון ים כנרת און פון ירדן. די ערשטע קאָלאָנע פון די סיריער האָט זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון די עלטסטע ישובים אין לאנד: דגניה א׳ און דגניה ב׳. די יידן האָבן דאָרטן געהאַט זייער ווייניק מענטשן און מען האָט יעדן טאָג געפירט די קליינע צאָל קעמפער אויף לאַסט־אויטאָס פון טבריה צו די ישובים און צוריק, כדי צו שאפן ביי די סיריער דעם איינדרוק, אז די יידן ברענגען פאַרשטאַרקונגען.

צוערשט האָבן די סיריער אָנגעגריפן דגניה א׳. די פאַר־טיידיקער האָבן געלאָזט אַריינפאָרן די סירישע טאַנקען אין ישוב און דאַן האָט מען זיי אָנגעהויבן צו פאַרניכטן. די סירישע פוסגייער, וואָס האָבן זיך באַוועגט הינטער די טאַנקען, זענען אַנטלאָפן אין בהלה.

די צווייטע סירישע קאָלאָנע האָט אָנגעגריפן א סך דרום־

דיקער, אין טאָל בית־שאן. עס איז זיי געלונגען צו דעראָ־ בערן די ישובים שער־הגולן און מסדה, ווען די יידישע קעמ־ פער זענען אַרויס אין אַ קעגן־אָנגריף, האָבן די סיריער פולשטענדיק פאַרברענט דיביידע ישובים, האָבן אויסגע־ רויבט אַלץ, וואָס עס האָט זיך געלאָזן און זענען אַנטלאָפן.

די דריטע סירישע קאָלאָנע איז אַריבער דעם ירדן־טייך און אריינגעדרונגען אין חולה־געביט, וואָס האָט זיך גע־ פונען אונטער דער קאָמאַנדשאַפט פון ארי בן־כנען. די סיריער האָבן דעראָבערט משמר הירדן, דאַן האָבן זיי זיך גענומען גרייטן צו פאַרכאַפן דעם צענטער פון חולה־טאָל, כדי זיך צו פאראייניקן מיט די אומרעגולערע אָפטיילונגען פון קאוקאדזשי. אָבער יד־אל, איילת־השחר, כפר סולד, דן און די איבעריקע ישובים האָבן זיך העלדיש קעגנגעשטעלט און צונישט געמאַכט די סירישע דערפאָלגן.

ארין איז געלונגען נישט צו דערלאָזן צו דעם, אַז די אַראַבישע כוחות זאָלן זיך פאַראייניקן און דאַן האָבן די סיריער באַשלאָסן צו קאָנצענטרירן זייער גאַנצן כוח קעגן איין קיבוץ. דער ציל פון זייער אָנגריף איז געווען עין־ גב, אויפן מזרח־ברעג פון ים־כנרת, ווו עס פלעגן פאָרקו־ מען די באַקאַנטע ווינטער־קאָנצערטן. די סיריער האָבן פארכאפט די בערגלעך, וואָס האָבן ארומגערינגלט עין־גב פון אלע דריי זייטן. די פערטע זייט איז געווען דער ים כנרת. דער ישוב איז געווען פולשטענדיק אָפגעשניטן. די איינציקע פאַרבינדונג איז אָנגעהאַלטן געוואָרן ביינאַכט מיט דער הילף פון אַ שיף, וואָס איז געקומען פון טבריה.

די סיריער האָבן אומברחמנותדיק באָמבאַרדירט דעם קי־ בוץ און פאַרניכטעט אַלע הייזער. די קיבוץ־מיטגלידער זע־ נען געווען געצוווּנגען צו לעבן אין די בונקערס, ווו מען

האט פּאַב—עצט די שול־אַרבעט. ביינאַכט האָט מען באַ־אַרבעט די פלענער. דער אויסדויער פון די פאַרטיידיקער פון עין־גב האט געקאַנט פאַרגליכן ווערן נאָר מיטן אויס־דויער פון די קיבוץ־חברים אין נגבה.

נאָך א וואָכן־לאנגער ארטילעריע־צוגרייטונג זענען די סיריער צוגעטראָטן צום דעראָבערן דעם קיבוץ. דער סירי־שער אָנגריף האט זיך איינגעבראָכן נאָך אַ ריי פאַרביסענע קאַמפן. עין־גב — און מיט דעם אויך די פאָדערונג פון יש־ראל אויף ים כנרת — איז זיגרייך פאַרטיידיקט געוואָרן.

## השרון, תל־אביב, דער דרייעק

דער אויסגעצויגענער שטח אין שומרון, ביי וועמענס דריי עקן עס ליגן די ריין־אַראַבישע שטעט ג'נין, טול־כרם און שכם, ווערט אָנגערופן „דער דרייעק". די שטאָט שכם, וואָס האָט פריער געדינט אַלס שטיץ־פונקט פאַר קאַוקאַ־דזשיס אומרעגולערע אָפּטיילונגען, איז איצט געוואָרן די הויפּט־באַזע פאַר די איראַקישע אַרמייען, וועלכע האָבן געמאכט א פרווו אריבערצוגיין דעם ירדן און אריינדרינגען אין טאָל בית־שאן. די איראַקער האָבן אָבער באַקומען שווערע קלעפּ פון די יידן און זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן אין אראבישן טייל פון שומרון.

תל־אביב האָט אין דער זעלבער צייט געמוזט אויסשטיין אַ סך אָנפליען פון מצרישן לופט־פלאָט ביז זי האָט באַקו־מען אַנטי־אַוויאציע אַרטילעריע. די מצרישע לופט־אָנפאַלן האָבן שוין נישט געגעבן קיין שום רעזולטאַטן, אָבער די קאַירער פרעסע איז געווען פול מיט באַשרייבונגען ווי אַזוי די שטאָט איז פולשטענדיק פאַרניכטעט געוואָרן פון די מצרישע באָמבעס.

מיט דער צייט האָבן די יידן אויך אריינגעפירט אין דער

־אַנגריפן

אַקציע אייגענע עראָפּלאַנען און די מצרישע ׳
זענען אָפּגעשטעלט געוואָרן.

## מערב־גליל

קאוקאַדזשיס אומרעגולערע אָפּטיילונגען האָבן אין משך פון זעקס חדשים נישט דעראָבערט אַפילו קיין איין יידישן ישוב. קאוקאַדזשי האָט אריבערגעטראָגן זיין שטאָב נעבן נצרת, ווו ער האָט געוואַרט אויף דער פאַראייניקונג פון די סירישע, לבנונישע און איראַקישע כוחות, וואָס איז אָבער קיינמאָל נישט צושטאַנד געקומען.

דער גרעסטער טייל פון מערב־גליל איז אָפּגערייניקט געוואָרן נאָך איידער די אַראַבישע אינוואַזיע האָט זיך אָנגעהויבן. נאָכן פאַרנעמען די שטאָט עכו האָבן די יידן באַהערשט דאָס גאַנצע געביט ביז צו דער לבנונישער גרענעץ.

דער אָנגעזאָגטער גרויסער „פּלאַן" פון די אַראַבער צו פאַרניכטן די יידן האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ שענדלעכער מפּלה. די ניי־אַנטשטאַנענע יידישע מדינה האָט צונישט געמאַכט די אַראַבישע אינוואַזיע. אומעטום, אויף דער גאַנצער וועלט, האָבן די מיליטערישע ספּעציאַליסטן געשאָקלט מיט שטוינונג די קעפּ. די יידן האָבן געפירט אַ קריג אויף הונדערטער פראָנטן קעגן די רעגולערע אַראַבישע אַרמייען און האָבן באַזיגט אַ שונא, וואָס איז געווען צאָלרייכער, ווי זיי.

אינצווישנצייט איז אָנגעקומען קיין ישראל אַלץ מער און מער וואָפן. עס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן נייע ישובים און איין לאַנד נאָכן אַנדערן האָט אָנגעהויבן צו אנערקענען די יונגע מדינת ישראל.

## קאפיטל 10

ברק בן־כנען האָט אונטערגעשריבן אין אייראָפּע אייניקע געוועהר־טראַנזאַקציעס און פאַרענדיקט זיין דיפּ־לאָמאַטישע שליחות. דאַן האָט ער געבעטן מען זאָל אים צוריקקערן קיין ישראל, ווייל ער האָט שטאַרק געבענקט אַהיים. ער איז געווען איבער 80 יאָר אַלט און די כוחות האָבן אים אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו פאַרלאָזן, הגם ער האָט זיך נישט געוואָלט מודה זיין אין דעם.

ברק איז אָפּגעפאָרן קיין נעאַפּאָל, כדי פון דאָרטן אָפּ־צושווימען מיט אַ שיף קיין ישראל.

אינצווישנצייט האָט ארי בן־כנען באַקומען אַ באַפעל זיך צו מעלדן אין תל־אביב. דער הויפּט־שטאַב פון „הגנה" האָט זיך געפונען אין איינעם פון די פּענסיאָנאַטן אין רמת־גן. אויפן דאַך פון בנין האָט געפלאַטערט די פאָן מיטן מגן־דוד און אומעטום זענען געשטאַנען שומרים אָנגעטאָן אין מונדירן פון נייעם ישראל־מיליטער, וועל־כע האָבן קאָנטראָלירט דאָקומענטן. נעבן בנין זענען גע־שטאַנען הונדערטער אויטאָס און אומעטום האָט געהערשט אַ לעבהאַפטע מיליטערישע באַוועגונג.

ארי איז אַריינגעפירט געוואָרן אין באַראַטונגס־צימער פון גענעראַל־שטאַב, ווו אויף גרויסע וואַנט־מאַפּעס זענען געווען אָנגעצייכנט די ליניעס פון די פראָנטן. ארי האָט זיך ארומגעקוקט. ער איז געווען געצווונגען צו דענקען

ווי וויניק ענלעך דער דאָזיקער הויפּט־שטאַב זעט אויס צום געוועזענעם שטאַב פון „הגנה", וואָס האָט פאַרמאָגט בלויז אַן אַלטן טיש און איז געשלעפּט געוואָרן פון קעלער צום קעלער.

אבידן, דער געוועזענער קאָמאַנדיר פון „הגנה", האָט דעמיסיאָנירט פון זיין אָפיציעלן אַמט און איבערגעגעבן די אָנפירונג אין די הענט פון יינגערע אָפיצירן, וואָס האָבן דערוואָרבן קריגס־דערפאַרונג אין בריטישן מיליטער, אָדער צו אזעלכע יונגע בחורים ווי ארי, וואָס האָבן זייער אויס־שולונג באַקומען אין די לאַנגיאָריקע קאַמפן קעגן די אַראַ־בער. אבידן האָט איצט פאַרנומען דעם אַמט פון אַ פאַרבינ־דונגס־אָפיציר צווישן מיליטער און דער צייטווייליקער רע־גירונג, און הגם ער האָט נישט פאַרנומען קיין אָפיציעלן אַמט, האָט ער דאָך געהאַט אַן איינפלוס אויף דער גע־שטאַלטיקונג פון דער אלגעמיינער פאָליטיק.

אבידן האָט אויפגענומען ארין מיט דער גרעסטער האַרציקייט. פאַר ארין איז געווען שווער פעסטצושטעלן, צי אבידן איז מיד אָדער וואַך, צי ער איז פריילעך אָדער טרויעריק. ווייל פון זיין פּנים איז נאָך אַלץ נישט פאַרשוונדן דער אויסדרוק פון פייערלעכן ערנסט. זיי זענען ביידע אַריין אין ביוראָ און אבידן האָט ארויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג מען זאָל זיי נישט שטערן.

— איר האָט דאָ זייער אַן אָנגעזען שפּילצייג־געוועלב — האָט ארי זיך אָפּגערופן.

— יאָ, — האָט געענטפערט אבידן — דאָ זעט עס אויס אַ סך אַנדערש ווי פריער און עס איז מיר שווער צו דעם זיך צוגעוווינען. עס טרעפט אָפט, אַז איך קום צו פאָרן אַהער און עס שיינט מיר, אז אָט וועלן פּלוצים אַראָפּקומען

די ענגלענדער און אונז אלעמען ארייננווארפן אין תפיסה פון עכו.

— קיינער פון אונז האָט נישט דערוואַרט, אַז איר וועט דעמיסיאָנירן פון אייער אַמט.

— די דאָזיקע נייע ארמיי דאַרף מען אָרגאַניזירן. מען דאַרף אויך פירן אַ גרויסן קריג, און דאָס איז די אַרבעט פאַר אַ ייִנגערן מענטשן. אין מיין עלטער וויל איך זיך בעסער פאַרנעמען מיט פּאָליטיק.

— ווי איז די אלגעמיינע לאַגע? — האָט ארי געפרעגט.

— ירושלים... לאַטרון... דאָס זענען אונזערע ערנסטע פּראָבלעמען. מיר וועלן זיך לאַנג נישט קאָנען האַלטן אין דער ירושלימער אַלט־שטאָט און איין גאָט ווייס, ווי לאַנג מיר וועלן זיך קאָנען פאַרטיידיקן אין ניי־ירושלים, אויב מיר וועלן נישט דורכברעכן שנעל אַ וועג צו די דאָרטיקע איינוווינער. אלנפאַלס... אויף דיין אָפּשניט האָסטו געטאָן זייער אַ ווערטפולע אַרבעט.

— דער מזל האָט אונז צוגעשפּילט.

— ניין, ארי, דאָס ראַטעווען צפת איז נישט געווען קיין ענין פון מזל. אויך די דאָזיקע ווונדערבאַרע קינדער אין גן־דפנה זענען נישט קיין ענין פון מזל. זיי נישט צופיל באַשיידן, ארי. מיר האָבן קינדער אין בן שמן, וואָס געפינען זיך אונטער אַ בלאָקאַדע... די איראַקער וואַגן נישט זיי אָנ־צוגרייפן. אָבער קאוקאַדזשי געפינט זיך נאָך אַלץ אין האַרץ פון גליל. מיר ווילן פטור ווערן פון דאָזיקן ממזר. דעריבער האָב איך דיך איינגעלאַדן דאָ. איך וויל אויסברייטערן די גרענעצן פון דיין געביט און נעם איבער די אַקציע אין דיינע הענט. אין עטלעכע וואָכן ארום וועלן מיר קאָנען

ארויסשיקן אַהין אַ באַטאַליאָן צוזאַמען מיט אַ ביסל מאָ־דערנעם געווער.

— און ווי שטעלט איר זיך פאָר די דאָזיקע אַקציע?

— איך מיין, אז אויב מיר וועלן דעראָבערן נצרת, וועט דאָס פּראָבלעם זיין געלייזט. מיר וועלן דאַן קאָנען קאָנט־ראָלירן דעם גאנצן גליל און אַלע וועגן פון מזרח אויף מערב.

— און וואָס איז מיט די אַראַבישע דערפער אין ראַיאָן?

— דאָס רוב איינוווינער זענען דאָרטן קריסטן, ווי דו ווייסט. זיי האָבן ארויסגעשיקט צו אונז שליחים, כדי צו פאַרהאַנדלען און האָבן אויפגעפאָדערט קאַוקאַדזשין, אַז ער זאָל זיך דערווייטערן פון זייערע דערפער. אויף יעדן פאל, זענען זיי נישט פאַראינטערעסירט צו קעמפן.

— גוט — האָט ארי געזאָגט.

— איידער דו וועסט אָנהויבן צו פּלאַנירן די אַקציע ווילן מיר אָבער, אַז דו זאָלסט באַזייטיקן פון דיין געביט דעם לעצטן ווידערשטאַנד פון שונא.

— די טאַגערט־באַפעסטיקונג? — האָט ארי געפרעגט. אבידן האָט אַ שאָקל־געטאָן מיטן קאָפּ.

— דערצו דאַרף איך האָבן אַרטילעריע. איך האָב שוין וועגן דעם געשריבן. וויינִיקסטנס דריי אָדער פיר „דאַווידקעס".

— פאַרוואָס פאָדערסטו נישט בעסער גאָלד?

— אויבן ביי דער גרענעץ ליגן צוויי דערפער, וועלכע בלאָקירן דעם צוגאַנג צו דער באַפעסטיקונג. איך קאָן גאָרנישט מאַכן, אויב איך וועל נישט האָבן מינדסטנס אַ פּאָר ווייט־שטרעקיקע האַרמאַטן.

— אַלזאָ גוט — האָט אבידן געזאָגט. — איך וועל דיר דאָס צושטעלן.

אבידן איז אויפגעשטאַנען פון אָרט און האָט אָנגעהויבן גערוועז צו שפּרייזן הין און צוריק איבערן צימער. ארי האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז נישט נאָר צוליב דעם אַליין האָט אים אבידן גערופן קיין תל־אביב און ער האָט געוווסט, אַז אבידן וועט גלייך אָנהויבן פון דעם.

— ארי — האָט אבידן זיך אָפּגערופן מיט אַן ערנסטן טאָן. — מיט צוויי וואָכן צוריק האָסטו באַקומען אַ באַפעל איינצונעמען דאָס דאָרף נבי יושע.

— און צוליב דעם האָט איר מיר גערופן קיין תל־אביב?

— איך האַלט, אַז עס וועט זיין בעסער מיר זאָלן ביידע אַרומריידן דעם ענין, איידער עס וועט זיך אָנהויבן אַרום דעם אַ גרויסע דיסקוסיע אין גענעראַל־שטאַב.

— איך האָב אייך געשיקט אַ באַריכט אין וועלכן איך האָב אויסגעדריקט מיין מיינונג, אז נבי יושע שטעלט נישט פאָר מיט זיך קיין שום באַדראָונג פאַר אונז.

— מיר האָבן אַן אַנדער מיינונג.

— אלס קאָמאנדיר קאָן איך דאָך אָביעקטיוועך קוקן אויפן דאָזיקן ענין ווי איר דאָ.

— הער אויף, ארי. נבי יושע שטעלט מיט זיך פאָר א באַזע פאַר מוכאַמעד קאסי. דאָס איז אַן ארייַנגאנג פאַר די אומרעגולערע אַראַבישע אָפּטיילונגען און אַ בלאָקאַדע פון וועג, וואָס פירט קיין גן־דפנה.

ארי האָט פאַרעקשנט געקוקט אין אַ זייט.

— מיר קענען זיך צו לאנג — האָט אבידן גערעדט וויי־טער — כדי מיר זאָלן קאָנען עפּעס פאַרוואַרפן איינער דעם אַנדערן.

ארי האָט געשוויגן, אָבער פּלוצים האָט ער זיך אָפּגעד רופן:

— איך קען די מענטשן פון נבי יושע זינט איך האָב אָנגעהויבן גיין און ריידן. מיר האָבן זיך באַטייליקט אין געמיינזאַמע חתונות. מיר זענען געגאַנגען אויף געמיינזאַמע לוויות. מיר האָבן זיי אויסגעבויט הייזער און זיי האָבן אונז געשאָנקען באָדן פאַר גן־דפנה.

— דאָס אַלץ ווייס איך, ארי. צענדליקער פון אונזערע ישובים שטייען פאַרן זעלבן פּראָבלעם. אָבער מיר קעמפן דאָך פאַר אונזער עקזיסטענץ. מיר האָבן דאָך נישט איינ־געלאַדן די אַראַבישע אַרמייען זיי זאָלן אונז אָנגרייפן.

— אָבער איך קען די דאָזיקע מענטשן — האָט ארי אויסגע־רופן, כמעט שרייענדיק. — זיי זענען נישט אונזערע שונ־אים. זיי זענען איינפאַכע פּויערים, פרידלעכע מענטשן, און זייער איינציקער ווונטש איז, אַז מיר זאָלן זיי לאָזן צורו.

— ארי — האָט אבידן זיך אָפּגערופן מיט א שאַרפער שטימע. — עס זענען פאַראַן ביי אונז אַראַבישע דערפער, וועלכע האָבן געהאַט דעם מוט זיך קעגנצושטעלן קאַוקאַד־זשיס באַנדעס און די אראבישע ארמייען. די מענטשן פון נבי יושע האָבן באשלאָסן צו טאָן עפּעס אַנדערש. דאָס דאַרף מוז מען ליקווידירן...

— אָן מיר — האָט ארי אויסגערופן. ער איז אויפגעשטאַ־נען פון אָרט און האָט געוואָלט אַרויסגיין פון צימער.

— בלייב דאָ — האָט אבידן רואיק געזאָגט. — איך בעט דיך, גיי נישט אַוועק.

דער גרויסער פליכעוואַטער מאַן, האָט איצט באמת אויס־געזען צו זיין זייער מיד. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אַקסלען און זיך אנידערגעזעצט ביים טיש.

— טויזנט מאָל האָבן מיר געבעטן די אַראַבער פון ארץ־ישראל זיי זאָלן זיך נישט באַטייליקן אין דאָזיקן קאַמף. קיינער וויל נישט פאַרטריבן ווערן פון זיין היים און הויז. די דערפער, וואָס האָבן זיך פאַרהאַלטן לאָיאַל האָט מען געלאָזן צורו, אָבער ביי אַנדערע איז אונז נישט געבליבן קיין אַנדער ברירה. דער שונא האָט זיי פאַרוואַנדלט אין געווער־אַרסענאַלן, אין אויסשולונגס־לאַגערן, אין שטיץ־באַזעס פאַר אָנגריפן קעגן אונזערע טראַנספּאָרט־קאָלאָנעס, פאַר דער באַלאַגערונג פון אונזערע ישובים, וואָכן־לאַנג האָבן מיר גערעדט וועגן דאָזיקן פּראָבלעם. הונדערט טויזנט בירגער אין ירושלים גייען אויס פון הונגער צוליב זיי. מיר האָבן נישט קיין אַנדער ברירה, אָדער צו פאַרניכטן דעם שונא, אָדער אַליין פאַרניכטעט צו ווערן.

ארי איז צוגעגאַנגען צום פענצטער און האָט פאַרוי־כערט אַ סיגאַרעט. ער איז געווען אין אַ געדריקטער שטימונג. סוף־כל־סוף איז דאָך אבידן גערעכט.

— איך קאָן נאַטירלעך איבערגעבן עמעצן אַנדערש די קאָמאַנדשאַפט — האָט אבידן געזאָגט — אָבער דאָס וויל איך נישט טאָן. אויב דו פילסט, אַז פון מאָראַלישן שטאַנדפּונקט קאָנסטו נישט דורכפירן די אַקציע, וועל איך דיר געבן אַ מעגלעכקייט צו בעטן מען זאָל דיך אַריבערפירן אין אַ צווייטן ראַיאָן.

— וווהין ווילט איר מיך אַריבערפירן? אין אַ געביט, ווו עס געפינט זיך א צווייטער נבי יושע, נאָר מיט אַן אַנדערן נאָמען?

— ארי, איידער דו גיסט מיר אָן ענטפער... איך קען דיך פון קינדווייז אויף. זינט דו ביזט אַלט געוואָרן פופצן יאָר, האָסטו נישט אויפגעהערט צו קעמפן. מיר האָבן נישט

גענוג מענטשן פון אַזאַ קאַליבער ווי דו. אין משך פון די אַלע יאָרן געדענק איך נישט קיין פאַל, ווען דו זאָלסט זיך האָבן אָפּגעזאָגט אויסצופירן אַ באַפעל.

ארי האָט זיך אויסגעדרייט. אויף זיין פנים האָט זיך געמאָלט זאָרג, טרויער און רעזיגנאַציע.

— איך וועל טאָן דאָס, וואָס מען מוז טאָן — האָט ער זיך אָפּגערופן.

— איך האָב דאָס געוווּסט — האָט אבידן געזאָגט. — איבעריקנס האָסטו אַוואַנסירט צום ראַנג פון א סגן־אלוף.

ארי האָט זיך קורץ און ביטער פאַנאַנדערגעלאַכט.

— אויך מיר טוט עס לייד — האָט אבידן געזאָגט. — גלויב מיר, ארי, אַז דאָס טוט מיר באמת לייד.

סגן־אלוף ארי בן־כנען האָט צוזאַמען מיט זיין אָפּעראַציע־אָפיציר און אדיוטאַנט, די מאַיאָרן בן־עמי און יואב ירקוני, אויסגעאַרבעט די פּרטים פון דער „אַקציע פורים", וואָס האָט געהאַט פאר א ציל צו דעראָבערן די טאַגערט־באַפעסטיקונג און ליקווידירן די אַראַבישע באַזע אין נבי־יושע. די אַרטילעריע, וועלכע אבידן האָט צוגעזאָגט, איז קיינמאָל נישט אָנגעקומען, ארי פון זיין זייט האָט אויך נישט דערוואַרט, אז אבידן זאָל האלטן זיי צוזאָג, ווייל קיין אַרטילעריע איז נישט געווען. אַרי האָט באַפוילן מען זאָל אַראָפּברענגען פון צפת די „דאווידקע" מיט פופציק מאַגאַזינען אמוניציע.

אָן אַרטילעריע איז געווען אוממעגלעך אָנצוגרייפן די טאַגערט־באַפעסטיקונג פון גן־דפנה. קאסי האָט נאָך אַלץ געהאַט אָן ערך פיר הונדערט מאַן אין ראַיאָן און די באַפעסטיקונג האָט אים געגעבן אַ בעסערע פּאָזיציע. דריי

אַראַבישע דערפֿער האָבן פֿאַרשאַפֿט אַרין זאָרג. דאָס ער־שטע דאָרף איז געווען גבי־יושע און אויבן אין די בערג זענען געלעגן צוויי דערפֿער נעבן דער לבנונישער גרע־נעץ. אין דיביידע דערפֿער האָט קאסי געהאַט זיינע מענטשן. ארי האָט געהאַט בדעה אָנצוגרייפֿן די באַפֿעסטי־קונג פֿון הינטן ארום, כדי דאָס דורכצופֿירן האָט ער געדאַרפֿט אויסמיידן די ביידע דערפֿער אויפֿן באַרג.

אויף דורכצופֿירן דעם אָנגריף האָט ארי איינגעטיילט זיינע מענטשן אין דריי גרופּן. ארי האָט זיך געשטעלט בראש פֿון דער ערשטער גרופּע. מיטן צופֿאַלן פֿון דער נאַכט איז די גרופּע ארויס אין די בערג, טראָגנדיק מיט זיך די „דאווידקע". דער וועג איז געווען אַ שמאָלער און דער מאַרש איז געווען זייער באַשווערט. ארין האָט ווי געטאָן דער פֿוס, אָבער ער האָט געפֿירט זיינע מענטשן אין א שנעלן טעמפּאָ איבער די בערג־אָפּהענג. זיי האָבן געמוזט דערגרייכן זייער ציל פֿאַרטאָג, אַנישט וואָלט די גאַנצע אַקציע דורכגעפֿאַלן.

פֿיר פֿאַרטאָג זענען זיי אָנגעקומען אויפֿן שפּיץ פֿון באַרג, אָבער אויף אָפּרו איז נישט געווען קיין צייט. אייליק האָבן זיי זיך דערנענטערט צום ערשטן דאָרף. זיי זענען ארומגעגאַנגען דאָס דאָרף און אויף אַ געוויסן פּלאַץ האָבן זיי זיך געטראָפֿן מיט אַ פּאַטרול פֿון אַ בע־דואינער שבט, וואָס איז נישט געווען פֿיינטלעך גע־שטימט לגבי די יידן. די בעדואינער האָבן מיטגעטיילט ארין, אַז די געגנט איז נישט קיין געפֿערלעכע. ארי האָט אַוועקגעפֿירט זיינע מענטשן צו די חורבות פֿון אַן אַלטן שלאָס, וווּ זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן דעם גאַנצן טאָג. די בעדואינער האָבן געהאַלטן וואַך.

צומאַרגנס אין אָוונט זענען ארויס פון עין־אור די אַנדערע צוויי גרופּן. מאַיאָר דוד בן־עמי האָט ארויפ־געפירט זיינע מענטשן קיין גן־דפנה און מאַיאָר יואב ירקוני האָט אוועקגעפירט זיינע מענטשן אויפן זעלבן וועג, אויף וועלכן עס איז געגאַנגען פריער ארי. ווען די גרופּן האָבן פארנומען פּאָזיציעס, האָט ארי איבערגע־געבן אַן אולטימאַטום דורכן בעדואינער־אַנפירער, אַז דאָס דאָרף זאָל זיך אונטערגעבן. דער מוכטאר פון דאָרף און די אכציק מאן פון קאסיס אָפּטיילונגען האָבן דאָס געהאַלטן פאַר אַ וויץ. עס האָט געשיינט פאַר זיי צו זיין אוממעגלעך, אַז די יידן זענען ארויף אויפן בארג אומבאַ־מערקטערהייט. דער בעדואינער איז צוריקגעקומען און געזאָגט, אַז דאָס דאָרף האָט אָפּגעוואָרפן דעם אולטימאַ־טום. דאַן האָט ארי אָפּגעגעבן צוויי שאָסן פון דער „דאַ־ווידקע".

עטלעכע צענדליק ליימענע הייזלעך זענען גלייך אַ־וועקגעפלויגן אין דער לופטן. דאָס האָט די אַראַבער גלייך איבערצייגט, אַז דער מצב איז ערנסט. נאָכן צווייטן שאָס פון דער „דאַווידקע" זענען די אומרעגולערע אָפּטיי־לונגען, בראש מיט זייערע אָפיצירן, אנטלאָפן אין בהלה קיין לבנון. אין דאָרף האָבן גענומען פלאַטערן ווייסע פע־נער. ארי האָט שנעל געשיקט אַ טייל פון זיינע מענטשן אין דאָרף און מיטן אנדערן טייל איז ער אוועק צום צווייטן דאָרף, ווו יואב ירקוני האָט אָנגעהויבן אַן אָנגריף.

צוואַנציק מינוט נאָך אריס אָנקום און נאָכן אָפּגעבן דריי שאָסן פון דער „דאַווידקע" איז אויך דאָס צווייטע אַראַבישע דאָרף ארייַנגעפאַלן אין די הענט פון די יידישע קעמפער. הונדערטע אַראַבישע זעלנער זענען אַנטלאָפן אי־

בער דער גרענעץ קיין לבנון. דיביידע דערפער האָבן זיך אַזוי שנעל אונטערגעגעבן, אַז מוכאַמעד קאסי, וואָס האָט זיך געפונען אין דער טאָגערט־באַפעסטיקונג, האָט עס אַפילו נישט באַמערקט. ער האָט געהאַלטן, אַז די שיסעריי, וואָס האָט זיך דערטראָגן צו אים פון דער ווייטן, שטאַמט פון זיינע אייגענע אַפטיילונגען.

אויפן דריטן טאָג, מיטן אָנקומען פון פרימאָרגן, איז דוד בן־עמי ארויס מיט זיין גרופּע פון גן־דפנה און האָט פאַרנומען אַ פּאָזיציע מחוץ נבי יושע, ווו מוכאַמעד קאסי האָט געהאַט הונדערט מאַן. אין דער זעלבער צייט האָבן ארי און ירקוני זיך דערנענטערט מיט זייערע אָפּטיילונגען צום הינטערשטן טייל פון דער טאגערט־באַפעסטיקונג. ווען זיי האָבן געעפנט א פייער פון זייער „דאווידקע" האָבן אינעווייניק זיך געפונען נאָר הונדערט מאַן, ווייל די איבעריקע זענען אנטלאָפן קיין לבנון אָדער האָבן זיך געפונען אין נבי יושע. יעדער שאָס האָט דערנענטערט די יידישע קעמפּער צו זייער ציל — צום אייזערנעם טויער, וואָס האָט זיך געפונען אין די הינטערשטע מויערן. נאָכן צוואַנציקסטן שאָס איז דאָס טויער ארויסגעשפּרונגען פון די זאָוויעסעס און די ווייטערדיקע פינף שאָסן זענען שוין געפאַלן אויפן הויף פון דער באַפעסטיקונג.

ארי בן־כנען האָט זיך געפונען בראש פון דער גרופּע, וואָס האָט געשטורעמט די באַפעסטיקונג. זיי זענען געקראָכן אויף דער ערד אונטערן שוץ פון א מאשין־געווער. די „דאַווידקע" האָט נישט אויפגעהערט גלייכצייטיק צו שיסן. דער שאַדן, וואָס איז געמאכט געוואָרן דער פעסטונג פון דער דאָזיקער שיסעריי, איז געווען נישט קיין באַדייטנדיקער, אָבער דער טומל און די פלוצימדיקייט פון אָנגריף זענען

געווען צו פֿיל פֿאַר קאַסיס העלדן. זיי האָבן זיך שוואַך פֿאַרטיידיקט און געוואַרט אויף פֿאַרשטאַרקונגען. די איינציקע, וואָס האָבן זיי געקאָנט קומען צוהילף זענען געווען די אומרעגולערע כוחות פֿון נבֿיא יושע, אָבער לויפֿנדיק אין דער ריכטונג פֿון דער באַפֿעסטיקונג זענען זיי אַריינגעפֿאַלן אין דוד בן־עמיס לויערונג. קאַסי האָט דאָס געזען דורך זיין פֿעלד־לאָרנעטקע. ער איז געווען אָפּגעשניטן. די יידן האָבן זיך שוין געהאַט אַריינגעריסן אויפֿן הויף און דאַן האָט זיך אויפֿן טורעם באַוויזן אַ ווייסע פֿאָן.

ירקוני איז אַריינגעגאַנגען מיט צוואַנציק מאַן אינעווייניק און האָט אַנטוואָפֿנט די אַראַבער. גלייך דערנאָך האָט ער זיי פֿאַריאָגט צו דער לבנונישער גרענעץ. קאַסי און זיינע דריי אָפֿיצירן זענען פֿאַרשפּאַרט געוואָרן אין דער אַרעסט־קאַמער. אויפֿן טורעם האָט זיך באַוויזן אַ פֿאָן מיט אַ מגן־דוד. דאַן איז ארי אַוועק מיטן רעשט פֿון זיינע מענטשן צו דודס פּאָזיציעס. עס איז געקומען די צייט צו ליקווידירן די אַראַבישע באַזע אין נבֿי יושע.

די איינוווינער פֿון נבֿי יושע האָבן געזען דעם קאַמף. עס איז פֿאַר זיי געווען קלאָר, אַז זייער דאָרף וועט באַלד אָנגעגריפֿן ווערן. ארי האָט ארויסגעשיקט צו זיי אַ פּאַרלאַמענטאַרישע דעלעגאַציע, כדי מיטצוטיילן אַז זיי האָבן צוואַנציק מינוט צייט, כדי צו פֿאַרלאָזן דאָס דאָרף, אַנישט וועלן זיי ליידן פֿון די קאָנסעקווענצן. פֿון באַרג האָט ארי געקאָנט זען אַ סך פֿון זיינע פֿריערדיקע פֿריינט, וועלכע האָבן פֿאַרלאָזן דאָס דאָרף און אַוועק דורך די בערג קיין לבנון. ארי האָט זיך געפֿילט עלנד, צוזעענדיק דאָס דאָזיקע בילד.

עס איז פֿאַרביי מער ווי אַ שעה.

— עס האָט נישט קיין זין צו וואַרטן לענגער — האָט דוד געזאָגט.

— איך וויל זיין זיכער, אַז אַלע איינוווינער האָבן שוין פאַרלאָזן דאָס דאָרף.

— איך האָב שוין מער קיינעם נישט געזען, ארי, איך מיין, אַז אַלע זענען שוין אַוועק.

די קעמפער זענען געלעגן גרייט צום אָנגריף און גע־וואַרט בלויז אויפן באַפעל, אָבער ארי האָט דערוויילעט אַ טייל פון זיינע מענטשן. דוד איז אים נאָכגעגאַנגען.

— איך וועל איבערנעמען די אָנפירונג — האָט דוד געזאָגט.

— גוט — האָט ארי ארויסגעפליסטערט.

ארי איז געשטאַנען ביים באַרג־אָפּהאַנג און געקוקט צום טאָל, אין וועלכן עס איז געלעגן נבי יושע. פּלוצים האָט ער דערהערט אַ שיסעריי און ער איז בלייך געוואָרן ווי אַ טויט. דודס מענטשן זענען אויפגענומען געוואָרן מיט אַ העפטיקן פייער פון אויטאָמאַטן און ביקסן. די יידישע קעמ־פער האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צום באָדן. עס האָט זיך ארויסגעשטעלט, אז אַן ערך הונדערט אראַבער, אונטער דער אָנפירונג פון מוסטאַר טאַהאַ, האָבן באַשלאָסן אויפצו־נעמען אַ קאַמף.

דער מצב אין דאָרף נבי יושע איז אָבער געווען אַנדערש, ווי אויף די איבעריקע קאַמפּס־אָפּשניטן. די יידן זענען דאָ געווען אַ סך מער אין צאָל און זענען געווען בעסער אויסגעשטאַט. אויף די אַראַבער האָט זיך אַ שאָט גע־טאָן אַ האָגל פון האַנט־גראַנאַטן און דער ערשטער אראַ־בישער קוילנוואַרפער איז פאַרשטומט געוואָרן. דער קאַמף איז דאָ געגאַנגען פאַר יעדער גאַס און יעדעס הויז. דאָס

איז געווען אַ האַרטער און בלוטיקער קאַמף. די אַראַבישע הייזער זענען געווען געבויט פון שטיין און די איבערגע־בליבענע האָבן זיך פאַרטיידיקט האַרטנעקיק. די שעהן זענען פאַרגאַנגען און ארי בן־כנען האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. צו זיינע אויערן זענען דערגאַנגען די אָפּהילכן פון דער שיסעריי, די אויפרייסן פון די האַנט־גראַנאַטן און דער טויט־געשריי פון די קעמפער.

די אַראַבער האָבן געמוזט אויפגעבן איין פּאָזיציע נאָך דער אַנדערער. צום סוף איז דאָס הייפל איבערגע־בליבענע אַראַבער געווען געצווונגען זיך צו פאַרזאַמלען אויף אַ שמאָל געסל. מער ווי אַכציק אַראַבער זענען דערהרגעט געוואָרן. די לעצטע אַכט מאַן האָבן זיך פאַרבאַ־ריקאַדירט אין פּאַלאַץ פון מוכטאַר. דוד האָט דאַן באַפוילן די „דאווידקע״ צו געבן פייער און דער פּאַלאַץ איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ חורבה. די לעצטע אַכט אַראַבער, צוזאַמען מיט טאהאן, האָבן געפונען דאָ זייער טויט.

עס איז שוין געווען גוט טונקל, ווען דוד בן־עמי איז געקומען צו ארי.

— עס איז אַלץ פאַרענדיקט — האָט דוד געזאָגט.

ארי האָט אים אָנגעקוקט און גאָרנישט געזאָגט.

— עס זענען דאָרטן געווען אַן ערך הונדערט מאַן. זיי זענען אַלע טויט. מיר האָבן פאַרלאָרן פערצן מאַן. צווישן זיי דריי מיידלעך. די פאַרוווּנדעטע זענען אָפּגעפירט גע־וואָרן אין גן־דפנה.

עס האָט געשיינט, אַז ארי הערט נישט, וואָס דוד רעדט צו אים.

— וואָס וועט ווערן פון זייערע פעלדער? — האָט ארי

זיך אָפּגערופן. — און וואָס וועט ווערן פון זיי? וווהין וועלן זיי גיין?

ארי האָט געמאַכט אַ שריט אין דער ריכטונג פון דאָרף, אָבער דוד האָט אים אָנגענומען פאַרן אַקסל און געזאָגט:

— גיי נישט אַראָפּ, ארי.

— אין הויז, נעבן טייך...

— ניין — האָט דוד געזאָגט — באַמי זיך בעסער דאָס איבערצולאָזן פאַר דיינע זכרונות.

— וואָס וועט פון זיי ווערן? זיי זענען מיינע פריינט...

— מיר וואַרטן אויף ווייטערדיקע באַפעלן, ארי.

ארי האָט אָנגעקוקט דודן און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— אויב אַזוי, מוז איך געבן אַ באַפעל — האָט דוד אויסגערופן.

— ניין — האָט ארי ארויסגעפליסטערט — איך וועל געבן אַ באַפעל.

ארי האָט אַ קוק געטאָן צום לעצטן מאָל אויפן דאָרף נבי יושע און דאַן האָט ער מיט א פעסטער שטימע אויס־גערופן:

— גלייכט אויס דאָס דאָרף מיטן באָדן!

## קאפיטל 11

דוד איז געשלאָפן אין ירדנהס אָרעמס. זי האָט גע־האַלטן זיין קאָפּ פעסט צוגעדריקט צו איר ברוסט און געקוקט מיט אָפענע אויגן אין דער פינצטערניש. זי האָט נישט געקאָנט איינשלאָפן.

ארי האָט איר געגעבן עטלעכע טעג אורלויב פון גן־דפנה, כדי זי זאָל קאָנען פאָרן מיט דודן קיין תל־אביב. אינדערפרי וועט זי שוין מוזן זיך געזעגענען מיט אים און איין גאָט ווייסט, ווען זיי וועלן זיך ווידער זען, ירדנה האָט שוין פון לאַנג געוווּסט, אַז דוד וועט זיך פרייוויליק מעלדן צו אַ געפערלעכער אויפגאבע, כדי צו העלפן אַ סוף מאַכן צו דער בלאָקאַדע פון ירושלים.

דוד האָט זיך באַוועגט אומרואיק אין שלאָף. זי האָט אים מילד אַ קוש געטאָן אין שטערן און א גלעט געטאָן איבערן קאָפּ. ער האָט אַ שמייכל געטאָן און איז ווידער איינגעשלאָפן. אַ סאַברע־מיידל טאָר נישט זאָגן איר גע־ליבטן, אַז זי איז קראַנק פון בענקשאַפט און זאָרג. זי דאַרף נאָר לאַכן און באַהאַלטן דעם פחד טיף אין האַרצן. ירדנה האָט זיך נאָך פעסטער צוגעטוליעט צו דודן און זיך געווונטשן, אַז די דאָזיקע נאַכט זאָל זיך ציען אָן אַ סוף.

עס האָט זיך אָנגעהויבן דעם זעלבן טאָג, ווען די אונא האָט אָנגענומען אַ באַשלוס צו צעטיילן דאָס לאַנד. דער „העכסטער אַראַבישער קאָמיטעט” האָט גערופן צו אַ גענע־

ראַל־שטרייק, בעת וועלכן עס איז דערגאַנגען צו אַ פּאָג־ראָם קעגן יידן אין אַלט־ירושלים. גלייך נאָכדעם האָט אַבדול קאַדאַר בלאָקירט דעם וועג פון תל־אביב קיין ירושלים און אַזוי ארום האָט זיך אָנגעהויבן די באַלאַגערונג פון דער שטאָט. אין ירושלים האָט זיך אַנטוויקלט אַ רעגולערער קריג, אָבער דער קאָמאַנדיר פון „הגנה" אין ירושלים איז געשטאַנען פאַר אַזעלכע פּראָבלעמען, וואָס האָבן בכלל נישט געהאַט צו טאָן מיט מיליטערישע פראַגן. ער איז אויך געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער באַשפייזונג פון דער באַפעלקערונג. די דאָזיקע אויפגאַבע איז באַשווערט גע־וואָרן צוליב דעם, וואָס דאָס רוב איינוווינער פון ירושלים זענען געווען פרומע יידן, וועלכע האָבן נישט נאָר זיך אָפּגעזאָגט צו קעמפן, נאָר האָבן אָפט צונישט געמאַכט די באַמיאונגען פון דער „הגנה".

דאָס שיינע ירושלים האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פאַר־ביטערטן שלאַכט־פעלד. די מצרים האָבן אָנגעגריפן פון דרום, האָבן באַשאָסן די שטאָט פון אַרטילעריע און באָמ־באַרדירט פון דער לופטן. דער „אַראַבישער לעגיאָן" האָט זיך באַנוצט מיט די הייליקע מויערן פון דער אַלט־שטאָט אַלס פאַרטיידיקונגס־פּאָזיציעס און די צאָל קרבנות איז גע־שטיגן פון טאָג צו טאָג.

ווען דער „אַראַבישער לעגיאָן" האָט באַזעצט לאַטרון איז צוגעזאָגט געוואָרן, אַז דאָס וואַסער־ווערק וועט ווערן אָפּגעהיט, כדי די ציווילע באַפעלקערונג זאָל נישט בלייבן אָן טרינק־וואַסער. אָבער אַנשטאָט צו האַלטן דעם צוזאָג האָבן די אַראַבער אויפגעריסן די פּאָמפּע־סטאַציע. די יידן האָבן געוווּסט, אַז טיף אין דער ערד געפינען זיך ציסטערנעס פון וואַסער, וואָס זענען אַלט פון צוויי ביז דריי טויזנט

יאָר. מען האָט אויפגעגראָבן די ציסטערנעס אין וועלכע עס האָט זיך ווי על פּי נס נאָך איינגעהאַלטן וואַסער און בלויז אַ דאַנק דעם זענען די ירושלימער יידן נישט אויס־געגאַנגען פון דורשט.

ירדנה האָט זיך אויפגעכאַפּט פאַרטאָג. זי האָט אויס־געשטרעקט די האַנט, כדי אָנצורירן דודן, אָבער ער איז שוין אין בעט נישט געווען. ווען זי האָט אַן איבערגעשראָ־קענע געעפנט די אויגן האָט זי באַמערקט ווי ער שטייט נעבן בעט און קוקט אויף איר. צום ערשטן מאָל האָט ער געטראָגן אַ מונדיר פון צה״ל. זי האָט אַ גליקלעכע גע־שמייכלט. דוד האָט זיך אריבערגעבויגן איבער איר און זי אַ קוש געטאָן.

— אַ גאַנצע שעה בין איך געשטאַנען און געקוקט אויף דיר — האָט ער זיך אָפּגערופן. — דו ביסט זייער שיין, ירדנה, אין שלאָף.

ירדנה האָט אים אריינגענומען אין אירע אָרעמס און ארויסגעפּליסטערט:

— שלום, רב־סרן בן־עמי.

— ס׳איז שוין שפּעט, ירדנה. איך מוז גיין.

— איך טו מיך שוין אָן — האָט זי געזאָגט.

— איך האַלט, אַז ס׳איז בעסער איך זאָל גיין אַליין. בלייב דאָ.

ירדנה האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז דאָס האַרץ האָט איר אויפגעהערט צו קלאַפּן. זי האָט זיך אָבער שנעל באַ־הערשט און זי האָט אַ שמייכל געטאָן.

— נאַטירלעך, מיין טייערער.

— איך האָב דיך ליב, ירדנה.

—שלום, דוד. גיי שנעל... דוד... איך בעט דיך...

זי האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט. דוד האָט איר אַ קוש געטאָן אין באַק און דערנאָך האָט זי געהערט, ווי די טיר האָט זיך צוגעמאַכט הינטער אים.

— דוד, דוד — האָט ירדנה געפּליסטערט — קום שנעל צוריק צו מיר...

אבידן איז אָוועקגעפאָרן מיט דודן צום שעף פון גענעראַל־שטאַב בן־ציון. גענעראַל בן־ציון, אַ מאַן פון איין און דרייסיק יאָר, האָט געשטאַמט פון ירושלים. אין בן־ציונס וווינונג האָט זיך געפונען זיין אַדיוטאַנט, מאַיאָר אַלטערמאַן.

— אבידן האָט אונז געמאָלדן, אַז דו האָסט אַן אינטערעסאַנטן פאָרשלאַג — האָט אַלטערמאַן געזאָגט צו דודן.

— יאָ — האָט דוד געענטפערט — עס האַנדלט זיך וועגן ירושלים. דער גורל פון דער שטאָט לאָזט מיך נישט צורו. „אם אשכחך ירושלים"...

גענעראַל בן־ציון האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. זיין פרוי, קינדער און עלטערן האָבן זיך געפונען אין באַלאַגערטן ירושלים.

— דער וועג קיין לאַטרון ווערט דורך אונז ווי געהעריק קאָנטראָלירט — האָט דוד אָנגעהויבן. — הינטער לאַטרון, ביי שער הגיא, האָט דער פּלמ"ח אָפּגערייניקט אַלע בערגלעך.

— דאָס איז נישט קיין נייעס, אַז לאַטרון שטעלט מיט זיך פאָר די גרעסטע הינדערניש פאַר אונז — האָט אַלטערמאַן געזאָגט איראָניש.

— לאָז אים ריידן! — האָט גענעראַל בן־ציון שאַרף זיך אָפּגערופן.

— איך האָב דעם ענין גוט דורכגעטראַכט — האָט דוד

ווייטער געדעדט. — די געגנט פון לאַטרון קען איך אַזוי גוט, ווי דעם שמייכל פון מיין מוטער. חדשים־לאַנג האָב איך מיר איינגעקריצט די געגנט אין זכרון. איך בין פעסט איבערצייגט, אַז מען קאָן ארומגיין לאַטרון.

אַ לאַנגע צייט האָבן אַלע געשוויגן דערשטוינטע.

— וואָס ווילסטו זאָגן דערמיט? — האָט בן־ציון געפרעגט.

— אויב מיר זאָלן ארומגיין לאַטרון, וואָלט דער מהלך פון איין שאָסיי צום צווייטן באַטראָפן זעכצן קילאָמעטער.

— אָבער די דאָזיקע זעכצן קילאָמעטער זענען נאָר אַ ליניע אויף דער מאַפּע. ד'אָרטן איז דאָך נישטאָ קיין וועג און קיין שטעג. די וואַדיס זענען ווילד פאַרוואָקסן און מען קאָן זיי נישט דורכגיין.

— דאָרטן איז פאַראַן אַ וועג — האָט דוד רואיק געזאָגט.

— וועגן וואָס רעדסטו אייגנטלעך, דוד — האָט אבידן זיך אַריינגעמישט אין געשפּרעך.

— דורך אַ טייל פון דאָזיקן געביט פירט אַ וועג נאָך פון די רוימישע צייטן. ער איז אַלט צוויי טויזנט יאָר און איז פולשטענדיק פאַרשאָטן, אָבער דער וועג עקזיסטירט. ווייטער קאָן מען גיין דורך די וואַדיס. איך בין אַזוי זיכער אין דעם, ווי זיכער, אַז איך שטיי דאָ איצט פאַר אייך.

דוד איז צוגעגאַנגען צו דער גרויסער מאַפּע, וואָס איז געהאָנגען אויפן וואַנט און ער האָט געצייכנט אַ האַלבן קרייז, וואָס האָט פאַרבונדן ביידע וועגן. גענעראַל בן־ציון האָט שווייגנדיק געקוקט אויף דער מאַפּע און מאַיאָר אַל־טערמאַן האָט איראָניש געשמייכלט.

— דוד — האָט אבידן זיך אָפּגערופן סקעפּטיש, אָבער

זאַכלעך — לאָמיר אָננעמען, אַז דו האָסט שוין געפונען דעם כלומרשטן רוימישן וועג און לאָמיר אָננעמען, אַז דו וועסט אויך געפינען אַ וועג צווישן די וואַדיס. וואָס האָבן מיר געוווּנען? דאָס באַדייט דאָך נישט קיין הילף פאַרן באַלאַגערטן ירושלים.

— מיין פאָרשלאָג איז, אַז מען זאָל בויען אַ נייעם שאָ־סיי איבערן אַלטן רוימישן וועג, כדי מיר זאָלן נישט דאַרפן פירן אַ קאַמף פאַר לאַטרון. לאַטרון וועלן מיר אַרומגיין אין אַ בויגן.

— מיר וואָלטן געדאַרפט בויען דעמדאָזיקן וועג אונ־טערן נאָז פון „אַראַבישן לעגיאָן" — האָט בן־ציון געזאָגט.

— דאָס איז ריכטיק — האָט דוד געענטפערט — אָבער מיר דאַרפן נישט קיין ברייטן שאָסיי. מיר דאַרפן נאָר אַ וועג, אויף וועלכן עס זאָל קאָנען דורכפאָרן אַ לאַסט־אויטאָ. יהושע האָט אָפּגעשטעלט די זון נעבן לאַטרון. אפשר וועלן מיר קאָנען אָפּשטעלן די לבנה? אויב אַן אַרבעטס־גרופּע פון ירושלים וועט שטילערהייט בייטאַכט אַרבעטן ביים וועג און אַ צווייטע גרופּע פון תל־אביב וועט טאָן דאָס זעלבע, וועט דער וועג פאַרטיק ווערן אין משך פון אַ חודש. און וואָס שייך דעם „אַראַבישן לע־גיאָן" ווייסט איר אַזוי גוט ווי איך, אַז גלאָב פּאַשאַ וועט נישט וואַגן ארויסצוגיין פון לאַטרון, כדי אָנצוהויבן אַן אָפענעם קאַמף.

— דאָס איז גאָרנישט אַזוי זיכער — האָט אַלטערמאַן געזאָגט. — ער קאָן אָנהויבן אַ קאַמף, ווען ער וועט זיך דערוויסן וועגן דיין פּלאַן.

— און וואָס ווילט איר פון מיר! — האָט געפרעגט גענעראַל בן־ציון.

— גיט מיר אַ דזשיפּ און אַ נאַכט צייט, כדי איך זאָל קאָנען ארויספאָרן באַקוקן די געגנט.

אבידן האָט צוערשט נישט געוואָלט הערן פון דעם. דעם פאַרלוסט פון יעדן קעמפער האָט ער אָפּגעפילט, ווי ער וואָלט פאַרלאָרן אַן אייגענעם זון אָדער טאָכטער. קיין פאָלק האָט זיך נישט געקאָנט דערלויבן אויף אַזאַ זאַך, ווי אויסשטעלן אויף געפאַר דאָס לעבן פון אַזאַ קעמפער ווי דוד בן־עמי. אפשר האָט דוד זיך בלויז איינגערעדט אַז עס עקזיסטירט אַזאַ וועג קיין ירושלים?

— אַ דזשיפּ און פיר און צוואַנציק שעה — האָט דוד זיך געבעטן.

אבידן האָט אַ קוק־געטאָן אויפן גענעראַל בן־ציון. אַלטערמאַן האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. דער געדאַנק וועגן ירושלים האָט אַלעמען געדריקט. די שטאָט האָט פאָרגע־שטעלט מיט זיך דעם גייסטיקן קערן פון יידנטום, אָבער בן־ציון האָט זיך שוין נישט איינמאָל געשטעלט די פראַ־גע, צי איז נישט אַמאָל אַ משוגעת דאָס וועלן איינהאַלטן די שטאָט.

— איר מוזט מיר געבן אַ געלעגנהייט! — האָט דוד אויסגערופן.

אין זעלבן מאָמענט האָט מען אָנגעקלאַפּט אין טיר. אַלטערמאַן האָט אויפגעמאַכט די טיר און איבערגענומען אַ מעלדונג, וועלכע ער האָט גלייך איבער־געגעבן אין די הענט פון גענעראַל בן־ציון. דער שעף פון גענעראַל־שטאַב איז געוואָרן בלייך ווי אַ טוך. ער האָט איבערגעגעבן די מעלדונג צו אבידן און מען האָט געזען, ווי אבידנס הענט האָבן אָנגעהויבן צו ציטערן. טרערן האָבן זיך באַוויזן אין זיינע אויגן.

— די אַלט־שטאָט האָט קאַפּיטולירט — האָט ער אַרויס־געזאָגט מיט אַ קוים הערבאַרער שטימע.

— דאָס קאָן נישט זיין! — האָט מאַיאָר אַלטערמאַן אויסגעשריען.

דוד האָט זיך אָן כוחות אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול.

— אָן ירושלים איז נישטאָ קיין יידישע נאַציע! — האָט בן־ציון געזאָגט. — פּאָר, דוד, געפין אַ וועג קיין ירושלים!

ווען דאָס פאָלק ישראל איז געשטאַנען ביים ברעג פון ים־סוף, האָבן די שבטים זיך געקריגט צווישן זיך: איין שבט האָט געזאָגט, אַז ער וועט נישט אריינגיין דער ערשטער אין ים און דער אַנדערער האָט געזאָגט, אַז אויך ער וועט נישט זיין דער ערשטער. אין דער צייט וואָס זיי האָבן זיך געקריגט צווישן זיך איז נחשון בן עמינדב אַריינגעשפּרונגען דער ערשטער אין ים. דוד בן עמי׳ס אַקציע איז באַצייכנט געוואָרן מיטן נאָמען „נחשון".

ווי נאָר עס איז פינצטער געוואָרן איז דוד בן־עמי אָפּגעפאָרן קיין רחובות און פון דאָרטן צו די בערג פון יהודה. צופוסנס פון באַרג, נעבן לאַטרון, האָט ער זיך פאַרקערעוועט אין אַ זייט צו די ווילד־פאַרוואַקסענע וואַדיס. די געפאַר זיך אָנצוטרעפן אויף אַן אַראַבישן פּאַטרול איז געווען זייער אַ גרויסע. מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקייט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט ביי אַן אָרט, ווו צוויי וואַדיס זענען זיך צוזאַמענגעקומען. מיט אַ רידל האָט ער אויפגעגראָבן עטוואָס די ערד און אַרויסבאַקומען עטלעכע שטיינער. די סטרוקטור פון די שטיינער האָט באַשטעטיקט זיין השערה, אַז דאָ דאַרף זיך געפינען דער אַלטער רוימישער וועג.

געפינענדיק די אַלגעמיינע ריכטונג פון דאָזיקן אור־אַלטן וועג האָט דוד זיך געלאָזט מיט זיין דזשיפּ אין אַ בויגן אַרום לאַטרון. ער האָט געמוזט אָפּט אָפּשטעלן דעם מאָטאָר, כדי די אַראַבער זאָלן נישט הערן קיין גערויש. אין איינציקע ערטער איז ער געקראָכן אויף אַלע פיר, כדי צו געפינען דעם וועג צווישן די פעלזיקע וואַדיס. די זעכצן קילאָמעטער האָבן געשיינט זיך צו ציען אָן אַ סוף. די נאַכט איז שנעל פאַרגאַנגען און די געפאַר פון אָנשטויסן זיך אויף אַן אַראַבישן פּאַטרול איז געוואָרן אַלץ גרעסער.

בן־ציון און אבידן זענען געזעסן די גאַנצע נאַכט און נישט צוגעמאַכט מיט קיין אויג. ווען עס האָט אָנגעהויבן צו טאָגן האָט זיך אויף זייערע פּנימער געמאָלט אַן אויסדרוק פון מידקייט און זאָרג. עס איז פאַר זיי קלאָר געוואָרן, אַז דוד האָט זיך אונטערגענומען אַ זינלאָזע זאַך און טיף אין האַרצן האָט יעדער פון זיי געטראַכט, אַז מער וועלן זיי שוין דודן נישט זען.

דער טעלעפאָן האָט זיך צעקלונגען. אבידן האָט אַראָפּגענומען דאָס טרייבל. זיין פּנים איז געוואָרן געשפּאַנט.

— דאָס איז די שיפּע־אָפּטיילונג — האָט אבידן געזאָגט.

— וואָס זאָגן זיי?

— 35, 8.

בן־ציון האָט גענומען אַ תנ״ך אין האַנט. ער האָט לאַנג געבלעטערט און ענדלעך האָט זיך פון זיין ברוסט אַרויסגעריסן אַ זיפץ פון פאַרלייכטערונג. ער האָט געפונען דאָס אָרט: ישעיהו ל״ה, ח׳: „והיה שם מסלול ודרך... לא יהיה שם אריה, ופריץ חיות בל יעלנה... והלכו גאולים...״

דער ערשטער שריט אויפן וועג דורכצופירן די אַקציע „נחשון" איז געמאכט געוואָרן: דוד בן־עמיס פּלאַן ארומ־צוגיין לאַטרון האָט געקאָנט רעאַליזירט ווערן. פאַר ירושלים האָט עקזיסטירט אַ האָפענונג. טויזנטער פרייוויליקע אין ירושלים, וועלכע האָבן געשווירן צו האַלטן דעם ענין בסוד, זענען אין די נעכט אַרויס, כדי צו פאַרלייגן אַ וועג לענג־אויס דער טראַסע, וועלכע דוד בן־עמי האָט אָנגעצייכנט. דוד אליין האָט זיך צוריקגעקערט קיין תל־אביב, ווו ער האָט מאָביליזירט אַ צווייטע גרופּע פרייוויליקע, וואָס האָט אָנגעהויבן צו פארלייגן א וועג פון דער צווייטער זייט. די ביידע אַרבעטס־גרופּן זענען בייטאָג געלעגן אויס־באַהאַלטן און נאָר אין די נעכט האָבן זיי געאַרבעט פיבער־האַפּט און שווייגנדיק. דאָס אויסגעגראָבענע ערד האָט מען געמוזט שטילערהייט אַוועקטראָגן אין זעק אויף די פּליי־צעס. דוד בן־עמי האָט געבעטן מען זאָל אים סטאַביל ארי־בערטראָגן קיין ירושלים און מען האָט נאָכגעגעבן זיין בקשה.

ירדנה האָט די גאַנצע צייט, זינט זי האָט זיך געזעגנט מיט דודן, זיך געפונען אין א מצב פון געשפּאַנטער נערוועז־קייט. זי האָט זיך צוריקגעקערט קיין גן־דפנה, ווו עס איז געווען זייער א סך ארבעט ביים צוריק אויפבויען די חרוי־בע הייזער. דאָס רוב געביידעס איז געלעגן צעשטערט. די יינגערע קינדער, וואָס זענען עוואַקואירט געוואָרן, זענען אינצווישנצייט צוריקגעקומען. קיטיס וווינונג האָט ווייניק געליטן און זי האָט געוווינט צוזאַמען מיט ירדנה און קארען. צווישן די פרויען האָט זיך פארבונדן אַ האַר־ציקע פריינטשאַפט.

אַ געוויסן טאָג איז קיטי אריינגעקומען צו ירדנהן, וועלכע איז געזעסן ביים שרייב־טיש און צוגעגרייט אַ

באַריכט. קיטי האָט זיך אַוועקגעזעצט פון דער אַנדערער זייט שרייב־טיש. ירדנה האָט אויפגעהויבן איר בליק און אַ שמייכל געטאָן, אָבער דערזעענדיק דעם אויסדרוק אויף קיטיס פנים איז זי פּלוצים ערנסט געוואָרן. קיטי האָט ארויסגענומען די פּעדער פון ירדנהס האַנט. אַ לאַנגע צייט זענען זיי ביידע געזעסן און נישט אויסגערעדט קיין וואָרט.

— דוד איז טויט! — האָט ירדנה זיך אָפּגערופן די ערשטע.

— יאָ — האָט קיטי געזאָגט.

— ווי אַזוי איז דאָס געשען? — האָט ירדנה געפרעגט מיט אַ געבראָכענער שטימע.

— אַרי האָט מיר טעלעפאָנירט מיט אייניקע מינוטן צוריק. די געגנויע אומשטענדן ווייסט מען נישט. ער האָט אָרגאַניזירט אַ גרופּע פון „הגנה", פלמ"ח און „מכבים". אויף דער אייגענער האַנט. ער האָט געוואָלט צוריק דעראָבערן די ירושלימער אַלט־שטאָט. זיי האָבן פאַרנומען דעם הר־ציון...

— ווייטער?

— זיי האָבן געקעמפט אויף פאַרלאָרענע פּאָזיציעס. דאָס איז געווען אַ זעלבסטמאָרד־גרופּע...

ירדנה איז געזעסן אומבאַוועגלעך.

— וואָס קאָן איך טאָן? — האָט קיטי געזאָגט.

— איר דאַרפט זיך נישט זאָרגן וועגן מיר — האָט ירדנה זיך אָפּגערופן מיט אַ פעסטער שטימע און איז אַרויס פון צימער.

קיינער האָט נישט געזען, אַז ירדנה זאָל פאַרגיסן אַ טרער. זי האָט זיך פאַרשטעקט מיט איר ווייטיק אין די

חורבות פון נבי יושע. פיר טעג און נעכט איז זי דאָרטן געזעסן אָן עסן און טרינקען. דאַן איז זי צוריקגעקומען קיין גן־דפנה. פונקט אזוי ווי ארי האָט קיינמאָל נישט גערעדט וועגן טויט פון דפנה, אַזוי האָט אויך ירדנה מער נישט גערעדט וועגן דודן.

א חודש נאָכדעם, ווי דוד האָט געפונען דעם אַלטן רוימישן וועג איז פאַרענדיקט געוואָרן דער בוי פון שאָסיי, וואָס האָט אַרומגערינגלט לאַטרון. דער שאָסיי האָט באַקומען דעם נאָמען „בורמא־וועג". אַ טראַנספּאָרט־קאָלאָנע, וואָס איז געווען פאַרזיכערט מיט פאַנצער־אויטאָס איז דורגעפאָרן דעם וועג קיין ירושלים און מיט דעם איז געמאַכט געוואָרן אַ סוף צו דער באַלאַגערונג פון שטאָט. ביז צו דעם מאָמענט האָט קיינער נישט געוווּסט, צי מדינת ישראל וועט אויסהאַלטן. אָבער אין אויגנבליק ווען דיביידע אַרבעטס־גרופּן פון ירושלים און תל־אביב האָבן פאַרענדיקט דעם וועג אַזוי זיך געגעבן די הענט, האָבן די יידן געווונען זייער פרייהייטס־קריג.

# דאס פינפטע בוך

## פליגלען ווי אָדלערס

קול קורא במדבר, פנו דרך ה׳, ישרו
בערבה מסילה לאלוהינו...
וקוי ה׳ יחליפו כוח, יעלו אבר כנשרים...
ישעיה מ, ג׳, ל״א

אַ קול רופט: ראַמט אָפּ אין מדבר דעם וועג
פון יהודה, גלייכט אויס אין דער וויסטע
אַ שטעג פאַר אונזער גאָט...
אָבער די וואָס האָפן אויף גאָט וועלן באַנייען
דעם כוח, זיי וועלן אויפהייבן פליגלען
ווי די אָדלערס...
(יידישע איבערזעצונג לויט יהואש)

# קאַפּיטל 1

דער גאַנצער פאַרמעגן פון דער פלי־געזעלשאַפט „לופט־ליניע צום אַרקטיק־ראַיאָן" אין דער שטאָט נאָם, אַלאַסקאַ, איז באַשטאַנען פון דריי אויסגעדינטע טראַנספּאָרט־עראָ־פּלאַנען, וואָס זענען געקויפט געוואָרן אויף קרעדיט פון די מיליטערישע רעשטן, דורך דער פירמע „סטרעטש טאָמפּסאָן".

סטרעטש אַליין איז בעתן קריג געווען אַ זעלנער אין אלאסקא. מען האָט אים געהאלטן פאר א יונגנמאן, וועמענס פאנטאזיע עס האָט נישט קיין גרענעצן, ווען מען האָט געדארפט זיך ארויסדרייען פון וועלכער עס איז פיזישער ארבעט. די נעכט אין אלאסקא זענען זייער לאנג און סטרעטש טאָמפּסאָן האָט געהאָט אַ סך צייט אויף מחש־בות. דער עיקר האָט ער געטראכט ווי אזוי מען וואָלט געקאָנט אויסנוצן די אומגעהויערע רייכטימער פון אַלאַס־קאַ און מען זאָל דערביי נישט דארפן אַרבעטן. וואָס לענ־גער די נעכט זענען געוואָרן, אַלץ מער האָט ער געטראַכט און אַ געוויסע נאַכט איז ער געפאַלן אויפן געדאַנק: ער וועט אַנהויבן האַנדלען מיט ראַקעס!

דער גאַנצער ים־ברעג פון אַלאַסקאַ ווימלט מיט ראַ־קעס, וואָס האָבן אַ לענג פון דרייסיק ביז פערציק צענטי־מעטער, און סטרעטש האָט באַשלאָסן צו מאַכן פון זיי אַ דעליקאַטעס פון וועלכן די אַמעריקאַנער וועלן לעקן די

פינגער. ער האָט געטראַכט, אַז ביי אַ געהעריקער רע־
קלאַמע וועלן די סוחרים רייסן ביי אים די סחורה פון די
הענט און אין א קורצער צייט וועט ער ווערן רייך און
באַרימט: סטרעטש טאָמפּסאָן — דער קעניג פון די ראַ־
קעס!

דער האַנדל מיט די ראַקעס האָט זיך אָבער נישט
איינגעגעבן. — ווייזט אויס, אַז די מענטשלעכע ראַסע
איז נאָך נישט גענוג אַנטוויקלט, כדי זי זאָל פאַרשטיין
דעם נוצן פון ראַקעס — האָט טאָמפּסאָן געטראַכט. די
קאָסטן פון אויסהאַלטן די עראָפּלאַנען און דער לוין פאַר
די פּילאָטן זענען נאָך אַלץ געווען גרעסער, ווי די הכנ־
סות. אָבער סטרעטש איז געווען א מענטש, וואָס רעזיג־
נירט נישט אזוי לייכט. ער איז געווען דער אייגנטימער
פון אַ לופט־ליניע און ער האָט זיך דערביי געהאַלטן,
הגם זיינע עראָפּלאַנען האָבן אָנגעהויבן צו פליען אַלץ
זעלטענער און די גאַנצע אונטערנעמונג האָט זיך גע־
האלטן אויף הינערשע פיסלעך.

סטרעטש טאָמפּסאָן האָט אָבער געהאַט מזל מיט זיינע
פליער. צווישן זיי האָט זיך געפונען דער פּילאָט פּאָסטער
י. מעק־וויליאַמס, וועלכן מען האָט גערופן מיטן צונאָמען
„טעקס", ווייל ער האָט געשטאַמט פון טעקסאַס. סטרעטש
פלעגט זאָגן, אז פּאָסטער איז דער בעסטער פּילאָט אויף
דער וועלט. און באמת האָט ער געהאַט אַ נאָמען פון אַן
אויסערסט־מוטיקן מאַן און קיינער אין נאָם האָט נישט
געוואָלט גיין מיט אים אין געוועט, ווען ער האָט דער־
קלערט, אַז ער איז גרייט צו לאַנדן מיט אַ גרויסן עראָפּלאַן
אויפן שפּיץ פון אַן אייז־באַרג, און דערצו נאָך אין אַ
שיכורן צושטאַנד.

פֿאָסטער וויליאַמס איז באמת געווען אַ גרויסער שיכּור און אַ וואגאבונד. ער איז אָבער געווען גלייכצייטיק אַן אויסגעצייכנטער פּליער און ער וואָלט געקאָנט באַקומען אַרבעט אין די גרעסטע פּלי־געזעלשאַפֿטן. דאָס איז אָבער געווען פֿאַר אים צו לאַנגווייליק. ער האָט ליב געהאַט ריזיקאַלישע אַוואַנטורעס און אַזוי אַרום האָט ער געטראָפֿן צו דער „פּלי־געזעלשאַפֿט" פֿון סטרעטש טאָמפּסאָן.

אַ געוויסן טאָג איז „טעקס" אַריינגעקומען אין הילצערנעם באַראַק, וואָס איז געשטאַנען צום סוף פֿון קליינעם פּלי־פּלאַץ, און וועלכער האָט גלייכצייטיק געדינט אַלס ביוראָ און אַלס וווינונג פֿאַר סטרעטש טאָמפּסאָן.

— גוט מאָרגן, סטרעטש — האָט פֿאָסטער וויליאַמס זיך אָפּגערופֿן. — אַ ביטערע קעלט הייַנט אין דרויסן.

— צי וואָלסטו נישט געוואָלט, פֿאָסטער, אַריבערטראָגן דייַן טעטיקייט אין אַ וואַרעמען קלימאַט און באַקומען פֿון פֿאַרויס דעם גאַנצן לוין?

— לאָז צורו מיט דייַנע נאַרישע וויצן.

— ניין, טעקס, איך מיין דאָס גאַנץ ערנסט. דו האָסט נישט קיין אַנונג...

— וואָס?

— טרעף!

פֿאָסטער האָט אַ צוק־געטאָן מיט די אַקסלען.

— דו האָסט פֿאַרקויפֿט דאָס געוועלבל? — האָט ער געפֿרעגט.

— האָסט געטראָפֿן.

פֿאָסטער איז געבליבן זיצן מיט אַן אָפֿן מויל.

— און וועמען האָסטו אַריינגעדרייט דעם שמעלץ? איך מיין, די עראָפּלאַנען.

— איך אינטערעסיר זיך נישט מיט די לעבנס־געשיכטעס פון די דאָזיקע מענטשן. איך האָב פעסטגעשטעלט, אַז זייער געלט איז גוט און דאָס איז יענוג פאַר מיר.

— זאָל מיך נעמען דער טייוול, סטרעטש, האָסט געטאָן אַ גוטע זאַך. אַלץ איינס איז מיר שוין נמאס געוואָרן דיין געשעפט. וויפל, מיינסטו, ביסטו מיר שולדיק?

— מיט דער הוספה, וואָס איך גיב דיר, בין איך דיר שולדיק אַן ערך פיר טויזנט דאָלאַר.

פאָסטער י. מעק־ווילּיאַמס האָט ארויסגעלאָזן אַ לאַנגן פייף.

— דאָס וועט זיין גענוג אויף אַ סך בראָנפן. פון אַלאַס־קאַ ביז דרום־אמעריקע וועל איך פליען אַ שיכורער. איך פלי קיין דרום, סטרעטש. איך וויל אָננעמען אַן ארבעט ביי איינער פון די דאַרטיקע פלי־געזעלשאַפטן. איך האָב גע־הערט, אַז זיי צאָלן מזומן, ווען מען פירט אַריבער דינאַמיט איבער די אַנדן־בערג.

— יאָ, אָבער, דער גאַנצער ענין איז נישט אַזוי פשוט...

— איך האָב גלייך פאַרשטאַנען.

— עס גייט אין דעם, אַז מיר מוזן צושטעלן די דריי עראָפּלאַנען צו די נייע אייגנטימער. פאַר צוויי עראָפּלאַנען האָב איך שוין געפונען פּילאָטן, אָבער פאַרן דריטן עראָפּלאַן האָב איך נאָך נישט קיינעם.

— ווילסטו זיכער זאָגן, אַז איך בין דער איינציקער אי־דיאָט, וואָס איז גרייט צו פליען מיטן דאָזיקן אַלטן קאַסטן? גוט, זאָל זיין אַזוי. און ווו זאָל איך אים אָפּפירן?

— קיין ישראל.

— ווו?

—ישראל!

— איך האָב קיינמאָל נישט געהערט אַזאַ נאָמען.
— איך האָב טאַקע געזוכט דאָס אָרט אויף דער מאַפּע און נישט געקאָנט געפינען — האָט סטרעטש געזאָגט.
סטרעטש טאָמפּסאָן און פּאָסטער י. מעק־וויליאַמס האָבן זיך אַריבערגעבויגן איבער אַ גרויסער וועלט־קאַרטע און געזוכט דאָס לאַנד ישראל, אָבער זיי האָבן עס בשום אופן נישט געקאָנט געפינען.
— סטרעטש, איך האָב דעם איינדרוק, אַז מען האָט דיך צורעכט געמאַכט... — האָט דער פליער זיך אָפּגערופן.
ביידע זענען אוועק אין שטאָט און יעדן איינעם, וואָס זיי האָבן געטראָפן אין די קנייפּעס, האָבן זיי געפרעגט צי ער ווייסט נישט ווו עס געפינט זיך א לאַנד מיטן נאָמען ישראל. עמיצער האָט עפּעס יאָ געהערט וועגן דעם, אָבער קיין גענויע פּרטים האָט קיינער נישט געוווסט. טראָץ דער קעלט האָט סטרעטש אַזש אָנגעהויבן צו שוויצן פון אויפרעגונג. צום סוף האָט זיי עמיצער געראַטן זיי זאָלן גיין פרעגן דעם אַר־טיקן ביבליאָטעקאַר.
— דאָס איז פּאַלעסטינע! — האָט דער ביבליאָטעקאַר אויסגעשריען ווילד — אַן איינפאַל פון משוגעים מיך צו וועקן אין מיטן דער נאַכט.
זיי האָבן ווידער אָנגעהויבן צו זוכן אויף דער מאַפּע און צום סוף האָבן זיי געפונען „פּאַלעסטינע".
— זאָל דיך כאַפּן דער טייוול, סטרעטש — האָט פּאָסטער געזאָגט. — דאָס לענדל איז דאָך קלענער פון אַן אייז־באַרג. אויב מען זאָל נישט אַכטונג געבן, קאָן מען אַריבערפליען איבער איר, מען זאָל דאָס אפילו נישט באַמערקן.
דריי וואָכן שפּעטער האָט פּאָסטער י. מעק־וויליאַמס געלאַנדעט מיט דעם דריטן עראָפּלאַן אויפן פלי־פּלאַץ אין

לוד. סטרעטש טאָמפּסאָן, וועלכער איז געקומען אַהער מיט אַ וואָך פריער, האָט אים אוועקגעפירט אין ביוראָ. פּאָסטער האָט באַמערקט אויף דער טיר פאָלגנדן שילדל: „פּאַלעסטינער צענטראַלע לופט־ליניע, ס. ס. טאָמפּסאָן, גענעראַל־דירעקטאָר".

— עס פרייט מיך זייער דיך צו זען, טייערער פריינט — האָט סטרעטש געזאָגט. — ווי איז דיר צוגעגאַנגען דער פלי?

— זייער גוט. און איצט, אויב דו וועסט מיר באַצאָלן דאָס, וואָס מיר קומט, פאָר איך קיין פּאַריז. איך האָב איינ־געשטעלט אַ גוטן קאָנטאַקט און אין אַ חודש ארום דאַרף איך שוין זיין אין ריאָ דע זשאַנעיראָ.

— באַקומסט גלייך דיין געלט — האָט סטרעטש גע־זאָגט. — איך האָב פאַר דיר מזומן.

פּאָסטער מעק־וויליאמס האָט אויפגעעפנט אַ פּאָר גרויסע אויגן דערזעענדיק די באַנקנאָטן.

— פיר טויזנט פינף הונדערט דאָלאַר — האָט דער פּילאָט אויסגערופן אַ באַגייסטערטער.

— די פינף הונדערט דאָלאַר האָב איך דיר צוגעלייגט, כדי דיר צו ווייזן, אַז סטרעטש טאָמפּסאָן איז נישט קיין חזיר.

— איך האָב שטענדיק געזאָגט, אַז דו ביסט אַ וווילער בחור.

— איבעריקנס, טעקס, מוז איך דיר זאָגן, אַז דאָ איז זייער אַן אינטערעסאַנט אָרט. כמעט יעדער מענטש איז דאָ אַ ייד. איך בין שוין דאָ אַ וואָך צייט און איך קאָן מיך נאָך אַלץ נישט צוגעוווינען צו דעם.

פּאַסטער האָט נישט געהאַט בדעה צו פרעגן סטרעטשן, וואָס ער טוט דאָ, אָבער ער האָט נישט אויסגעהאַלטן און צום סוף האָט ער אים דאָך געפרעגט וועגן זיינע נייע פּלענער.

— גיב אַ קוק אויפן שילדל און דו וועסט אַלץ וויסן — האָט סטרעטש געזאָגט. — „פּאַלעסטינער צענטראַלע לופט־ליניע". איך אַליין האָב אויסגעטראַכט דעם דאָזיקן נאָמען. די היגע מענטשן האָבן נישט קיין אַנונג ווי אַזוי מען אָרגאַני־זירט אַן ערשט־קלאַסיקע לופט־ליניע און זיי האָבן מיך געפרעגט, צי איך בין נישט גרייט דאָס צו טאָן. דאָס ערשטע, וואָס איך האָב זיי געזאָגט איז געווען, אַז אויב זיי ווילן האָבן אַן ערשט־קלאַסיקע לופט־ליניע, מוזן זיי האָבן קודם־כל ערשט־קלאַסיקע פּליער. און ווייטער האָב איך זיי געזאָגט, אַז איך האָב אַזאַ פּליער.

— אלזאָ, צום ווידערזען... — האָט פּאַסטער אויסגערופן און זיך אַ לאָז־געטאָן צו דער טיר.

— וווּ ברענט? — האָט סטרעטש געפרעגט.

— איך פאָר קיין פּאַריז.

— איך האָב אַ געשעפט פאַר דיר.

— איך בין נישט פאַראינטערעסירט.

— הער כאָטש אויס, וואָס איך וויל דיר זאָגן.

— איך וועל הערן, אָבער איך אַנגאַזשיר זיך נישט. איך פאָר אַוועק קיין פּאַריז, ווען איך זאָל אפילו דאַרפן שווימען אַהין דורכן ים.

— הער אויס מיט קאָפּ — האָט סטרעטש זיך אָפּגעד רופן. — ווי איך האָב דיר שוין געזאָגט, זענען אַלע מענטשן, וואָס וווינען דאָ, יידן. זיי האָבן געקויפט מיין פלי־געזעלשאַפט

אין אַלאַסקאַ, כדי צו ברענגען אַהער נאָך מער יידן. מענטש, אויף דער גאַנצער וועלט געפינען זיך יידן, און זיי ווילן קומען קיין ישראל. מיר האָבן גאָרנישט צו טאָן, ווי נאָר אויפצולאָדן די דאָזיקע מענטשן אויפן עראָפּלאַן און זיי ברענגען. צי באַגרייפסטו? יעדער פלי וועט אונדז אַריינברענגען אַ הויפן מיט געלט. מזומן געלט אויף דער האנט. דאָס איז אן איינמאָליקער שאנס. מיין פריינט. אַרבעט מיט און דו וועסט שווימען אין געלט. קענסט דאָך מיך, טעקס. איך דערצייל נישט קיין באָבע־מעשיות. איך בין נישט קיין חזיר...

— איך ווייס אַליין אין וואָס איך וועל שווימען. איך וועל דיר צושיקן אַ קאָרטל פון ריאָ דע זשאַנעירא.

— זייער גוט, פּאָסטער. עס האָט מיך זייער געפרייט זיך צו באַקענען מיט אייך.

— וואָס ביסטו אַזוי בייז געוואָרן?

— בייז? איך בין נישט בייז.

— מיר האָבן דאָך זייער גוט צוזאַמענגעאַרבעט אין נאָם, נישט אמת?

— זייער גוט, פּאָסטער, עס האָט מיך זייער געפרייט דאָרטן אָפּגעפרוירן אַלע פינגער...

— לייג צו אַ וואַרעם־פּלאַש — האָט פאסטער געזאָגט און אויסגעשטרעקט צו סטרעטשן א האנט, כדי זיך מיט אים צו געזעגענען. אויפן פּנים פון סטרעטש טאָמפּסאָן האָט זיך באַוויזן אַ גרימאַס פון אומצופרידנקייט.

— וואָס איז מיט דיר, סטרעטש? מאַכסט אַזאַ מינע,

ווי איך וואָלט דיך אַריינגעשטעקט אַ מעסער צווישן די ריפּן.

— איך וויל זיין אויפריכטיק מיט דיר, פאָסטער — האָט סטרעטש געזאָגט. — איך בין אין אַ צרה. מיר האָבן באַקומען אַ דרינגענדע טעלעגראַמע, אַז אַ גרויסע צאָל יידן געפינט זיך אין אַן אָרט מיטן נאָמען אַדען און זיי וואַרטן מען זאָל זיי קומען אָפּנעמען. איך האָב געדונגען אַ פּאָר פּילאָטן, אָבער זיי האָבן מיך אָנגעפּייפט.

— ביסט באמת אַ שלימזל, סטרעטש, אָבער איך אַנגאַזשיר זיך נישט. איך פאָר קיין פּאַריז.

— טו ווי דו ווילסט — האָט סטרעטש געזאָגט. — איך אויף דיין אָרט וואָלט אויך אַזוי געטאָן. איך נעם דאָס דיר נישט פאַר אומגוט. די פּילאָטן, וועלכע איך האָב אַנגאַזשירט האָבן פּשוט מורא באַקומען ווען זיי האָבן דערהערט, אַז די אַראַבער קאָנען אויף זיי שיסן.

פאָסטער, וועלכער איז שוין געשטאַנען נעבן דער טיר, האָט זיך אויסגעדרייט און לאַנג אָנגעקוקט סטרעטשן.

— ביסט גערעכט, פאסטער, פאָר קיין פּאַריז. צוליב וואָס דאַרפסטו זיך איינשטעלן דאָס לעבן. דאָס איז באמת אַ געפערלעכער ים־ברעג. נאָך מער געפערלעכער, ווי פירן דינאַמיט איבער די אַנדן־בערג.

פאָסטער י. מעק־וויליאמס האָט פארביסן די ליפּן. סטרעטש האָט נאָך עפּעס געזאָגט, אָבער ער האָט שוין געוווסט, אַז דער פּילאָט וועט צושטימען צום פלי קיין אַדען.

— גוט, סטרעטש, איך וועל מאַכן בלויז איין פלי, כדי דיר צו העלפן זיך אַרויסצובאַקומען פון דער צרה. אָבער מוזט געפינען עטלעכע פּילאָטן ביז איך וועל צוריקקומען.

איך מאַך בלויז איין רייזע. און ווו ליגט, צום טייוול, דער דאַזיקער אדען?

— און דו מיינסט, אַז איך ווייס ווו דאָס איז?

— לאָמיר נעמען אַ מאַפּע און זוכן...

ווען פּאָסטער י. מעק־וויליאמס, דער אמעריקאנער וואנ־דערנדיקער פּילאָט, איז אָפּגעפלויגן פון פלי־פּלאַץ אין לוד, האָט ער זיך אַריינגעלאָזן אין אַזאַ אונטערנעמונג, וואָס איז געווען פאַנטאַסטישער ווי אַ מעשהלע פון טויזנט און איין נאַכט. ער איז געפלויגן לענג־אויס דעם רויטן ים צום בריטישן פּראָטעקטאָראַט אַדען, וואָס געפינט זיך ביים דרומדיקן עק פון אַראַבישן האַלב־אינדזל.

גענוי גענומען האָט די דאָזיקע אונטערנעמונג זיך אָנגע־הויבן מיט דריי טויזנט יאָר צוריק אינעם אַלטן קעניגרייך שבא. אין די צייטן פון מלכת שבא איז דער דרומדיקער טייל פון אַראַבישן האַלב־אינזל געווען אַ רייך לאַנד. די איינוווינער פון דאָזיקן לאַנד האָבן געקענט די קונסט פון בויען וואַסער־קאַנאַלן, דאמבעס און ציסטערנעס, אין וועלכע מען האָט אויפגענומען דאָס רעגן־וואַסער. מיטן דאָזיקן וואַסער האָט מען פאַרוואנדלט דאָס לאַנד אין אַ בליענדיקן גאָרטן. נאָכן באַזוך פון מלכת שבא ביים מלך שלמה זענען אייניקע מענטשן פון יידישן קעניג אַוועק קיין שבא, כדי אויפצושטעלן אין מדבר אַ האַנדלס־וועג און צו גרינדן אין שבא אַ יידישע קאָלאָניע. די דאָזיקע יידן זענען דאָרטן אָנגעקומען אין דער תקופה פון תנ״ך, הונ־דערטער יאָרן פאַרן חורבן בית ראשון.

אין משך פון יאָרן האָבן די יידן געלעבט אין שבא זייער גוט. זיי האָבן דאָרטן אויפגעשטעלט אייגענע ישובים

און זיך איינגעשלאָסן אין לעבן פון די מדבר־שבטים. זיי זענען באַשטימט געוואָרן אַלס מיניסטאָרן אין די קעניגלעכע הויפן און האָבן געהערט צו די אָנגעזעענסטע בירגער פון לאַנד. נאָך דעם זענען אָבער געקומען שרעקלעכע יאָרן. דער זאַמד פון מדבר האָט לאַנגזאַם און אָן אויפהער אָנגעהויבן צו פאַרשלינגען דעם פרוכטבארן באָדן. די וואַדיס זענען אויסגעטריקנט געוואָרן און דאָס רעגן־וואַסער איז שפּורלאָז פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער אויסגעטריקנטער ערד. מענטשן און בהמות האָבן געשמאַכט אונטער די אומברחמנותדיקע שטראַלן פון דער זון און דער קאַמף פאַר אַ ביסל וואַסער איז געווען גלייך ווי דער קאַמף פאר לעבן. די בליענדיקע מדינה שבא און די שכנותדיקע לענדער זענען זיך פאַנאַנדערגעפאַלן אויף באַזונדערע פיינטלעכע שבטים וועלכע האָבן זיך בלוטיק באַקעמפט. ווען דער איסלאַם האָט באזיגט יענע געביטן האָט ער צוערשט רעספּעקטירט די רעליגיעזע און קולטורעלע אייגנאַרט פון די יידן, אָבער די דאָזיקע גלייכבארעכטיקונג האָט געדויערט בלויז אַ קורצע צייט. אין אַלע מוסולמענישע לענדער האָט מען אָנגעהויבן צו קוקן אויף די אנדערש־גלויביקע מיט גרינגשעצונג. צום סוף איז דערגאַנגען צו בלוטיקע פּאָגראָמען קעגן די יידן. זיי האָבן אָבער נישט אָנגענומען אין די אַראַבישע לענדער די פאָרם פון אַ פּלאַנמעסיקן מאַסן־מאָרד, ווי דאָס איז געשען אין אייראָפּע.

ווי אין אַלע אַראַבישע לענדער, האָט מען אויך די יידן פון תימן אָנגעהויבן צו באַהאַנדלען ווי בירגער פון צווייטער קאַטעגאָריע. מען האָט אָנגעווענדעט קעגן זיי באַגרענעצונגען, זיי האָבן געמוזט צאָלן העכערע שטייערן און האָבן געהאַט ווייניקער רעכט, ווי די מוסולמענער. זיי זענען געווען

אויסגעשטעלט אויף פאַרפאַלגונגען און אויפן ווילקיר פון די אַראַבישע הערשער.

אַ ייד האָט נישט געטאָרט אין קעגנוואַרט פון אַ מוסולמענער ריידן הויך. ער האָט נישט געטאָרט בויען קיין הויז, וואָס זאָל זיין העכער ווי דאָס הויז פון מוסולמענער. ער האָט נישט געטאָרט אָנרירן אַ מוסולמענער און נישט געטאָרט פאַרבייגיין פון זיין רעכטער זייט. אַ ייד האָט נישט געטאָרט רייטן אויף אַ קעמל, היות ער וואָלט געווען העכער ווי אַ מוסולמענער. אין אַ לאַנד, ווו דער קעמל איז געווען דער איינציקער און וויכטיקסטער קאָמוניקאַציע־מיטל, איז דאָס געווען זייער אַ שווערע באַגרענעצונג פאַר יידן. דאָס רוב יידן האָט געלעבט אין די „מעלהאָס", די אָריענטאַלישע געטאָס.

די וועלט האָט זיך פאַרענדערט און אַנטוויקלט, אָבער אין תימן איז די צייט געבליבן שטיין אויף איין אָרט. דאָס לאַנד איז געבליבן אַזוי פּרימיטיוו, ווי דער דזשונגל, אַזוי ווייט און אומדערגרייכבאַר ווי נעפּאַל אָדער אויסערן־מאָנגאָליע. אין תימן איז נישט געווען קיין שפּיטאָל, עס זענען נישט געווען קיין שולן און קיין צייטונגען און נישט קיין שאָסייען. דאָס איז געווען אַ לאַנד פון וויסטע מדבריות און אומצוגענגלעכע הויכע בערג. איינזאַמע ישובים זענען געווען צעוואָרפן צווישן די דאָזיקע הויכע בערג, אַרומגערינגלט דורך ווילדע פלאַנצן. אלע איינוווינער פון תימן זענען געווען אַנאַלפאַבעטן. די גרענעצן פון דער דאָזיקער מדינה זענען קיינמאָל נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן גענוי. תימן איז רעגירט געוואָרן דורך אַ אימאַם, אַ קרוב פון מוכאמעדן און דער פאַרטרעטער פון אללאַ אויף דער ערד. דער אימאַם אין תימן איז געווען אַן אַבסאָלוטער הערשער.

אין זיינע הענט האָט זיך געפונען דאָס לעבן און דער טויט פון אַלע זיינע אונטערטאַנען. ער איז נישט געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר קיינעם. אויף זיין הויף האָבן זיך געפונען הונדערטער שקלאַפן. ער האָט פיינט געהאַט די ציוויליזאַציע און ער האָט אַלץ געטאָן כדי נישט דערלאָזן, אַז קיין תימן זאָלן אַריינדרינגען נייע ווינטן.

די מורא פון אימאַם פאַר דער ציוויליזאַציע איז אויך געווען אַ רעזולטאַט פון דעם, וואָס די ציוויליזאַציע האָט געוואָרפן אַ גיריק אויג אויף זיין לאַנד. ווי פאַרלאָזן תימן איז נישט געווען, איז זי דאָך געלעגן אין אַ ווינקל פון דער וועלט, וואָס שטעלט מיט זיך פאַר אַ צוגאַנג צום מזרח און צום רויטן ים.

לגבי די יידן האָט דער אימאַם געשפּילט די ראָל פון אַ ווילטעטיקן טיראַן. כל־זמן די יידן האָבן זיך אונטערגע־וואָרפן זיינע באַפעלן און זענען געווען גרייט אים צו דינען, האָבן זיי גענאָסן פון אַ געוויסער פּראָטעקציע. די יידן פון תימן זענען געווען די בעסטע האַנטווערקער, ווי זילבער־שמידן, יובילערן, קירזשנער, סטאָלער און שוסטער. זיי האָבן איבערגעליפערט פון דור צו דור זייער קונסט און די תימנישע הערשער האָבן זיך אין זיי גענויטיקט. די אַראַבער זענען דער עיקר געווען לאַנדווירטן, אָדער האָבן געוואַנדערט אַלס בעדואינער דורכן מדבר.

די גרעסטע דערשטוינונג רופט אָבער ארויס דער פאַקט, וואָס די יידן אין תימן זענען געבליבן יידן. דריי טויזנט יאָר האָבן די דאָזיקע מענטשן געלעבט אָן וועלכן עס איז קאָנטאַקט מיט דער אויסערלעכער וועלט. זיי וואָלטן געהאַט אַ סך אַ לייכטערן לעבן, ווען זיי וואָלטן איבערגענומען די מוסולמענישע רעליגיע. די תימנער יידן האָבן אָבער

אויסגעהאלטן א דורות־לאנגע איזאָלאַציע און אָפּגעהיט די מצוות פון דער תורה. זיי האָבן אָפּגעהיט דעם שבת. אַ סך פון זיי האָבן אפילו נישט פארשטאנען קיין אראביש. און אַלע האָבן געקאָנט עברית. אין תימן איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט צו דרוקן ביכער, דעריבער זענען אַלע ספרי הקודש געשריבן געוואָרן מיט דער האַנט און איבער־געוויזן געוואָרן פון דור צו דור.

לויט זייער אויסערלעכן אויסזען, קליידונג און אופן פון דענקען קאָן מען אָננעמען די תימנער יידן אַלס נביאישע געשטאַלטן פון דער תנ״ך־צייט. פונקט ווי אין יענער צייט האָבן די תימנער געהאַט פיל ווייבער. זיי גלויבן אין עין־הרע, אין מזיקים און שדים, און כדי זיך צו שיצן פאַר זיי, טראָגן זיי קמיעות. אין משך פון הונדערטער יאָרן האָבן די תימנער נישט אויפגעהערט צו ריכטן זייער בליק קיין ירושלים. הונדערטער יאָרן האָבן זיי געדולדיק געוואַרט אויף גאָטס באַפעל זיך אויפצוהויבן פון זייערע ערטער, כדי זיך צוריקצוקערן קיין ארץ־ישראל. פון צייט צו צייט פלעגן קליינע גרופּן, אָדער איינצלנע פערזאָנען, אוועקגיין קיין ארץ־ישראל, ווו זיי האָבן געשאַפן אַ קליינע עדה.

און דאַן איז געקומען דער צייכן פון גאולה, ווי עס האָבן בשעתו נביאות געזאָגט די נביאים!

נאָכן פּראָקלאַמירן ישראלס אומאָפּהענגיקייט האָט תימן דערקלערט מלחמה קעגן ישראל און האָט אַרויסגעשיקט אַ סימבאָלישן כוח, אין די ראַמען פון דער מצרישער אַרמיי. דאָס איז געווען פאַר די יידן פון תימן אַ באַשטע־טיקונג, אַז די ווידערגעבורט פון ישראל איז געוואָרן אַ ווירקלעכקייט. תימנער רבנים האָבן דערקלערט, אַז

עס איז געגעבן געוואָרן אַ צייכן פון הימל: דוד המלך האָט זיך צוריקגעקערט קיין ירושלים! די לאַנגע צייט פון וואַרטן איז פאַרביי! דער חכם האָט זיי געזאָגט, אַז עס איז געקומען די שעה פון קיבוץ גלויות אויף פליגלען פון אָדלערס!

די ערשטע ידיעות וועגן דער אויפרודערונג צווישן די תימנער יידן, זענען אָנגעקומען קיין ישראל ווען דאָס לאַנד האָט זיך געפונען אין קריג. מען האָט כמעט גאָרנישט געוווסט וועגן דער צאָל תימנער, וואָס ווילן עולה־זיין און מען האָט נישט געוווסט וואָס אָנצוהויבן צו טאָן.

אינצווישן איז דער חכם הראשי אוועק צום אימאם און געבעטן ער זאָל דערלויבן די יידן צו פאַרלאָזן תימן. צוליב ווירטשאַפטלעכע און פּאָליטישע טעמים האָט דער אימאָם געהאַלטן פאַר בעסער נישט צו דערלויבן אויף דעם. דער חכם הראשי האָט דאַן געראָטן דעם אימאָם ער זאָל זיך באַקענען מיט די קאַפּיטלעך פון חומש ווו עס ווערט גערעדט וועגן יציאת מצרים.

לאַנגע טעג איז דער אימאָם געזעסן אין זיין פּאַלאַץ און נאָכגעטראַכט וועגן דאָזיקן ענין. דער חכם הראשי האָט געטראָפן אין פּינטל. דער אימאָם האָט זיך דערשראָקן פאַר די צען מכות. פונקט צו יענער צייט איז אין תימן אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע, וואָס האָט אַוועקגעלייגט אַ פערטל פון דער באַפעלקערונג. דער אימאָם האָט עס געהאַלטן פאַר אַ צייכן פון אַללאַ און ער האָט באַשלאָסן צו דערלויבן די יידן אַרויסצופאָרן פון תימן. ער האָט אָבער געשטעלט אַ באַדינג, אַז יעדער ייד זאָל צאָלן אַ קאָפּ־שטייער און אַז עס זאָלן דערוויל פאַרבלייבן עטלעכע

הונדערט האַנטוועַרקער, וועלכע זאָלן אויסלערנען די מוסול־מענער זייער קונסט.

אַזוי אַרום האָבן די תימנער יידן פאַרלאָזן זייערע הייזער און פעלדער. זיי האָבן פאַרפאַקט אַלץ, וואָס עס האָט זיך געלאָזט טראָגן מיט זיך און זענען אַרויס אין מדבר אונטער דער ברענענדיקער זון. די דאָזיקע קליינע, פריד־לעכע מענטשן, מיט איידעלע געזיכטס־שטריכן, האָבן מאַר־שירט צו דער גרענעץ פון ענגלישן פּראָטעקטאָראַט אַדען. אויף די שׂעפּ האָבן זיי אָנגעטאָן טורבאַנען און אויפן לייב האָבן זיי אַרויפגעצויגן לאַנגע געשטרייפטע כאַלאַטן, ווי מען האָט געטראָגן אין די צייטן פון מלך שלמה. אויך די פרויען האָבן געטראָגן ענלעכע לאַנגע כאַלאַטן. די קינדער זענען געווען צוגעבונדן אין טיכער צו זייערע פּלייצעס. אַזוי האָבן זיי געוואַנדערט דורכן מדבר, ווו זיי זענען אָפּט באַפאַלן געוואָרן דורך די בעדואינער און זענען באַרויבט געוואָרן פון זייער האָב און גוטס.

די ענגלענדער האָבן צוערשט נישט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט די ריזיקע מחנות מענטשן, וועלכע האָבן אריינ־געשטראָמט פון דער אַנדערער זייט גרענעץ אין פּראָטעק־טאָראַט פון אַדען. וואָס אַן אמת, זענען די ענגלענדער נאָך אַלץ געווען אין כעס אויף די יידן צוליבן ארץ־ישראל־מאַנדאַט, אָבער קעגן די דאָזיקע תימנער האָבן זיי נישט געפילט קיין האַס. די ענגלענדער האָבן מסכים־געווען אַריינצולאָזן די דאָזיקע מענטשן מיטן באַדינג, אַז די ישראלים וועלן קומען קיין אדען און זיי ארויספירן קיין ישראל.

ווען די תימנער זענען אָנגעקומען קיין אַדען האָבן זיי אויסגעזען שרעקלעך. זייער קליידונג איז געווען צעריסן

אויף שמאַטעס, באַדעקט מיט שמוץ און זיי זענען געווען האַלב־טויט פון הונגער און דורשט. אַלץ, וואָס זיי האָבן געהאַט מיטגענומען איז ביי זיי צוגערויבט געוואָרן אויפן וועג דורך די בעדואינער, אָבער יעדער איינער פון זיי האָט באַהאַלטן ביי זיך אַ תנ״ך און יעדער ישוב האָט מיטגעבראַכט די ספר־תורה פון זיין בית־הכנסת.

ביי האַשעד, נעבן אַדען, איז שנעל אויפגעשטעלט געוואָרן אַ צייטווייליקער איבערגאַנגס־לאַגער, ווו מען האָט געבראַכט אַלץ נייע און נייע גרופּן פון תימנער יידן. די עליה־טוער האָבן זיך דאָ אָנגעטראָפן אויף קאָלאָסאַלע שוועריקייטן. חוץ דעם, וואָס עס האָט זיך געפילט אַ מאַנגל אין קוואַלי־פיצירטן פּערסאָנאַל, האָט מען נאָך געהאַט צו טאָן מיט אַ פּרימיטיוון שבט. די תימנער יידן האָבן נישט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון אַ וואַסער־קראַן, קלאָזעטן אָדער עלעקטריש ליכט. אין משך פון געציילטע שעהן האָבן די דאָזיקע מענטשן זיך באַקענט מיטן דריי טויזנט יאָריקן פאָרשריט פון דער ציוויליזאַציע. מאָטאָריזירטע קאָמוניקאַציע־מיטלען, מערבדיקע קליידונג, מעדיקאַמענטן און טויזנטער אַנדערע קלייניקייטן זענען געווען פאַר זיי אומפאַרשטענדלעך און האָבן אַרויפ־געוואָרפן אויף זיי אַן אימה.

די פרויען פלעגן אויסברעכן אין געוואַלדן ווען די דאָקטוירים אָדער קראַנקן־שוועסטערס האָבן געוואָלט זיי אויסטאָן פון די פאַרלייזיקטע קליידער, כדי זיי איבערצוטאָן אין ריינע זאַכן. זיי האָבן נישט דערלאָזט צו דעם, אַז מען זאָל זיי אונטערזוכן און האָבן געוואַלדעוועט ווען מען האָט זיי געוואָלט מאַכן איינשפּריצונגען קעגן קראַנקייטן. צום מזל איז געפונען געוואָרן אַ טיילווייזע לייזונג פון די שווערע פּראָבלעמען. די ישראל־אַרבעטער פון לאַגער, וועלכע זענען

געוועזן באַהאַוונט אין תנ״ך, האָבן אָנגעוויזן די ראשי־העדה אַנטשפּרעכנדיקע פּסוקים וועגן געזונטהייטס־פּראַגן און אויף אַזאַ אופן האָט מען געקאָנט אַלץ דערגרייכן. אויב דאָס איז געשטאַנען אין „ספר״, זענען די תימנער געווען גרייט צו געהאָרכן.

דער לאַגער אין האַשעד איז געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער און פון דער גרענעץ זענען אָנגעקומען מעלדונגען, אַז קיין אַדען שטראָמען נייע מחנות תימנער יידן. די צייטווייליקע רעגירונג פון ישראל האָט צוגעזאָגט זיי אָפּצונעמען פון אַדען און אַזוי אַרום איז געקומען צו דעם, אַז די „לופט־ליניע צום אַרקטיק־ראַיאָן״, וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין דער „פּאַלעסטינער צענטראַלער לופט־ליניע״, האָט צוזאַמען מיטן פּילאָט פאסטער י. מעק־וויליאמס רעאַליזירט אַ טויזנט־יאָריקע נביאות. דער „גרויסער אָדלער״ האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון הימל אויף דער ערד...

דער אָנקום פון עראָפּלאַן האָט אַרויסגערופן אַ געוואַלדיקע אויפרודערונג צווישן די תימנער. די ערשטע עולים־גרופּע האָט גענומען מיט זיך די ספר־תורה און וואסער־פלעשער און גלייך נאָכדעם, איז זי אָפּגעפירט געוואָרן צום פליפלאַץ. זיי האָבן געזען דעם „אָדלער״ און געשאָקלט באַדייטונגספול מיטן קאָפּ: גאָט אַליין האָט אים צוגעשיקט, אַזוי ווי ער האָט צוגעזאָגט. זיי האָבן זיך אָבער אָפּגעזאָגט אַריינצוגיין אינעווייניק אין עראָפּלאַן. עס איז געווען שבת און ס׳איז אויסגעבראָכן אַ שאַרפער קריג. דער לייטער פון לאַגער האָט אויפגעקלערט, אַז טויזנטער מענטשן וואַרטן אויף עליה און ס׳האָט נישט קיין זין צו פאַרהאַלטן דעם „אָדלער״ אפילו אויף איין טאָג, אָבער אַלע זיינע אַרגומענטן זענען געווען אַרויסגעוואָרפן. זיי וועלן נישט מחלל־שבת

זיין. די תימנער האָבן זיך פאַרעקשנט און אויסזעצנדיק זיך אין שאָטן פון „אָדלער״ האָבן זיי זיך מער נישט געוואָלט רירן פון אָרט. נאָך אַ דריי טויזנט יאָריקן גלות קאָנען זיי וואַרטן נאָך אַ טאָג.

פּאַסטער י. מעק־וויליאַמס האָט געוואָרפן אַ בליק אויף די דאָזיקע אויסטערלישע מענטשן, האָט זיך צוגעהערט צו דער אומפאַרשטענדלעכער שפּראַך און ער האָט אין געדאַנק געשאָלטן טאָמפּסאָנען. נאָך דעם איז ער אַוועק אין שטאָט און זיך דאָרטן אַזוי שטאַרק אָנגעשיכורט, אַז ער האָט פאַרלוירן דעם באַוווסטזיין.

צומאָרגנס האָט מען אים קוים דערוועקט. דער קאָפּ האָט אים שרעקלעך וויי־געטאָן פונעם אויסגעטרונקענעם אַלקאָ־האָל. ער האָט געזען די לאַנגע ריי פון די תימנער, וואָס זענען געגאַנגען צום עראָפּלאַן מיט דער ספר־תורה אויף די הענט און באַלאָדענע מיט וואַסער־פלעשער. דאָס אײנציקע, וואָס ער האָט געקאָנט אַרויסברענגען פון זיך, איז געווען אַ טיפער זיפץ.

— קאַפּיטאַן מעק־וויליאַמס — האָט ער דערהערט פּלוצים אַ שטים הינטער זיך. ער האָט זיך אויסגעדרייט און דערזען נעבן זיך אַ הויך מיידל מיט אַ שיינער פיגור. זי האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַר אים מיטן נאָמען חנה.

— איך באַגלייט אייך אויף דער רייזע און וועל אַכטונג געבן אויף די פּאַסאַזשירן — האָט זי זיך אָפּגערופן.

פון דאָזיקן מאָמענט אָן האָט די רייזע אָנגעהויבן פאַר פּאַסטערן צו זיין אַ סך מער אינטערעסאַנטער, ווי ער האָט זיך דאָס פאָרגעשטעלט. דאָס מיידל האָט זיך נישט געמאַכט זעענדיק, אַז דער פּילאָט אָבסערווירט זי מיט גרויס אויפ־מערקזאַמקייט.

— צי האָט איר פאַר מיר ספּעציעלע אָנווייזונגען? — האָט זי געפרעגט. — דאָס איז אונדזער ערשטער פּרווו מיט די דאָזיקע מענטשן.

— ספּעציעלע אָנווייזונגען? ניין, איך האָב אייך נישט וואָס צו זאָגן — האָט פּאַסטער אַרויסגעברומט. — מען דאַרף נאָר אַכטונג געבן, אַז זיי זאָלן נישט אַריינקריכן צו מיר אין קאַבינע. פאַרשטייט זיך, אַז איר, קאָנט יאָ אַריינגיין... צו יעדער צייט. און רופט מיך מיטן נאָמען „טעקס״.

פּאַסטער האָט אָבסערווירט ווי אַזוי די מענטשן ווערן אויפגעלאָדן אויפן דעק פון עראָפּלאַן. די ריי פון די תימנער האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט נישט געהאַט קיין סוף.

— וואָס טראַכט איר זיך? —האָט ער אויסגעשריען. — וויפל מענטשן, מיינט איר, קאָן דער עראָפּלאַן אויפנעמען?

— אויף דער ליסטע שטייען הונדערט און פּערציק פּערזאָן.

— איר זענט משוגע געוואָרן? מיט אַזאַ משא וועל איך נישט קאָנען אויפהויבן דעם אַלטן קאַסטן פון דער ערד. לויפט, חנה, צו וועמען איר ווילט און זאָגט, אַז מען זאָל אַ העלפט פון די מענטשן אַראָפּנעמען צוריק.

— אָבער די דאָזיקע מענטשן וועגן דאָך אַזוי ווייניק — האָט חנה זיך געבעטן.

— אויך ערד־ניסלעך זענען לייכט, אָבער דאָס באַדייט דאָך נישט, אַז איך וועל קאָנען פליען מיט אַ מיליאַרד ערד־ניסלעך.

—איך זאָג אייך צו, אַז איר וועט נישט האָבן קיין שום צרות מיט די דאָזיקע מענטשן.

— זיכער וועלן מיר נישט האָבן קיין צרות, ווייל ביי

דער לאַנדונג וועלן מיר שוין זיין אַלע אויף יענער וועלט...

— קאַפּיטאַן מעק־וויליאַמס, אונדזער לאַגע איז זייער אַ פּאַרצווייפלטע. די ענגלענדער פאָדערן פון אונדז מיר זאָלן וואָס שנעלער צונעמען די מענטשן פון דאַנען. יעדן טאָג קומען צו נייע גרופּן.

פּאַסטער האָט א ברום־געטאָן אונטערן נאָז און גענומען אַריינקוקן אין דער געוויכט־טאַבעלע. די ישׂראלים, וואָס זענען געשטאַנען נעבן אים האָבן איינגעהאַלטן דעם אָטעם. ער האָט גערעכנט און מיט אַמאָל האָט ער אַ קוק געטאָן אויף חנהן און זיך ווידער פאַרטיפט אין די חשבונות. — ביי אַ ביסל גליק וועט מיר אפשר געלינגען אויפצוהויבן דעם קאַסטן אין דער לופטן — האָט ער געטראַכט. און ווען ער וועט שוין זיין אויבן, וועט ער זיך שוין באַמיען נישט אַראָפּצופאַלן.

— פון מיינעטוועגן זאָלן זיי אַלע איינשטייגן — האָט ער אַרויסגעצישעט — דאָס איז אַלץ איינס מיין ערשטער און לעצטער פלי מיט אייך.

דער לאַגער־פירער האָט אים איבערגעגעבן די ליסטע פון די פּאַסאַזשירן. הונדערט צוויי און פערציק תימנער האָבן זיך געפונען אויפן דעק. פּאַסטער האָט אָנגעהויבן צו קריכן אויפן לייטער, כדי זיך אַריינצובאַקומען אין זיין קאַבינע. דער געשטאַנק, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דעק איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט זיך אַזש אַ צי געטאָן צוריק.

— מיר האָבן נישט געהאַט קיין צייט זיי אַלעמען אויסצובאָדן — האָט חנה געזאָגט, ווי זי וואָלט זיך אנטשול־דיקט. — מיר האָבן אפילו נישט געוווסט, ווען זיי וועלן קומען.

פאָסטער האָט אַריינגעקוקט דורך דער טיר צום דעק, וועלכער איז געווען פול־געפּאַקט מיט תימנער. זיי זענען אַלע געזעסן פּאַר שרעק אויף דער פּאָדלאָגע. ער איז אַריין אין דער פּילאָטן־קאַבינע און פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך. אין דער שטיקנדיקער היץ, וואָס האָט דערגרייכט מער ווי פערציק גראַד, האָט דער ריח פון די מענטשן געשיינט צו זיין אומדערטרעגלעך. דער פּילאָט האָט געעפנט דאָס פענצטערל פון קאַבינע און געלאָזט אין גאַנג די מאָטאָרן.

ער האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ אין דרויסן, כדי צו כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט. ווען דער עראָפּלאַן האָט זיך אָנגעהויבן אָפּצורייסן פון דער ערד האָט אים גענומען איבלען און ער האָט אָנגעהויבן צו ברעכן. ער האָט אַ ביס געטאָן אַ ציטרין און אַראָפּגעשלונגען דעם ביטערן זאַפט. ווען דער עראָפּלאַן האָט זיך אויפגעהויבן אַלץ העכער און העכער און ער האָט דערפילט פרישע לופט, האָט ער זיך ענדלעך באַרואיקט.

דער עראָפּלאַן האָט זיך געוואַקלט אויף אַלע זייטן און ער האָט זיך געמוזט שטאַרק אָנשטרענגען, כדי צו לענקען דעם עראָפּלאַן אין דער ריכטונג פון רויטן ים. חנה איז אַריינגעקומען אין דער קאַבינע. אויך זי האָט זיך געפילט שלעכט.

— צי קאָנט איר נישט אָפּגעווינען דעם דאָזיקן עראָפּלאַן ער זאָל נישט שפּרינגען? — האָט זי געפרעגט. — אַלע פּאַסאַזשירן ברעכן.

פאָסטער האָט אָפּגעשלאָסן די הייצונג פון די פּאַסאַזשירן־קאַבינעס.

— מאַכט אויף די לופט־קלאַפּעס — האָט פּאַסטער געזאָגט. — איך וועל זיך באַמיען אויפצוהויבן דעם עראָפּלאַן אַ ביסל העכער. ווען זיי וועלן דערפילן אַ ביסל קאַלטע לופט, וועט זיי ווערן בעסער.

פּאַסטער י. מעק־וויליאַמס האָט אין געדאַנק געהאַלטן אין איין שילטן סטרעטש טאָמפּסאָנען, וועלכער האָט אים צוגערעדט צום דאָזיקן פלי. אין אַ האַלבער שעה אַרום איז חנה ווידער דערשינען אין דער קאַבינע.

— איצט שרייען זיי אַלע, אַז עס איז זיי קאַלט. איך אַליין פריר.

— אָדער, אָדער. — האָט פּאַסטער געזאָגט — אויב איך וועל ווידער איינשליסן די הייצונג וועלן זיי ווידער אָנהויבן צו ברעכן.

— אויב אַזוי, זאָלן זיי בעסער פרירן — האָט חנה אַרויסגעמורמלט און זי איז ווידער אַרויס.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און חנה איז אַריינגעלאָפן אַן אויפגערעגטע אין דער קאַבינע. זי האָט עפּעס געשריען אויף עברית.

—רעדט ענגליש!

— פייער! — האָט זי אויסגעשריען. — זיי האָבן געמאַכט אַ פייער, כדי זיך אָנצוואַרעמען.

פּאַסטער האָט איינגעשלאָסן די אויטאָמאַטישע לענקונג און מיט איין שפּרונג איז ער געווען אין דער פּאַסאַזשירן־קאַבינע. אין מיטן פון דער פּאָדלאָגע האָט געברענט אַ פייער. ווילד פאַר כעס האָט ער אָפּגעשטויסן די מענטשן אין אַ זייט און אָנגעהויבן צו טרעטן דאָס פייער מיט די פיס. חנה איז געשטאַנען אין א זייט מיט ציטערנדיקע קני, פילנדיק אַז זי איז נאָענט פון חלשות.

— צי קאָנט איר זיך נישט פאַרשטענדיקן מיט די דאָזיקע מענטשן?

פאַסטער האָט איר געגעבן אַ מיקראָפאָן אין האַנט און געזאָגט:

— קלערט אויף די דאָזיקע מענטשן, אַז אויב עמעצער פון זיי וועט פאַרלאָזן זיין פּלאַץ, זאָל ער זיין גרייט אויף אַ באָד אין רויטן ים.

די תימנער האָבן נאָך קיינמאָל אין זייער לעבן נישט געהערט, אַז אַ שטימע זאָל זיך אַרויסבאַקומען פון אַ הילכער. ווען זיי האָבן דערהערט חנהס שטימע האָבן זיי אַלע אָנגעהויבן צו טייטלען מיט די פינגער אויפן הילכער, אָנקוקנדיק איינער דעם אַנדערן מיט שרעק.

— וואָס איז געשען? — האָט פאַסטער געפרעגט. — וואָס האָט איר זיי געזאָגט?

— זיי האָבן קיינמאָל נישט געהערט קיין שטימע פון אַ הילכער און זיי מיינען, אַז דאָס איז די שטים פון גאָט.

— זייער גוט — האָט דער פּילאָט אַ שמייכל געטאָן. — זאָלן זיי בלייבן ביי דער דאָזיקער מיינונג.

די ווייטערדיקע שעהן זענען פאַרלאָפן שטיל און אָן שום אינצידענטן. עס האָט גאָרנישט פאַסירט, וואָס האָט געקאָנט באַדראָען דעם עראָפּלאַן. פאַסטער האָט גראָד אָנגעהויבן צו פילן אַ געוויסע אַנטשפּאַנונג, אָבער פּלוצלונג האָט ער ווידער דערהערט אַ טומל. ער האָט צוגעמאַכט די אויגן און אַרויסגעשעפּטשעט: ליבער גאָט, איך וועל זיין אַ גלויביקער מענטש, אַבי דער טאָג זאָל זיך שוין ענדיקן.

חנה איז אַרייגעקומען אין דער קאַבינע.

— איך האָב פשוט מורא צו פרעגן, וואָס איז ווידער געשען — האָט פאַסטער זיך אָפּגערופן.

— טעקס — האָט חנה געזאָגט. — איר זענט אַ סנדק פון א קינד, וואָס איז נאָר וואָס געבוירן געוואָרן.

— וואָס?

— יאָ, איינע פון די פרויען האָט געבוירן אַ זון.

— ניין... ניין... ניין!

— איר דאַרפט זיך נישט אויפרעגן. ברענגען אַ קינד אויף דער וועלט איז פאר די דאָזיקע מענטשן א פשוטע זאַך. די מוטער און דאָס קינד פילן זיך זייער גוט.

פּאָסטער האָט צוגעמאכט די אויגן אין טיף אָפּגעאָטעמט. דערנאָך איז אַ גאַנצע שעה געווען שטיל. פּאסטערן האָט עס אויסגעזען צו זיין פאַרדעכטיק. די קליינע מענטשן האָבן זיך צוגעווויגט צום גערויש פון די מאָטאָרן און איינער נאָכן אַנדערן זענען זיי איינגעשלאָפן. חנה איז אַריינגעקומען צו פאסטערן מיט אַ טעלער הייסן זופּ און ביידע האָבן זיך האַרציק פאַנאַנדערגעלאַכט, דערמאָנענדיק זיך די פּאַסירונגען פון טאָג. פּאָסטער האָט זי פשוט פארשאָטן מיט פראגן וועגן די תימנער און וועגן קריג, וואָס ישראל פירט.

— ווו געפינען מיר זיך אייגנטלעך איצט? — האָט חנה געפרעגט.

פּאָסטער, וועלכער האָט אין עראָפּלאַן אויסגעפירט די פונקציע פון ערשטן פּילאָט, צווייטן פּילאָט, נאוויגאַטאָר און ראַדיאָ־טעלעגראַפיסט אין איין פּערזאָן, האָט אַ קוק־געטאָן אויף דער קאַרטע.

— מיר וועלן באַלד זיך אויסדרייען רעכטס און מיר וועלן פליען אין דער ריכטונג פון פּאָרט עקבה.

— איך האָף, אַז די מלחמה וועט זיך בקרוב פאַרענדיקן.

— יאָ, מלחמה איז אַ פּאַסקודנע זאַך. זאָגט נאָר, ווי זענט איר אייגנטלעך געקומען צום דאָזיקן דזשאָב?

— וויפל מען זאָל אייך נישט צאָלן, זענט איר ווערט דאָפּלט.

חנה האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

— איך באַקום נישט קיין געלט פאַר מיין אַרבעט.

— מען באַצאָלט אייך נישט? — האָט ער אַ דערשטוינ־טער געפרעגט.

— ניין, דאָס איז אַ שליחות. מעגלעך, אַז איך וועל מיט די דאָזיקע מענטשן ארויספאָרן אין מדבר, כדי אויפצו־שטעלן א ישוב, אָדער איך וועל ווייטער פליען אויף דער דאָזיקער טראַסע.

— איך פאַרשטיי נישט קיין וואָרט פון דעם וואָס איר האָט געזאָגט.

— דאָס איז באמת שווער צו דערקלערן. פרעמדע מענ־טשן פאַרשטייען נישט אונזער גייסט. געלט באַדייט ביי אונז גאָרנישט. אריינברענגען די דאָזיקע מענטשן קיין ארץ־ישראל, דאָס באַדייט פאַר אונז אַלץ. אפשר וועט אַמאָל קומען אַ טאָג און איך וועל דאָס אייך אויפקלערן ברייטער.

פאָסטער האָט אַ צוק־געטאָן מיט די אַקסלען. משוגהדיקע זאַכן האָט ער זיך דאָ אָנגעהערט און אָנגעזען. אָבער וואָס גייט דאָס אים אָן. סוף־כל־סוף וועט ער דאָך מער ווי איין פלי נישט דורכפירן.

אַ שעה שפּעטער האָט ער אָנגעוויזן חנהן מיטן פינגער:

— דאָס איז ישראל.

חנה האָט שנעל אַ כאַפּ־געטאָן דעם מיקראָפאָן.

— וואָס גייט איר טאָן, צו אַלדי טייוול! — האָט פאָסטער אויסגעשריען.

— איך בעט אייך, טעקס, דערלויבט מיר צו זאָגן די

מענטשן א פאָר ווערטער. זיי האָבן אַזוי לאַנג געוואַרט אויפֿן דאָזיקן אויגנבליק... טויזנטער יאָרן.

— זיי קאָנען נאָך פּאָר פריידֿ צערייסן דעם עראָפּלאַן אויף שטיקער!

— איך וועל זאָרגן פֿאַר דעם, אַז זיי זאָלן זיך פֿאַרהאַלטן ר׳ואיק. איך זאָג דאָס אייך צו.

— אַלזאָ גוט... טוט וואָס איר ווילט.

ער האָט ווידער איינגעשאַלט די אויטאָמאַטישע לענקונג און איז צוגעגאַנגען צו דער טיר פֿון קאַבינע, כדי אכטונג צו געבן, אַז דער עראָפּלאַן זאָל נישט צעטראָגן ווערן אויף שטיקער. חנה האָט אָנגעזאָגט די תימנער די פֿריידיקע בשורה, אַז זיי געפֿינען זיך איבער ישראל.

דערהערנדיק אירע רייד איז צווישן די תימנער אויסגעבראָכן אַן אויסערגעוויינלעכע פֿרייד. זיי האָבן אָנגעהויבן צו וויינען, זינגען, לאַכן און תּפֿילה־טאָן. זיי האָבן זיך ארומגעכאַפּט און אָנגעהויבן צו טאַנצן.

— מיין גאָט — האָט פּאָסטער אויסגערופֿן א דערשטוינטער — אַזאַ טעאַטער האָבן מיר נישט געמאַכט אפילו דאַן, ווען מיר האָבן באַזיגט די מאַנשאַפֿט פֿון דער טעכנישער הויכשול אין דזשאָרדזשיא.

א תימנער פֿרוי איז צוגעלאָפֿן צו אים און אים א קושגעטאָן אין האַנט. ער האָט זיך שנעל צוריקגעצויגן און איז אריין אין דער קאַבינע. אויפֿן גאַנצן וועג ביז לוד האָט נישט אויפֿגעהערט דאָס געזאַנג און די טענץ פֿון די תימנער. ווען דער עראָפּלאַן האָט זיך אראָפּגעלאָזט אויף דער טראַסע האָט דער פֿריידיקער אויסגעשריי פֿון די תימנער פֿאַרטויבט דעם גערויש פֿון די מאָטאָרן.

פאַסטער האָט געזען, ווי אזוי די פּאסאזשירן, וואָס האָבן ארויסגעשטראָמט פון עראָפּלאַן, זענען וויינענדיק געפאלן אויף די קני און געקושט די ערד פון ישראל.

— שלום, טעקס — האָט חנה אויסגערופן — עס טוט מיר זייער לייד, וואָס איר פארלאָזט אונז שוין, אָבער איך ווינטש אייך א גוטע פארוויילונג אין פאריז.

פאַסטער י. מעק־וויליאמס איז לאנגזאם אראָפּגעגאנגען די טרעפּלעך, ער האָט באַטראַכט דעם יאריד אויפן פלי־פלאץ. אויטאָבוסן און קראנקן־אמבולאנסן זענען געשטאַנען גרייט. צענדליקער מיידלעך, אָנגעטאָן אין די זעלבע בלויע קליידער, ווי חנה, האָבן זיך אויסגעמישט מיט די תימנער. די יונגע מיידלעך האָבן בארויאיקט די אָנגעקו־מענע און זיך געפרייט צוזאמען מיט זיי. דער פּילאָט איז געשטאַנען אומבאוועגלעך אויפן לעצטן טרעפּל פון לייטער און ער האָט געפילט, אז אין אים קומט אויף א ניי געפיל, וואָס ער האָט ביז איצט נישט געקענט. ער האָט אפילו נישט באמערקט, אז סטרעטש טאָמפּסאָן איז שנעל געלאָפן צו אים.

— איך גראטוליר דיר, פאַסטער! ווי אזוי האָסטו זיך אן עצה געגעבן?

— וואָס? — האָט פאַסטער א פארטראכטער געפרעגט.

— איך האָב דיך געפרעגט, ווי אזוי דער קאסטן איז געפלויגן.

— ווי אן אָדלער.

צענדליקער באאמטע פון דער עליה־אָפּטיילונג האָבן געדריקט פאַסטערן די הענט און אים געקלאפּט אין דער פּלייצע.

— ווי אזוי האָבן זיך די מענטשן פארהאלטן?

— איז דאָס געווען א געוויינלעכער פלי ?

— קלאָר — האָט פאָסטער רואיק געזאָגט — דאָס איז געווען א פלי ווי יעטוועדער אנדערער.

סטרעטש האָט אָנגענומען פאָסטערן אונטערן אָרעם און איז אוועק מיט אים אין ביוראָ. פאָסטער איז א רגע געבליבן שטיין און זיך אויסגעדרייט אויף צוריק. חנה האָט צו אים געווונקען, און ער האָט צוריקגעענטפערט.

— אלזאָ, פאָסטער — האָט סטרעטש זיך אָפּגערופן — איצט קאָנסטו פאָרן קיין פאריז. איך האָב שוין אנגאזשירט א מאנשאפט און מיר האָבן אויך באקומען א נייעם עראָפּ־לאן.

— אויב דו האָסט שוועריקייטן, סטרעטש, בין איך גרייט צו מאכן נאָך א פלי. אָבער דאָס איז שוין זיכער דער לעצטער.

סטרעטש האָט זיך געקראַצט אין פארלעגנהייט דעם קאָפּ.

— איך ווייס נישט... אפשר וועל איך קאָנען דיך אנגאזשירן אויף נאָך א פלי... אפשר כדי אויסצופּרווון דעם נייעם עראָפּלאן.

„איך האָב אים געכאפט!״ — האָט סטרעטש טאָמפּסאָן געטראכט מיט טריאומף. „איך האָב אים געכאפט, דעם דאָזיקן ממזר!״.

דער דאָזיקער פלי איז געווען דער אָנהויב פון דער אקציע „פליענדיקער טעפּיך״.

סטרעטש טאָמפּסאָן, דער געוועזענער קעניג פון די ראקעס אויף אלאסקא, האָט געבראכט קיין ישראל אמעריקאנער פּילאָטן, וועלכע האָבן זיך באטייליקט אין דער בערלינער „לופט־בריק״. יעדער נייער פּילאָט און יעדער מיט־

גליד פון דער מאַנשאַפט איז באַהערשט געוואָרן דורך דער התלהבות פאַר דער וווּנדערבאַרער שליחות פון אַראָפּ־ברענגען די תימנישע יידן קיין ישראל.

עס האָט אָפּט געטראָפן, אַז די עראָפּלאַנען זענען שיעור נישט צעבראָכן געוואָרן. אָבער טראָץ דער איבערלאָדונג איז קיין עראָפּלאַן נישט פאַרלוירן געגאַנגען. די פּליער פון „פליענדן טעפּיך" האָבן אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו גלויבן, אַז די השגחה היט אָפּ די עראָפּלאַנען, כל־זמן עס געפינען זיך אין זיי די תימנער.

פּאָסטער י. מעק־וויליאַמס איז קיין פּאַריז נישט געפאָרן. ער איז אַזוי לאַנג געפלויגן קיין אַדען, ביז אַלע תימנער זענען פון דאָרטן אַרויסגעפירט געוואָרן און דאַן האָט ער זיך אַנגאַזשירט אין דער אַקציע „אַלי באַבאַ". דאָס איז געווען די „לופט־בריק", דורך וועלכער מען האָט געבראַכט קיין ישראל די איראַקישע יידן פון באַגדאַד. פּאָסטער האָט געאַרבעט אָן איבעררייס און אין גרעסטער אָנשטרענגונג. ווען ער פלעגט קומען צו פליען מיט אַ גרופּע עולים אויפן פלי־פּלאַץ אין לוד, פלעגט ער זיך גלייך אַריינוואַרפן אין אַ באַזונדערן חדר אויפן עראָדראָם, וווּ ער פלעגט תיכף איינשלאָפן. מער ווי עטלעכע שעה פלעגט מען אים אָבער נישט דערלויבן צו שלאָפן, ווייל ווידער איז שוין געשטאַנען גרייט אַן עראָפּלאַן צום אָפּפלי. אין משך פון די עטלעכע יאָר האָט פּאָסטער דורכגעפירט פיר הונדערט פליען, האָבנדיק הינטער זיך מיליאָנען פלי־מיילן. ער האָט געבראַכט קיין ישראל קרוב פופציק טויזנט יידן.

ביי יעדן פלי פלעגט ער זיך געבן אַ נדר, אַז ער טוט עס צום לעצטן מאָל. דאָס האָט געדויערט אַזוי לאַנג, ביז ער האָט חתונה געהאַט מיט חנהן און האָט געדונגען אַ דירה

אין תל־אביב. די אקציע פון „פליענדיקן טעפיך" איז נאָר געווען דער אָנהויב. פון קורדיסטאַן, איראַק און טערקיי האָבן אויך אָנגעהויבן צו שטראָמען עולים.

פון האדראמאוט, אין מזרחדיקן טייל פון בריטישן פּראָטעקטאָראַט אין אדען, האָט א פּאַרלאָרענער יידישער שבט זיך דורכגעבראָכן אליין א וועג קיין אדען.

עס האָבן געשטראָמט עולים פון די פּליטים־לאַגערן אין אייראָפּע.

עס זענען געקומען עולים פון פראַנקרייך און איטאַ־ליע, יוגאָסלאַוויע און טשעכאָסלאָוואַקיע, רומעניע און בול־גאַריע, פון גריכנלאַנד און סקאַנדינאַוויע.

פון צפון־אפריקע זענען געקומען יידן, וועלכע האָבן פאַרלאָזן די געטאָס אין אַלזשיר און מאַראָקאָ, פון מצרים און טוניס.

יידן פון דרום־אפריקע, גוט־איינגעאָרדנטע און באַגייס־טערטע ציוניסטן, האָבן אויך עולה געווען קיין ישראל.

זיי זענען געקומען פון כינע און אינדיע, וווּ זיי האָבן זיך באַזעצט מיט דריי טויזנט יאָר צוריק.

זיי זענען געקומען פון אויסטראַליע, פון קאַנאַדע און פון ענגלאַנד.

זיי זענען געקומען פון אַרגענטינע.

זיי זענען געגאַנגען דורך די ברענענדיקע מדבריות. זיי זענען געקומען צופליען אין אַלטע עראָפּלאַנען, און געקומען צו שווימען אין לאַסט־שיפן. זיי זענען געקומען פון 74 פאַרשידענע לענדער.

פון גלות, וווּ זיי זענען געווען אומגעוואַנטשן, זענען זיי געקומען צום דאָזיקן קליינעם פּלאַץ, וווּ דער באַגריף „ייד" איז נישט געווען קיין זידל־וואָרט.

## קאפיטל 2

די עליה האָט זיך פאַרוואַנדלט אין א שטראָם און דערנאָך אין א מענטשלעכן מבול. גאָר שנעל איז די צאָל פון דער ישראל־באַפעלקערונג געשטיגן אויף דאָפּלט. די ווירטשאַפט פון לאַנד, וואָס איז צעשטערט געוואָרן בעתן קריג האָט זיך כמעט איינגעבראָכן אונטער דער לאַסט פון ערלים־שטראָם. א סך עולים זענען געקומען באָרוועס און נאַקעט, א סך פון זיי זענען געווען אַלט און קראַנק און א סך האָבן אפילו נישט געקאָנט לייענען און שרייבן. טראָץ אַלעמען איז אָבער נישט פאַרמאַכט געוואָרן די טיר פון ישראל פאַר קיין איין ייד.

אין גאַנצן לאַנד זענען שנעל אויפגעשטעלט געוואָרן איבערגאַנגס־לאַגערן און פון גליל ביזן נגב האָבן זיך געצויגן די לייוונטענע פּאַלאַטקעס און בלעכענע הייזלעך פון די מעברות. הונדערטער טויזנטער מענטשן האָבן דאָרטן געלעבט אין שווערע באַדינגונגען, פילנדיק א מאַנגל אין מעדיצינישער און סאָציאַלער הילף.

דאָך איז די שטימונג אומעטום געווען אַן אָפּטימיסטישע. ווי נאָר די פריערדיקע פאַרפאָלגטע יידן האָבן אַראָפּגעשטעלט זייער פוס אויפן באָדן פון ישראל, האָבן זיי גלייך אָפּגעפונען צוריק זייער מענטשלעכע ווירדע און פרייהייט. יעדן טאָג זענען אויפגעקומען נייע לאַנדווירטשאַפטלעכע ישובים. די איינוווינער זענען אַרויסגעגאַנגען אין קאַמף קעגן דעם מדבר, פונקט אַזוי ווי די פריערדיקע

חלוצים זענען ארויס אין אָנגריף קעגן די זומפּן. עס האָט געשיינט ווי די שטעט און שטעטלעך, דערפער און ישובים וואָלטן ארויסגעשפּראָצט פון דער ערד.

יידן פון דרום־אפריקע און פון דרום־אמעריקע, פון קאנאדע און פאראייניקטע שטאטן האָבן אינוועסטירט קאַ־פיטאל אין די ניי־געשאפענע פאבריקן, וועמענס פּראָדוק־ציע האָט דערגרייכט דעם העכסטן ניוואָ אין גאנץ אזיע און אפריקע. די פאָרשונגען אויפן געביט פון וויסנשאפט, מעדי־צין און לאנדווירטשאפט האָבן געמאכט ריזן־שריט פאָרויס.

תל־אביב האָט זיך פארוואנדלט אין א שטאָט מיט א באפעלקערונג פון א פערטל מיליאָן איינוווינער. חיפה איז געוואָרן איינער פון די וויכטיקסטע פּאָרטן אויפן מיטללענ־דישן ים. אין ביידע שטעט איז אויפגעקומען א שווער־אינ־דוסטריע. ניי־ירושלים, די הויפּט־שטאָט און דער וויסנ־שאפטלעכער און קולטורעלער צענטער פון דער יונגער נאציע, האָט זיך אויסגעברייטערט ביז צו די בערג.

שיכונים, שיכונים, שיכונים — דאָס פאָלק האָט זיך געגנויטיקט אין וווינונגען און דאָס לאנד האָט זיך באדעקט מיט רושטאָוואניעס. דאָס קלאפּן פון האמערס, דער גערויש פון די בויער־מאשינען, דער לארם פון די בעטאָניר־איינריכ־טונגען האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אין ישראל אויף קיין איין רגע. פון מטולה ביז אילת, פון ירושלים ביז תל־אביב, אומעטום האָט געהערשט די אטמאָספער פון א גרויסער, זיך אויפבויענדיקער מדינה.

דאָס לעבן איז אָבער גלייכצייטיק געוואָרן שווער. ישראל איז געווען אן אָרעם און אומפּרוכטבאר לאנד און יעדער שריט פאָרויס האָט געמוזט אויסגעקעמפט ווערן אין שווערער מי און שווייס. די ארבעטער האָבן געמוזט ביי

א קליינעם לוין ארויסגעבן א סך פראָדוקציע. און נאָך שווערער זענען געוואָרן די ארבעטס־באַדינגונגען פון די מתיישבים, וועלכע האָבן זיך באמיט צו פארוואנדלען אין פרוכטבארן באָדן די וויסטעניש און ווילד־באוואקסענע שטחים. אויף די בירגער זענען ארויפגעלייגט געוואָרן גרויסע שטייערן, כדי מען זאָל האָבן מיט וואָס צו פינאנ־סירן די אלץ־שטייגנדיקע עליה.

די מענטשן זענען אָבער נישט געווען אומצופרידן. זיי האָבן מקריב געווען זייער שווייס און בלוט און זיי האָבן דערפירט צו דעם, אז די קליינע נאציע איז מיט יעדן טאָג געוואקסן אין צאָל.

די עראָפּלאנען פון דער נאציאָנאלער פלי־געזעלשאפט „אל־על" האָבן זיך געטראָגן איבער די הימלען. שיפן פון האנדלס־פלאָט מיט דער בלוי־ווייסער פאָן, זענען געשווומען איבער די ימען. דאָס פאָלק פון ישראל האָט זיך אויסגע־קעמפט זיין וועג מיט אזא אנטשלאָסנקייט, אז דאָס האָט ארויסגערופן די גרעסטע אכטונג ביי דער גאנצער ציוויליִ־זירטער וועלט.

דער מדבר אין נגב פארנעמט א העלפט פון דער ישראל־טעריטאָריע. ער איז כמעט פולשטענדיק פארוויסטעט און א סך ראיאָנען דערמאָנען די לאַנדשאפט פון דער לבנה. דאָס זענען די מדבריות פארן און צין, דורך וועלכע משה און די יידן האָבן געוואנדערט פערציק יאָר אויף זייער וועג צום צוגעזאָגטן לאנד. ברענענדיקע היצן פון איבער פופציק גראד שטייען איבער די ריזיקע שטחים, וואָס זענען

באדעקט מיט דערנער און טיפע וואדיס. אויף די שטייניקע בערגלעך וואקסט נישט קיין גרעזל. קיין שום לעבעדיק באשעפעניש האָט נישט געוואגט צו קומען אהער.

דער נגב־מדבר איז געווען פאר די יידן אן ארויספּאָדערונג און ישראל האָט די דאָזיקע ארויספּאָדערונג אָנגענומען. די ישראלים האָבן זיך א לאָז געטאָן צו דער וויסטע. זיי האָבן געלעבט אין דער אומברחמנותדיקער היץ און האָבן אויפגעשטעלט ישובים אויפן פעלזיקן באָדן. פּונקט אזוי ווי משה, אזוי האָבן די יידן ארויסבאקומען דאָרטן וואַסער פון די פעלזן און אין מדבר איז אַנטשטאַנען לעבן.

זיי האָבן דאָרטן אויך געזוכט מינעראַלן. פון ים־המלח האָט מען ארויסבאקומען פּאָטאש. אין די קופּער־גרובן פון מלך שלמה, וואָס זענען טויזנטער יאָרן געלעגן פארוויסט, איז ווידער ארויסבאקומען געוואָרן דער גרינער ארץ. שפּורן פון נאפט זענען אנטדעקט געוואָרן. באר־שבע, דער טויער צום נגב פון צפון־זייט, האָט זיך אָנגעהויבן ראש צו אנטוויקלען און כמעט איבער נאכט איז אין מדבר אויסגעוואקסן אן אינדוסטריעלע שטאָט.

די גרעסטע האָפענונג פון די יידן האָט זיך געריכטעט קיין אילת. ווען די ישראל־זעלנער זענען געקומען אהין, בעתן סוף פון באפרייאונגס־קריג, זענען דאָרטן געשטאַנען בלויז צוויי קליינע ליימענע הייזלעך. מען האָט געטרוימט אין ישראל דערפון, אז ווען די מצרים וועלן פארענדיקן זייער בלאָקאדע פון אקאבא־איינגוס, וועט אילת ווערן א פּאָרט־שטאָט מיט א דירעקטער פארבינדונג צווישן ישראל און די אפרא־אזיאטישע מדינות, און מען איז שוין צוגעטראָטן צו רעאליזירן דעם דאָזיקן פּלאן פאר דער צוקונפט.

דאָ, אין נגב־מדבר, איז סגן־אלוף ארי בן־כנען געקומען פרייוויליק אויף דינסט, נאָכן פאַרענדיקן די מלחמה. זיין אויפגאַבע איז געווען זיך צו באַקענען מיטן יעדן שפּאַן ערד פון דאָזיקן געביט, וואָס האָט געהאַט פאַר דער מדינה אַ לעבנסוויכטיקע באַדייטונג, היות ער איז פון דריי זייטן אַרומגערינגלט מיט פאַרביסענע שונאים: מצרים, ירדן און סאוד־אַראַביע.

ארי האָט מאַרשירט מיט זיינע זעלנער איבער די גע־פערלעכע דערנער־שטחים און דורך די וואַדיס. ער האָט באַזוכט געגנטן, וווּ קיין מענטשלעכער פוס האָט נאָך נישט באַטראָטן. ער האָט אויסגעשולט זיינע אָפּטיילונגען אין אַזעלכע האַרטע און שווערע באַדינגונגען, ווי דאָס איז נישט צו זען אין קיין שום אַרמיי אויף דער וועלט. אַלע יוגנטלעכע, וועלכע האָבן זיך געבילדעט אויף אָפיצירן, זענען געשיקט געוואָרן צו אַרין. ער האָט זיי אויספּרובירט אין די שווערסטע קערפּערלעכע איבונגען. אַריס שטענדיקע זעלנער זענען אָנגערופן געוואָרן מיטן נאָמען „מדבר־חיות". דאָס זענען געווען פאַרהאַרטעוועטע בחורים, וועלכע האָבן פיינט געהאַט דעם נגב־מדבר, כל־זמן זיי האָבן זיך דאָרטן געפונען, אָבער ווי נאָר זיי האָבן אים פאַרלאָזן, האָבן זיי אָנגעהויבן צו בענקען אַהין. צו דער אויסבילדונג פון די „מדבר־חיות" האָבן געהערט איבונגען מיט פאַל־שירעמס, שנעלע מאַרשן, קאַמף מיטן שונא פּנים אל פּנים און דאָס פאַרלייגן שאַסייען. נאָר די מוטיקסטע האָבן אויסגעהאַלטן די פּרוּוון. אין דער ישראלדיקער אַרמיי זענען נישט געווען קיין אויסצייכענונגען פאַר מוט, היות מען איז אַרויס פון שטאַנדפּונקט, אַז אַלע ישראל־זעלנער זענען אין דער זעל־

בער מאָס מוטיק. ווער עס האָט אָבער געהאַט די אָפּציייכע־נונג פון די „מדבר־חיות", האָט זוכה געווען צו א באַזונדערן לויב.

אריס באַזע האָט זיך געפונען אין אילת. ער האָט גע־זען, ווי אַזוי דאָס אָרט אַנטוויקלט זיך צו א שטאָט פון פאַר־עקשנטע חלוצים. עס איז פאַרלייגט געוואָרן א וואַסער־רער, די קופּער־גרובן זענען געלאָזט געוואָרן אין גאַנג און אויף די זאַמדיקע שטעגלעך האָבן זיך באַוויזן געפלאַסטערטע וועגן. די מענטשן האָבן זיך געוואונדערט איבער דער זעלט־זאַמער אויפפירונג פון ארי בן־כנען. ער האָט קיינמאָל נישט געלאַכט און אויף זיין פּנים האָט קיינער נישט געזען קיין שמייכל. עס האָט אויסגעזען, ווי א קומער אָדער א בענקשאַפט וואָלט אים גענאָגט און צוליב דעם האָט ער אַזוי געמאַטערט זיינע זעלנער. צוויי פולע יאָר איז ארי בן־כנען געזעסן אין מדבר.

קיטי פרעמאַנט האָט באַקומען דעם נאָמען „פריינד". דער דאָזיקער טיטל האָט ביז איצט געהערט צום מאַיאָר פּ. פּ. מאַלקאָלם, דער גרינדער פון די „נאַכט־אָפּטיילונגען". נאָכן באַפרייאונגס־קריג האָט קיטי פרעמאַנט זיך אריינגע־וואָרפן אין דער ארבעט ביים העלפן די נייע עולים און גאָר שנעל איז זי אריינגעצויגן געוואָרן אין דער טעטיקייט פון דער קליטה־אָפּטיילונג.

אין חודש יאַנואַר 1949 יאָר, ביים אָנהויב פון דער אַקציע „פליענדיקער טעפּיך" האָט מען זי געבעטן אָפּצו־פליען קיין אַדען, כדי דאָרטן זיך צו פאַרנעמען מיט די קינדער פון די תימנער אין לאַגער האַשעד. קיטי האָט גלענצנד

אויסגעפירט איר אויפגאבע. זי האָט ארייננגעבראכט אָרדע־
נונג אין דאָרטיקן כאַאָס. זי איז געווען פעסט און ענערגיש
אין אירע פאראָרדענונגען, אָבער הארציק און פריינטלעך
מיט די קינדער, וועלכע זענען געגאנגען צופוס פון תימן
קיין אדען צוזאמען מיט זייערע עלטערן. אין משך פון
עטלעכע חדשים איז זי געוואָרן איינע פון די אָנגעזעענסטע
מיטארבעטערינס פון דער עליה־אָפטיילונג.

פון אדען איז זי אָפגעפאָרן קיין איראַק, ווו עס האָט
זיך אָנגעהויבן די אקציע „אלי באבא". נאָכדעם ווי זי האָט
אָרגאניזירט דעם לאגער אין באגדאד איז זי אָפגעפאָרן
קיין מאראָקאָ, ווו די יידן האָבן פארלאָזן די געטאָס פון
קאזאבלאנקא און אנדערע שטעט, כדי עולה צו זיין קיין
ישראל. זי איז אָפגעפלויגן אין די פליטים־לאגערן אין איי־
ראָפּע און ערשט דאַן, ווען דער שטראָם פון די עולים האָט
אָנגעהויבן ביסלעכווייז שוואכער צו ווערן, האָט זי זיך
צוריקגעקערט קיין ירושלים, ווו זי האָט באקומען אַן אָנ־
פירנדיקן פאָסטן אין „עלית הנוער".

קיטי האָט געהאָלפן אראָפּברענגען יוגנטלעכע קיין יש־
ראל און איצט האָט זי געהאַט פאַר אַן אויפגאַבע צו העלפן
די דאָזיקע מענטשן ביים איינגלידערן זיך אין דער יש־
ראלדיקער געזעלשאפט. די לייזונג פון דאָזיקן פראָבלעם
זענען געווען די יוגנט־דערפער, לויטן מוסטער פון גן־דפנה,
אָבער די צאָל דערפער איז נאָך אלץ געווען אָ צו קליינע,
כדי אויפצונעמען די טויזנטער יונגע ייִנגלעך און מיידלעך.

אינצווישנצייט האָט קיטי זיך אויסגעלערנט ריידן פלי־
סיק עברית. עס איז שוין פאר איר נישט געווען קיין נייעס
צו פליען צוזאמען מיט פאָסטערן און ברענגען קיין ישראל
א טראנספּאָרט קראנקע קינדער, אָדער צו באזוכן א ישוב

אויף דער גרענעץ, כדי דאָרטן אונטערזוכן דעם געזונט־הייטס־מצב. און דאַן האָט קיטי איבערגעלעבט א צייט, וואָס האָט איר פארשאפט סיי פרייד און סיי טרויער. זי האָט בעת אירע באזוכן אין די ישובים דאָרטן געטראָפן עטלעכע על־טערע מיידלעך, מיט וועלכע זי איז געווען צוזאמען אין גן־דפנה, און וועלכע האָבן אינצווישנצייט חתונה־געהאט. קיטי האָט זיך פארנומען מיט די דאָזיקע מיידלעך אין ציפערן און אויף דער שיף „יציאת אייראָפּע". זיי זענען געווען, אַזוי צו זאָגן, אירע קינדער. איצט האָבן די דאָזיקע מיידלעך אליין געהאט קינדער.

קיטי האָט מיטגעארבעט ביים אויפשטעלן די אָרגאַני־זאציע פון „עלית הנוער" און עס האָט אַלץ פונק־ציאָנירט אָן שטערונגען. איצט האָט קיטי פּרעמאַנט געזען מיט א שווערן הארצן, אַז זי האָט שוין געטאָן איר חוב. סיי קארען און סיי ישראל וועלן שוין קאָנען אויסקומען אָן איר הילף. און קיטי האָט דאַן באשלאָסן צו פארלאָזן ישראל אויף שטענדיק.

## קאפיטל 3

ברק בן־כנען איז אלט געוואָרן פינף און אכציק יאָר. ער האָט זיך צוריקגעצויגן פון עפנטלעכן לעבן און איז געווען צופרידן, וואָס ער קאָן זיך רואיק פארנעמען מיט זיין ווירטשאפט אין יד־אל. אין משך פון א האלבן יאָרהונדערט האָט ער געוואַרט אויפן דאָזיקן מאָמענט! נישט געקוקט אויף זיין הויכן עלטער איז ברק נאָך אלץ געווען א מאַן פון פולער קראפט און גאנצע טעג האָט ער געארבעט אויף זיינע פעלדער. זיין גרויסע באָרד איז געווען ווייס ווי שניי, אָבער זיינע הענט זענען פארבליבן שטארק ווי שטאָל. ער האָט זיך געפילט צופרידן. ענדלעך האָט ער געהאט גע־נוג צייט פאר זיך און שרהן.

די איינציקע זאך, וואָס האָט אים באזאָרגט, איז געווען דער געדאנק וועגן ירדנה און ארין, וועלכע האָבן נישט גע־פונען זייער גליק. ירדנה האָט נישט געקאָנט פארגעסן דעם טויט פון דוד בן־עמי. א לאנגע צייט איז זי געווען אין פראנקרייך, צום סוף האָט זי זיך צוריקגעקערט קיין ירו־שלים, ווו זי איז אריינגעטראָטן אין אוניווערסיטעט. זי האָט אָבער נאָך אלץ אָפּגעפּילט אן אינערלעכע פוסטקייט. ארי האָט זיך אליין פארשיקט אין נגב און ברק האָט געוווּסט די סיבה דערפון. ער האָט אים אָבער גאָרנישט געקאָנט זאָגן.

קורץ נאָכדעם, ווי ברק האָט געפייערט זיין פינף און אכציקסטן געבורטס־טאָג, האָט ער אָנגעהויבן צו פילן

מאָגן־שמערצן. א סך וואָכן איז ער געלעגן אין בעט און גאָרנישט געזאָגט. ער האָט עס געהאַלטן פאר גאַנץ נאַטיר־לעך, אז ביי אזא עלטער זאָל מען פילן ווייטיקן. גלייך נאָכ־דעם האָט אים אָנגעהויבן צו מאַטערן א הוסט, וועלכן ער האָט נישט געקאָנט אויסבאַהאַלטן פאר שרהן. זי האָט פון אים געפאָדערט ער זאָל גיין צו א דאָקטאָר און ער פלעגט איר יעדעס מאָל צוזאָגן, אז ער וועט איר פאָלגן, אָבער שטענדיק האָט ער געפונען א סיבה אָפצולייגן דעם וויזיט ביים דאָקטאָר. א געוויסן טאָג האָט צו ברקן טעלע־פאָנירט בן־גוריון און אים געפרעגט, צי ער וויל נישט קומען מיט שרהן קיין חיפה, ווו עס וועט געפייערט ווערן דער דריטער יאָרטאָג פון ישראלס אומאָפּהענגיקייט. ברקן איז צוגעזאָגט געוואָרן, אז ער וועט זיצן אויף דער ערן־טריבונע.

דאָס איז געווען א גרויסער כבוד און ברק האָט צו־געזאָגט. שרה האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט פון באַזוך אין חיפה, כדי אָפּצושטאַטן מיטן מאַן א וויזיט ביים דאָק־טאָר. זיי זענען אַרויסגעפאָרן קיין חיפה פינף טעג פאר די פייערונגען. ברק איז אוועק אין א שפּיטאָל, כדי זיך גרינט־לעך אונטערצוזוכן און ער איז דאָרטן געבליבן ביז ערב דעם יום־העצמאות.

— נו, — האָט שרה געפרעגט — וואָס האָבן זיי דיר געזאָגט ?

— שלעכטע פאַרדייאונג און זיקנה — האָט ברק געזאָגט לאַכנדיק — זיי האָבן מיר פאַרשריבן טאַבלעטן.

שרה האָט זייער געוואָלט וויסן גענויערע פרטים.

— לאָז צורו, אַלטער נאַר, מיר זענען געקומען אַהער פייערן דעם יום־העצמאות — האָט ער געזאָגט.

אין משך פון גאנצן טאָג זענען מאסן מענטשן געקומען קיין חיפה. זיי זענען געקומען צופוס, מיטן באַן, מיט אויטאָס און מיט עראָפּלאַנען. די שטאָט האָט געווימלט מיט מענטשן. אין ברקס האָטעל־צימער זענען געקומען הונדערטער באַקאַנטע, וועלכע האָבן אים באַגריסט און אויסגעדריקט זייער העכסטע אַכטונג.

אין אָוונט זענען די פייערלעכקייטן דערעפנט געוואָרן דורך אַ פאַקעל־צוג פון יוגנט־גרופּן. זיי האָבן מאַרשירט פאַרביי דעם שטאָטראַט אויפן הדר הכרמל און נאָך די רעדעס איז געלאָזט געוואָרן פייער־ווערק. לענג־אויס דער הרצל־גאַס האָבן זיך געדרענגט צענדליקער טויזנטער מענטשן און פון הילכערס האָט זיך געטראָגן מוזיק. אויף אַלע פּלעצער האָט מען געטאַנצט האָראַס. אויך ברק און שרה זענען אַריינגעשלעפּט געוואָרן אין אַ קרייז פון די האָראַטענצער און דער אַרומשטייענדיקער עולם האָט מיט התלהבות געפּאַטשט מיט די הענט.

שפּעט אין אָוונט זענען ברק און שרה אוועק אין האָטעל, כדי זיך אַביסל אויסצורוען. צומאָרגנס זענען זיי געפאָרן אין אַן אָפענעם אויטאָ לענג־אויס דער טראַסע פון פּאַראַד און ווען זיי זענען אָנגעקומען צו דער ערן־טריבונע האָבן זיי פאַרנומען ערטער נעבן מדינה־פּרעזידענט.

און דאַן האָט אָנגעהויבן צו מאַרשירן דאָס נייע ישראל, מיט פענער פון די שבטי־ישראל: די תימנער, וועלכע זענען אינצווישנצייט געוואָרן שטאָלצע זעלנער און די גרויסע קרעפטיקע סאַברעס, די פליער פון דרום־אפריקע און די יידישע קעמפער, וואָס זענען געקומען פון אַלע טיילן וועלט אין זייער אַלט־נייעם היימלאַנד. די פאַראַשוטיסטן מיט זייערע רויטע בערעטן און די זעלנער פון דער גרענעץ־וואַך

אין גרינע מונדירן. טאַנקן האָבן זיך גערוקט שווער פֿאָרויס און עראָפּלאַנען זענען שנעל געפֿלויגן איבערן הימל. ברקס האַרץ האָט דאַן אָנגעהויבן צו שלאָגן שטאַרקער ווען דער יובל פֿון עולם איז געוואָרן נאָך גרעסער. אין פּאַראַד האָבן זיך באַוויזן די באַבערדלטע, אויף ברוין־אָפּגעברענטע „מדבר־חיות", וועלכע האָבן באַגריסט דעם פֿאָטער פֿון זייער קאָמאַנדיר.

נאָכן פּאַראַד זענען פֿאָרגעקומען ווייטערדיקע אונטער־געמונגען און יום־טובדיקע פֿאַראַנשטאַלטונגען. ווען ברק און שרה זענען צוויי טעג שפּעטער אָפּגעפֿאָרן צו זיך אַהיים קיין יד־אל, זענען אין חיפֿה נאָך פֿאַרבליבן טויזנטער מענ־טשן, וועלכע האָבן געהאַלטן אין איין זינגען און טאַנצן, פֿרייענדיק זיך מיטן יום־טוב.

קורץ נאָכדעם האָט ברק באַקומען אַ שווערן הוסט־אָנפֿאַל. אַ דערשעפּטער איז ער געפֿאַלן אין שטול און שרה האָט אים שנעל געבראַכט אַ מעדיצין.

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז די צו שטאַרקע איי־בערלעבונג וועט דיר שאַדן — האָט שרה זיך אָפּגערופֿן — מוזט זיך אָנהויבן אויפֿצופֿירן לויט דיין עלטער.

— אַ יידישע אַרמיי — האָט ברק געמורמלט.

— איך וועל צוגרייטן טיי — האָט שרה געזאָגט, גלעטנדיק אים איבערן קאָפּ.

ברק האָט זי אָנגענומען פֿאַר אַ האַנט און אוועקגעזעצט אויף זיינע קני. זי האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ דורכדרינגע־לעכן בליק, אָבער ברק האָט אויסגעדרייט דעם פּנים אין אַ זייט.

— איצט, ווען דער יום־טוב איז שוין פֿאַרביי, דערצייל מיר, וואָס די דאָקטוירים האָבן דיר געזאָגט.

— עס איז מיר קיינמאָל נישט געלונגען דיך אָפּצונאַרן — האָט ברק אַרויסגעשעפּטשעט.

— איך זאָג דיר צו, אַז איך וועל זיין רואיק.

— איך בין משמעות פאַרביי. איך גלויב, אַז דו האָסט געוווסט וועגן דעם די גאַנצע צייט.

שרה האָט הויך אָפּגעזיפצט, אָבער זי האָט זיך גלייך זי איינגעביסן אין די ליפּן, כדי נישט אַרויסצולאָזן קיין געשריי.

— רוף אהיים ירדנה און אַרין. זיי מוזן וויסן דעם אמת.

— א ראַק ? — האָט שרה אַרויסגעשעפּטשעט.

— יאָ.

— ווי לאַנג ?

— זינט אייניקע חדשים... אייניקע וווּנדערבאַרע חדשים...

קיינער האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן ברקן אַנ־דערש ווי נאָר אלס ריזיקן, קרעפטיקן מאַן, אָבער אין משך פון די לעצטע וואָכן האָט די זיקנה זיך זייער שטאַרק גע־לאָזט מערקן אויף אים. ער איז געוואָרן איינגעשרומפּן און דאָס געזיכט איז געווען ביי אים ווייס ווי א טוך. ער האָט געהאַט אויסצושטיין גרויסע ווייטיקן, אָבער ער האָט קיינעם נישט געזאָגט וועגן דעם און בשום אופן נישט געוואָלט גיין אין א שפּיטאָל.

מען האָט אוועקגעשטעלט זיין בעט נעבן פענצטער, כדי ער זאָל קאָנען אַרויסקוקן צו זיינע פעלדער און צו די בערג, ביי דער גרענעץ פון לבנון. ווען אַרי איז געקומען אהיים האָט ער באַמערקט, ווי זיין פאָטער האָט מיט טרויע־ריקע בליקן געקוקט אויפן אָרט, וווּ עס האָט זיך אמאָל גע־פונען דאָס דאָרף נבי יושע.

— שלום, אבא — האָט אַרי אויסגערופן, אַרומנעמענדיק

דעם פּאַטער — איך בין געקומען אזוי שנעל, ווי מעגלעך.

— שלום, ארי. לאָז מיך א קוק טאָן אויף דיר. שוין באלד צוויי יאָר, ווי איך האָב דיך נישט געזען. איך האָב געמיינט, אז דו וועסט אָנטיילנעמען מיט דיינע מענטשן אין פּאראד.

— די מצרים האָבן דורכגעפירט א ריי אָנפאלן ביי ני־צנה. מיר האָבן געמוזט דורכפירן רעוואנזש־אקציעס.

ברק האָט אָנגעקוקט זיין זון. ארי איז געווען אָפּגע־ברענט פון דער זון. ער האָט אויסגעזען וואונדערבאר, און שטארק ווי א לייב.

— איך זע, אז דער מדבר דינט דיר — האָט ברק גע־זאָגט.

— וואָס פארא נארישקייטן דערציילט מיר די מאמע?

— דארפסט מיך נישט אויפמונטערן, ארי. איך בין שוין גענוג אלט, כדי אנשטענדיק צו שטארבן.

ארי האָט אויסגעטרונקען אביסל קאָניאק און פארויכערט א פּאפּיראָס. דער אלטער טאטע האָט געקוקט אויף זיין זון און טרערן זענען אים געפלאָסן איבער די אויגן.

— לעצטנס בין איך געווען רואיק — האָט ברק זיך אָפּגערופן — אָבער דער געדאנק וועגן דיר און ירדנה האָט מיך שטארק געקימערט. ווען איך וואָלט געקאָנט שטארבן מיטן באוווסטזיין, אז איר זענט גליקלעך...

ארי האָט ארויסגעקוקט דורכן פענצטער.

— מען האָט מיר געזאָגט, אז דו קאָנסט א געוויסן טאָג באשטימט ווערן אלס שעף פון גענעראל־שטאב, אָבער נאָר דאן ווען דו וועסט אוועקגיין פון מדבר.

— מיר האָבן א סך ארבעט אין מדבר, פּאָטער. עמעצער מוז דאָך דאָס סוף כל סוף מאכן. די מצרים האָבן געשאפן

מאָרד־באַנדעס, וועלכע דרינגען אריין צו אונז פון דער אַנ־דערער זייט גרענעץ און באַפאַלן אונזערע ישובים.

— יאָ, ארי, אָבער דו ביסט נישט גליקלעך.

— גליקלעך? דו קענסט מיך דאָ, פאָטער. איך קאָן נישט דעמאָנסטרירן מיין גליק, ווי דאָס טוען די נייע עולים.

— פאַרוואָס האָסטו אין משך פון צוויי יאָר זיך אויס־באהאלטן פון מיר און פון דיין מוטער?

— דאָס איז טאַקע געווען פאַלש פון מיין זייט און דאָס טוט מיר אויך לייד.

— צי ווייסטו, ארי, אז אין משך פון די לעצטע צוויי יאָר האָב איך צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן זיך געקאָנט פאַרגינען דעם לוקסוס פון זיצן אין דער היים און נאָכ־טראַכטן. דאָס איז באמת א וואונדערבאַרע זאַך צו קאָנען זיצן אין רו און זיך פאַרטיפן אין מחשבות. און ס׳איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אז איך בין נישט געווען קיין גוטער פאָטער פאַר דיר און פאַר ירדנהן.

— הער אויף, פאָטער — האָט ארי געזאָגט — איך וויל דאָס אפילו נישט הערן. זיי נישט אזוי סענטימענטאַל אין באַצוג צו מיר.

— ניין, ארי, עס איז פאַראַן א שטיק אמת אין דעם, וואָס איך זאָג. איך זע דאָס זייער דייטלעך. ווען איך טראַכט וועגן דעם ווי ווייניק צייט איך האָב דיר און ירדנהן געקאָנט ווידמען — און שרה. גלויב מיר, אז פאַר א משפחה איז דאָס זייער נישט גוט.

— איך בעט דיך פאָטער. קיין איין זון האָט נישט באַ־קומען פון זיין פאָטער אזוי פיל ליבע און פאַרשטענדעניש, ווי איך האָב עס באַקומען פון דיר. אפשר זענען אַלע טאַטעס ביי דער מיינונג, אז זיי האָבן געקאָנט טאָן מער.

ברק האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— ווען דו ביסט געווען א קליין יינגל, האָסטו שוין געמוזט זיין א מאַן. ווען דו ביסט אלט געוואָרן צוועלף יאָר האָסטו שוין מיט מיר אויסגעטריקנט די זומפּן. זינט איך האָב דיר געגעבן אין האַנט די בייטש, האָסטו מיך שוין מער נישט גענויטיקט.

— איך וויל מער נישט הערן דערפון — האָט ארי זיך אָפּגערופן — אונזער לעבן אין לאנד איז געווידמעט דער אַרבעט, וואָס מיר טוען פאַר דער צוקונפט. דאָס איז געווען דער וועג אויף וועלכן מען האָט געדארפט גיין און מיטן דאָזיקן וועג גיי איך היינט ווייטער. דארפסט זיך נישט מאכן קיין פאָרווורפן, פאָטער, מיר האָבן נישט געהאט קיין אנדער ברירה, ווי נאָר לעבן אזוי ווי מיר האָבן געלעבט.

— דאָס איז דאָך, ארי, דאָס זעלבע, וואָס איך זאָג צו מיר אליין. לעבן אין א געטאָ? אין א קאָנצענטראציע־לאַגער? אין גאַז־קאַמערן? דאָס, וואָס מיר האָבן, לוינט די מי, וואָס מיר האָבן אריינגעלייגט. און דאָך האַלט איך, אז דער פּרייז פאַר אונזער פרייהייט איז אביסל א צו גרויסער.

— קיין שום פּרייז איז נישט צו הויך פאַר ישראל — האָט ארי געזאָגט.

— דאָך, ער איז צו הויך, ווען איך זע טרויער אין די אויגן פון מיין זון.

— עס איז נישט דיין שולד, ווען דער געליבטער פון דיין טאָכטער איז געפאַלן אין קאַמף. דאָס איז דער פּרייז, וואָס מען מוז צאָלן, אויב מען איז געבוירן געוואָרן אלס ייד. אָבער צי איז דאָס נישט בעסער צו שטאַרבן פאַרן היימלאַנד אזוי ווי דוד בן־עמי, איידער אזוי ווי עס איז גע־

שטאָרבן דיין פאָטער, אין א געטאָ, אונטער די הענט פון א צעווילדעוועטן המון?

— אָבער איך בין פאָרט שולדיק אינעם טרויער פון מיין זון, ארי.

ברק האָט געמאכט א קורצע הפסקה און דאן האָט ער ארויסגעפּליסטערט.

— ירדנה האָט זיך זייער באפריינדעט מיט קיטי פרעמאנט.

הערנדיק איר נאָמען איז ארי אויפגעשטאַנען פון אָרט.

— זי איז געוואָרן א מלאך. זי באזוכט אונז שטענדיק, ווען זי קומט קיין חולה. א שאָד, וואָס דו האָסט זי נישט געזען.

— פאָטער... איך...

— צי מיינסטו, אַז איך זע נישט, ווי די דאָזיקע פרוי גייט אויס נאָך דיר? און צי איז דאָס אן אופן פון ארויסווייזן ליבע, ווען מען פארשטעקט זיך אין מדבר? יאָ, ארי, מען מוז דאָך איינמאָל פאר אלעמאָל רעדן וועגן דעם. דו ביסט אנטלאָפן פון איר און האָסט זיך אויסבאהאלטן. זיי זיך מודה אין דעם.

ארי איז אויפגעשטאנען און אָנגעהויבן שפּרייזן איבערן צימער.

— וואָס שטעקט אין דיר אזוינס, אז דו קענסט נישט צוגיין צו דער דאָזיקער פרוי און איר זאָגן, אז דו האָסט זי ליב.

ארי האָט געפילט אויף זיך דעם ברעגענדיקן בליק פון זיין אלטן פאָטער. ער האָט זיך לאנגזאם אויסגעדרייט און שטיל ארויסגעמורמלט:

— זי האָט מיר אמאָל געזאָגט, אז איך מוז אזוי שטארק

בענקען נאָך איר, ביז איך וועל קומען צו איר קריכנדיק אויף די קני.

— אויב אַזוי טו דאָס. קריך צו איר.

— דאָס קאָן איך נישט טאָן! איך ווייס אפילו נישט, ווי אַזוי מען טוט דאָס! צי פאַרשטייסטו נישט, פאָטער, אַז איך קאָן נישט זיין דער מאַן, וועלכן זי וויל האָבן.

— און דאָ, טאַקע, ארי, קומען מיר צו דעם, וואָס איך האָב געזאָגט. אין דאָזיקן פּונקט האָב איך געהאַנדלט מיט אומרעכט לגבי דיר. איך, צום ביישפּיל, וואָלט צו דיין מוטער געקראָכן אויף מיינע קני, טויזנט מאָל. איך וואָלט צו איר געקראָכן, ווייל איך וואָלט נישט געקאָנט לעבן אָן איר. גאָט זאָל מיר מוחל זיין, ארי, אָבער איך האָב גע־בראַכט אויף דער וועלט קינדער, וואָס זענען אַזוי האַרט, אַז זיי ווייסן נישט, וואָס דאָס באַדייט זיך אויסוויינען.

— פּונקט דאָס זעלבע האָט זי מיר אַמאָל געזאָגט — האָט ארי שטיל זיך אָפּגערופן.

— פאַר אייך איז צערטלעכקייט דאָס זעלבע, וואָס שוואַכקייט. איר האַלט טרערן פאַר א מיאוסע זאַך. אָבער דאָס איז א טעות און אין דאָזיקן טעות לעבסטו, ארי, ביסט אַזוי פאַרבלענדט, אַז דו האָסט אונז נישט קיין פע־איקייט אַרויסצווייזן דיין ליבע.

— אויב איך קאָן דאָס נישט טאָן, איז דאָך דאָס נישט מיין שולד! — האָט ארי אויסגעשריען.

— דאָס טוט מיר לייד, ארי. דאָס טוט מיר לייד, פאַר דיר און פאַר מיר.

צומאַרגנס האָט ארי גענומען דעם פאָטער אין זיינע אָרעמס און אים אַריינגעטראָגן אין אויטאָ. זיי זענען אָפּ־געפאָרן קיין תל־חי, ממש אויפן זעלבן אָרט, אויף וועלכן

ברק און זיין ברודער עקיבא זענען מיט פופציק יאָר צוריק אריין קיין ארץ־ישראל פון דער לבנונישער זייט. אויבן האָבן זיך געפונען די קברים פון די „שומרים", וועלכע האָבן שויןביים סוף פון יאָרהונדערט געטראָגן געווער און פארטיידיקט די ישובים קעגן די אָנפאלן פון די בעדואינער. די מצבות אויף די קברים זענען געווען אויס־געשטעלט אין גלייכע צוויי רייען. אויך עקיבא איז דאָ געלעגן באגראָבן. דער פלאַץ נעבן עקיבא איז געווען רע־זערווירט פאר ברק בן־כנען.

ארי האָט אוועקגעטראָגן דעם פאָטער צום פלאַץ, וווּ עס איז געשטאנען א ריזיקער שטיינערנער לייב, וואָס האָט אראָפּגעקוקט צום טאָל. אויפן דענקמאָל זענען געווען אויסגעקריצט די ווערטער: „טוב למות בעד ארצנו".

ברק האָט אראָפּגעקוקט אין טאָל. אומעטום זענען געלעגן ישובים און אומעטום זענען אויפגעקומען נייע זידלונגען.

— עס איז שיין צו האָבן א היימלאנד, פאר וועלכן מען קאָן שטארבן — האָט ברק געזאָגט.

ארי האָט ווידער אראָפּגעטראָגן זיין פאָטער פון בארג צום אויטאָ. צוויי טעג שפּעטער איז ברק בן־כנען אויס־געגאנגען. מען האָט אים געבראכט אין חולה־טאָל און מען האָט אים באגראָבן נעבן עקיבאן.

## קאפיטל 4

דב לאנדאו, וועלכער איז צום סוף פון באפרייאונגס־קריג אריינגעטראָטן אין צה״ל, האָט זיך באטייליקט אין קאמף קעגן די מצרישע כוחות. די דאָזיקע אקציע האָט געהייסן „די צען מכות״. ער האָט ארויסגעוויזן אויסערגע־וויינלעכן מוט און ער האָט זיך באטייליקט אין אָנגריף אויף דער פעסטונג עיראק סואידאן. ער איז געשטיגן אין ראנג און מ׳האָט אים געגעבן אן אָפיצירן־טיטל. אין משך פון אייניקע חדשים האָט ער געדינט ביי די „מדבר־חיות״ פון סגן־אלוף ארי בן־כנען. ארי האָט געזען, אז דב לאנדאו איז זייער פעאיק און ער האָט אים אוועקגעשיקט אין חיפהער טעכניקום אויף ספּעציעלע קורסן, וואָס זענען גע־ווען פארבונדן מיט די פּראָיעקטן פון באוואסערן דעם נגב־מדבר. דב האָט אויך דאָ ארויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן.

ער האָט זיך פולשטענדיק באַפרייט פון זיינע קאָמ־פּלעקסן, איז געוואָרן אָפנהאַרציק און פול מיט הומאָר. דב האָט אויסערלעך גוט אויסגעזען. ער און קארען האָבן זיך געליבט הייס און שטארק און זענען געווען צוזאמען, ווען נאָר דער מצב האָט דאָס דערלויבט. ווען דב איז אלט געוואָרן פינף און צוואנציק יאָר איז ער באשטימט געוואָרן אלס אָפיציר פון אינזשיניערן־דינסט און ער איז געהאלטן געוואָרן פאר א גרויסן פאכמאן אויף זיין געביט.

ווען דער אומאָפּהענגיקייטס־קריג האָט זיך פאַרענ־דיקט, האָט אויך קארען פאַרלאָזן גן־דפנה און איז אריינ־געטראָטן אין מיליטער. דאָרטן האָט זי פאַרגעזעצט איר אויסבילדונג אלס קראַנקן־שוועסטער. בעת זי האָט גע־אַרבעט צוזאַמען מיט קיטין האָט זי דערוואָרבן אַ סך דערפאַרונג און זי האָט דעריבער שנעל געקאָנט ענדיקן די גרונט־אויסבילדונג. די אַרבעט אלס קראַנקן־שוועסטער איז איר געווען צום האַרצן און זי האָט געוואָלט גיין אין קיטיס שפּורן: זיך ספּעציאַליזירן אלס קינדער־פלעגערין. זי האָט געאַרבעט אין איינעם פון די שפּיטאָלן אין שרון און דאָס האָט איר דערמעגלעכט אָפט צו באַזוכן קיטין אין ירושלים. דאָס איז אויך נישט געווען ווייט פון חיפה, וווּ זי האָט זיך אָפט געקאָנט זען מיט דבן.

קיטי האָט געוווּסט, אַז קארען דאַרף זי מער נישט האָבן און זי האָט גלייכצייטיק געוווּסט, אַז אויך זי נויטיקט זיך שוין נישט אין מיידל, וואָס איז פריער געווען איר לעבנס־אינהאַלט. קיטי האָט דערביי געהאָפט, אַז ווען עס איז אָן ערגעץ־ווו, וועט זי אויך אָנהויבן צו לעבן אַן אייגן לעבן מיט אמתן גליק.

קיטי האָט מער נישט געהאַט קיין זאָרג פאַרן מיידל און אויך נישט פאַר זיך אליין. דאָס איינציקע, וואָס האָט איר איצט באַאומרואיקט איז געווען דער געדאַנק וועגן דער צוקונפט פון ישראל.

די אַראַבער זענען געזעסן אויף די גרענעצן פון יש־ראל און האָבן געוואַרט אויפן מאָמענט, ווען זיי וועלן קאָנען אָנהויבן די „צווייטע רונדע", כדי צו פאַרניכטן די יונגע מדינה. אָנשטאָט אַקער־מאַשינען, האָט מען די אַראַ־בער געגעבן געווער אין די הענט. די יעניקע פון צווישן

די אראבער, וועלכע זענען ארויסגעטראָטן פאר א צוזאַ־מענאַרבעט מיט ישראל, זענען אומגעבראכט געוואָרן. די פרעסע און דער ראדיאָ פון די אראבישע לענדער האָבן נישט אויפגעהערט צו פירן א גיפטיקע העץ־קאמפאניע קעגן ישראל. דאָס פליטים־פּראָבלעם איז געוואָרן אזוי פארשארפט און צוגעשפּיצט, אז מען האָט עס שוין מער נישט געקאָנט לייזן. די מצרים האָבן געשלאָסן דעם סועץ־קאנאל, פארלעצנדיק אָפן די אינטערנאציאָנאלע רעכט, און ישראל־שיפן זענען נישט דורכגעלאָזט געוואָרן דורכן דאָזיקן קאנאל. דער איינגוס פון אקאבא איז בלאָ־קירט געוואָרן, כדי נישט דערלאָזן צו דעם, אז די יידן זאָלן זיך באנוצן מיטן פּאָרט אין אילת. דער אראבישער לעגיאָן האָט פארלעצט די באשלוסן פון וואָפנשטילשטאנד, וועגן פרייען צוטריט פון די יידן צו דער ירושלימער אלט־שטאָט, וווּ עס האָט זיך געפונען דער כותל המערבי און אנדערע הייליקע ערטער. די אראבישע מדינות האָבן נישט געוואָלט מסכים זיין מיטן פאקט פון דער עקזיסטענץ פון מדינת ישראל און האָבן אָפן דערקלערט, אז זיי זענען אנטשלאָסן צו פארניכטן די דאָזיקע מדינה.

די אראבער, באזונדערס די מצרים אין עזה־געביט, האָבן געשאפן אָרגאניזירטע באנדעס, וועלכע האָבן גע־האט פאר א ציל אריינצודרינגען ביינאכט אין די ישראל־דיקע גרענעץ־ישובים, כדי דורכצופירן סאבאָטאזש־ און מאָרד־אקטן. די פארברעכערישע מעשים פון די דאָזיקע באנדעס האָבן אָנגענומען אזא מאסשטאב, אז די ישראל־ארמיי האָט דערקלערט, אז פאר יעדן דערמאָרדעטן יידן וועלן געטויט ווערן צען אראבער.

אויף דער באדראָטער גרענעץ פון עזה־געביט זענען

ארויסגעשיקט געוואָרן צוויי און צוואַנציק יונגע מענער און זעכצן מיידלעך, וועלכע האָבן דאָרטן געגרינדעט א נח״ל־ישוב. דער ישוב האָט באקומען דעם נאָמען נחל־מדבר. איינס פון די זעכצן מיידלעך, וואָס האָבן זיך דאָרטן באזעצט, איז געווען די קראַנקן־שוועסטער קארען האַנ־סען־קלעמענט.

דב האָט פארענדיקט זיינע לימודים אין וויצמאַן־אינסטיטוט אין רחובות און איז אריבערגעפירט געוואָרן אויף אן ארבעט אין מפעל המים, אין חולה־טאָל. איידער ער האָט אָנגעהויבן צו ארבעטן האָט מען אים געגעבן פינף טעג אורלויב. ער איז גלייך אָפּגעפאָרן קיין נחל־מדבר, כדי זיך צו טרעפן מיט קארען. זיי האָבן זיך נישט געזען אין משך פון זעקס וואָכן, זינט קארען האָט זיך באזעצט ביי דער גרענעץ.

די רייזע האָט געדויערט א גאַנצן טאָג. פון הויפּט־וועג האָט דב נאָך געדארפט גיין פיר קילאָמעטער צופוס, לענג־אויס דעם עזה־פּאַס, ביז ער איז אָנגעקומען צום ישוב.

דאָס רוב מיטגלידער פון ישוב האָט נאָך געוווינט אין לייוונטענע געצעלטן. מען האָט נאָך נישט באוויזן אָנצו־הויבן בויען די הייזער. מען האָט בלויז אויפגעשטעלט א צריף פארן עס־צימער און א באראַק פאר די ארבעטס־כלים, ווי אויך צוויי וואַך־טורעמס. די ארבעט ביים פאר־לייגן די וואַסער־רער האָט זיך שוין כמעט ווי פארענדיקט. צו דער זעלבער צייט זענען פאראַקערט געוואָרן די ער־שטע דונאַמען באָדן. דב האָט זיך פארהאַלטן נעבן אריינ־גאַנג און א ווײַלע איז ער געבליבן שטיין, באקוקנדיק די סביבה. דער ישוב האָט געמאַכט א שווערן רושם מיט זיין

אויסזען און מצב, אָבער פלוצים האָט דער פלאַץ זיך פאַרוואַנדלט פאַר אים אין א גן־עדן, ווייל ער האָט דער־זען ווי קארען לויפט אים אנטקעגן.

— דב! דב! — האָט דאָס מיידל געשריען אין לויף און ווען זי איז צוגעקומען נאָענט צו אים האָט זי זיך געוואָרפן אין זיינע אָפענע אָרעמס. זיי האָבן זיך פעסט ארומגענומען און זייערע הערצער האָבן געקלאפט פאַר פרייד און אויפרעגונג.

קארען האָט גענומען דבן פאַר א האַנט און אים אַוועקגעפירט צום וואַסער־טאַנק. ער האָט אָפּגעוואַשן דעם שווייס פון פנים און דערביי געשטילט דעם דאָרשט. און דאַן איז זי מיט אים אַוועק צו א בערגל, אויף וועלכן עס האָבן זיך געפונען חורבות פון דער נאַבאַטען־תקופה. דער דאָזיקער פלאַץ איז געווען איינער פון די אָבסערוואַציע־פונקטן פון ישוב און ער איז געלעגן האַרט ביי דער גרע־נעץ.

קארען האָט געגעבן א צייכן דעם וואַך־פּאָסטן, אַז זי וויל איבערנעמען די וואַך. דער פּאָסטן האָט פאַרשטאַ־נען און האָט זיך גלייך אָפּגעטראָגן. קארען און דב זענען צוגעגאַנגען צו די חורבות פון אַלטן טעמפּל. זיי האָבן אַוועקגעשטעלט די ביקסן ביי דער וואַנט און האָבן זיך ארומגענומען.

— דב, דב — האָט קארען געפּליסטערט — ענדלעך...

— איך בין שיעור נישט אויסגעגאַנגען פאַר בענק־שאַפט — האָט דב געזאָגט.

זיי האָבן זיך געהאַלדזט און געקושט. ער האָט געגלעט אירע האָר און זי האָט א גליקלעכע זיך געטוליעט צו אים.

— איך האָב וווּנדערבאַרע נייעס פאַר דיר, קארען.

— וואָס קאָן נאָך זיין וווּנדערבאַרער, ווי די דאָזיקע רגע? — האָט זי געפרעגט.

— צי ווייסטו, אַז איך בין אַריבערגעפירט געוואָרן אויף אַרבעט אין חולה־געביט?

— יאָ, פאַרשטייט זיך.

— נעכטן בין איך דאָרטן געווען. זיי ווילן, אַז איך זאָל דאָרטן בלייבן ביזן סוף זומער... און נאָכדעם ווילן זיי איך זאָל פאָרן קיין אַמעריקע אויף השתלמות! אין טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט פון מאַסאַטשוסעטס.

קאַרען האָט אַזש אָנגעהויבן צו פינטלען מיט די אויגן.

— אַמעריקע? אויף השתלמות?

— יאָ... אויף צוויי יאָר. איך האָב זיך קוים דערוואַרט אויפן מאָמענט, ווען איך וועל דיר דאָס קאָנען דערציילן.

— דאָס איז זייער שיין, דב. איך בין שטאָלץ מיט דיר. דאָס הייסט, אַז אין זעקס אָדער זיבן חדשים אַרום וועסטו פאָרן קיין אַמעריקע?

— איך האָב נאָך נישט באַקומען קיין פעסטן צוזאָג — האָט ער געזאָגט — צוערשט האָב איך געוואָלט רעדן מיט דיר וועגן דעם.

— צוויי יאָר איז נישט קיין אייביקייט — האָט זי געזאָגט — שטעלסט זיך פאָר ווי אַזוי אונזער קיבוץ וועט אויסזען, ווען דו וועסט קומען אַהער אין צוויי יאָר אַרום? מיר וועלן שוין האָבן באַאַרבעט צוויי טויזנט דונאַם באָדן, מיר וועלן שוין האָבן אַ ביבליאָטעק און אַ קינדער־היים, פול מיט עופּהלעך.

— וואַרט אַ רגע... — האָט דב געזאָגט — איך וועל

נישט פאָרן קיין אמעריקע, אָדער ווו עס איז, אָן דיר. מיר וועלן תיכף חתונה־האָבן, פארשטייט זיך, אז אונזער לאגע וועט זיין שווער אין אמעריקע. זיי קאָנען מיר נישט געבן קיין סך געלט און איך וועל מוזן אליין פארדינען אויפן לעבן. אויך דו וועסט זיך קאָנען ווייטער בילדן אַלס קראנקן־שוועסטער... צוזאַמען וועלן מיר זיך שוין איינאָרדענען.

— איך קאָן נישט פארלאָזן נחל־מדבר — האָט זי געשעפּטשעט — מיר האָבן דאָך ערשט אָנגעהויבן. די בחורים ארבעטן צוואנציק שעה אין מעת־לעת.

— קארען... דו דארפסט נעמען אורלויב.

— ניין, דב, איך קאָן דאָס נישט טאָן. אויב איך וועל אוועקפאָרן, וועט דאָס זיין א שווערער קלאפּ פאר די איבעריקע.

— דו מוזט דאָס טאָן. איך וועל אָן דיר נישט פאָרן. צי פארשטייסטו נישט וואָס דאָס באדייט? איך וועל זיך צוריקקערן אהער אין צוויי יאָר ארום און איך וועל וויסן אלץ וועגן וואסער־פּלענער און וואסער־גראָבונג. דאָס וועט זיין וווּנדערבאר. מיר וועלן לעבן צוזאמען אין נחל־מדבר און איך וועל ארבעטן דאָ, אין מדבר. דער קיבוץ וועט באַ־קומען מיין לוין. קארען... מיין ווערט פאר ישראל וועט דאן זיין א סך א גרעסערער, ווי היינט.

קארען האָט זיך אויפגעשטעלט און זיך אויסגעדרייט צו אים מיט דער פּלייצע.

— עס איז וויכטיק, אז דו זאָלסט פאָרן קיין אמעריקע, אָבער עס איז אויך וויכטיק, אז איך זאָל בלייבן דאָ — האָט זי געזאָגט.

דב איז בלייך געוואָרן.

— איך האָב געמיינט, אז דו וועסט זיך פרייען... איך וועל נישט קאָנען בלייבן צוויי יאָר צייט אָן דיר! איך קאָן נישט זיין ווייט פון דיר אפילו צוויי טעג.

ער איז אויפגעשטאנען, האָט זי ארומגענומען און א קוש געטאָן. זי האָט אים צוריקגעקושט אוןביידע האָבן גלייכצייטיק אָנגעהויבן צו וויינען. זיי זענען געשטאנען א לאנגע צייט צוגעדריקט איינער צום אנדערן און דאן האָבן זיי זיך אראָפּגעלאָזט אויף דער ערד.

— יאָ! שוין! — האָט קארען אויסגעשריען! — ניין!...

דב איז אויפגעשפרונגען. ער האָט געציטערט אויפן גאנצן קערפּער.

— מיר מוזן אויפהערן מיט דעם! — האָט ער ארויסגעציִשעט, פארביילנדיק די הענט אין פויסטן.

ארום האָט געהערשט א טויטע שטילקייט. מען האָט בלויז געהערט דאָס זיפצן פון מיידל. דב האָט אנידערגעקניט הינטער איר.

— איך בעט דיך, קארען, הער אויף צו וויינען.

— וואָס וועלן מיר איצט טאָן, דב? ווען איך זען דיך נישט, האָב איך דעם איינדרוק, אז איך לעב נישט. און שטענדיק, ווען מיר טרעפן זיך שוין, ענדיקט זיך די זאך אויף אזא אופן. ווען דו פארלאָזט מיך, גיי איך ארום א קראנקע פון בענקשאפט צו דיר.

— אויך מיר איז שווער זיך צו שיידן מיט דיר — האָט ער געזאָגט. — דאָס איז מיין שולד. מיר וועלן זיין פאַרזיכטיקער. מער וועט גאָרנישט פאסירן, ביז מיר וועלן נישט חתונה־האָבן.

ער האָט איר געהאָלפן זיך אויפצושטעלן פון באָדן.

— קוק נישט אזוי אויף מיר קארען, איך וויל דיר גאָר־נישט טאָן, וואָס זאָל דיר פארשאפן ווייטיק.

— איך האָב דיך ליב, דב. און איך שעם זיך נישט צו גלוסטן נאָך דיר.

א לאנגע צייט זענען זיי נאָך געשטאנען אויף אן אָרט און זיך ליבלעך אָנגעקוקט. זייערע קערפּערס זענען געווען געשפּאנט פון גלוסטונג.

— עס איז בעסער, אז מיר זאָלן איצט זיך צוריקקערן אין קיבוץ — האָט זי געזאָגט און א ליבלעכער שמייכל האָט זיך באוויזן אויף איר פּנים.

קיטי פרעמאנט איז ארומגעפאָרן איבער גאנץ ישראל און זי האָט געזען אלע ישובים, וואָס האָבן זיך געפונען אין א שווערן מצב. ווען זי איז איצט געפאָרן קיין נחל־מדבר האָט זי געוווסט, וואָס זי האָט דאָרטן צו דערוואַרטן. טראָץ דעם אָבער, וואָס זי האָט זיך געריכט אויף דאָס ערגסטע, האָט איר א שטאָך געטאָן אין הארצן, ווען זי האָט דערזען דעם קיבוץ, וועלכער איז געווען ווי א באק־אויוון ביים ראנד פון גהינום און דערצו נאָך ארומגערינגלט פון אלע זייטן מיט פיינטלעכע אראבישע באנדעס.

קארען האָט ארומגעפירט קיטין אומעטום און מיט שטאָלץ געוויזן, וואָס די קיבוצניקעס האָבן שוין אויפגעטאָן. הגם עס זענען שוין דאָ געווען אויפגעשטעלט אייניקע באראקן און א שטיק ערד איז געלעגן באארבעט, האָט דאָס גאנצע נאָך געמאכט א דערשיטערנדיקן איינדרוק.

— אין עטלעכע יאָר ארום וועלן דאָ אומעטום וואקסן בלומען — האָט קארען געזאָגט.

זיי האָבן זיך באהאלטן פון דער גליִענדיקער היץ אין קארענס געצעלט, ווו זיי האָבן זיך אָנגעטרונקען מיט קאלט וואסער. קיטי האָט א קוק געטאָן דורך דער עפענונג פון גע־צעלט אין דרויסן. איר בליק איז געפאלן אויף די שוץ־גראָבנס און אויף די פארצוימונגען פון שטעכל־דראָט. אויף די פעל־דער האָבן געארבעט מענער און פרויען אונטער די ברענענ־דיקע זון־שטראלן. נישט ווייט פון זיי זענען געשטאנען שומ־רים מיט ביקסן. איין האנט האָט געהאלטן דעם אקער־אייזן און די צווייטע האנט — א שווערד.

קיטי האָט א קוק געטאָן אויף קארען. אין אירע אויגן האָבן זיך באוויזן טרערן. קארען איז געווען אזוי יונג און שיין. דאָ, אין דאָזיקן מדבר, וועט זי זיכער פריצייטיק ווערן אלט און שוואך.

— און דו ווילסט באמת צוריקפאָרן קיין אמעריקע? — האָט קארען געפרעגט — איך קאָן דאָס פשוט נישט גלויבן.

— איך וויל נעמען א יאָר אורלויב. זינט א לענגערער צייט האָט זיך פארשטארקט מיין בענקשאפט נאָך אמעריקע. דו ביסט שוין איינגעאָרדנט און איך וויל אביסל זיך אָפּרוען. אפשר וועל איך ווידער צוריקקומען קיין ישראל, ווער ווייסט?

— און ווען ווילסטו פאָרן?

— נאָך פסח.

— אזוי שנעל? דאָס וועט זיין זייער שרעקלעך, קיטי, ווען דו וועסט דאָ נישט זיין.

קיטי האָט א שמייכל־געטאָן.

— דו האָסט שוין דיין אייגן לעבן, קארען. ביסט א דער־וואקסן מיידל.

— איך קאָן זיך נישט פאָרשטעלן א לעבן אָן דיר.

— מיר וועלן שרייבן בריוו איינע צו דער אנדערער. מיר

וועלן זיין באַוונט. ווער ווייסט, אפשר וועט מיר שוין זיין אומעטום לאַנגווייליק, נאָכדעם ווי איך האָב געלעבט אין דאָזיקן קעסל.

— דו מוזט צוריקקומען, קיטי.

— דאָס וועט ווייזן די צייט... און וואָס מאכט דב? איך האָב געהערט, אז ער האָט שוין פארענדיקט זיינע לימודים.

קארען האָט געהאלטן פאר בעסער נישט צו דערציילן קיטין, אז מען האָט דבן פאַרגעלייגט צו פאָרן קיין אמעריקע. זי האָט געוווסט, אז קיטי וועט זיך שטעלן אויף דבס זייט.

— ער איז ביי דער חולה־אָזיערע. מען פלאַנירט דאָרטן אויסצוטריקענען די בלאָטעס, כדי צו באַקומען נייעם באָדן. ער האָט באַקומען אַן אויפגאַבע מיטצואַרבעטן מיט די דאָר־טיקע אינזשיניערן.

— דב איז געוואָרן א באַוווסטער מענטש. מען דער־ציילט וווּנדער וועגן אים. צי וועט ער קאָנען קומען אהער אויף פסח?

— מיר שיינט, אז ניין.

— איך האָב א געדאַנק — האָט קיטי אויסגערופן — ירדנה האָט מיך איינגעלאַדן אויף פסח קיין יד־אל. איך האָב צוגעזאָגט צו קומען. דב אַרבעט נישט ווייט פון דאָרטן, פאַר־וואָס זאָלסטו נישט אַראָפּקומען אהין?

— אויף יום־טוב מוז איך פארבלייבן אין קיבוץ.

— וועסט נאָך א סך פסח׳ס זיין אין קיבוץ. דאָס וואָלט געווען א יום־טוב מתנה פאַר מיר, איידער איך פאָר אַוועק.

קארען האָט א שמייכל געטאָן.

— גוט, איך וועל קומען — האָט זי געזאָגט.

— און ווי פילט ער זיך?

— איך נעם אָן, אז אַלץ איז אין אָרדענונג.

— צי איר האָט זיך געקריגט?

— ניין. ער וואָלט זיך קיינמאָל נישט געקריגט מיט מיר. קיטי, ער איז אזוי שרעקלעך אנשטענדיק און קאָ־רעקט, אז ער פירט מיך אזש ארויס פון די כלים.

— איך פארשטיי — האָט קיטי געזאָגט — דו ביסט א טיפיש־דערוואקסענע פרוי פון אכצן יאָר...

— איך ווייס פשוט נישט, וואָס איך זאָל טאָן, קיטי. איך ווער פשוט משוגע, ווען איך טראכט וועגן אים, און ווען מיר זעען זיך שוין, ווערט ער מיטאמאָל איידל. אפשר וועט מען אים א געוויסן טאָג אוועקשיקן קיין אויסלאנד... עס קאָן געדויערן צוויי יאָר, ביז מיר וועלן חתונה־האָבן. איך וועל דאָס פשוט נישט אויסהאלטן.

— דו האָסט אים שטארק ליב, נישט אמת?

— איך גיי אויס פון בענקשאפט נאָך אים. צי איז דאָס שלעכט פון מיין זייט, וואָס איך רעד אזוי?

— ניין, קארען. עמעצן ליבן איז דאָס שענסטע, וואָס עס קאָן נאָר געבן אויף דער וועלט.

— קיטי, איך וויל אזוי שטארק אים שענקען מיין ליבע. צי איז דאָס פאלש?

— פאלש? ניין, קארען. גיב אים דיין ליבע, די גאנצע ליבע, וואָס דו האָסט פאר אים.

— קיטי, ער האָט אזוי מורא...

— דאן דארפסטו אים העלפן איבערוויינדן די מורא. דו געהערסט צו אים און ער געהערט צו דיר.

קיטי האָט זיך געפילט איינזאם. זי האָט אָפּגעגעבן דאָס מיידל צום בחור, אויף שטענדיק. פלוצים האָט קארען זי ארומגענומען און ארויסגעפליסטערט:

— און דו, קיטי, צי קאָנסטו נישט העלפֿן ארין?

קיטי האָט געפילט, אז דאָס האַרץ איז איר געבליבן אויף א רגע שטיין.

— דאָס איז נישט קיין ליבע, ווען נאָר איין צד ליבט און דער צווייטער נישט — האָט זי שטיל געזאָגט.

א לאנגע צייט זענען זיי ביידע געזעסן שווייגנדיקע. קיטי איז דערנאָך צוגעגאנגען צום אריינגאנג פון געצעלט און ארויסגעקוקט אין דרויסן. דורך דער לופט האָבן זיך געטראָגן כמארעס פון פליגן. דאן האָט זי זיך פלוצים אויס־געדרייט און אָנגעקוקט דאָס מיידל.

— איך קאָן נישט אוועקפאָרן פון דאנען נישט זאָגנדיק דיר, אז עס טוט מיר לייד, וואָס דו האָסט זיך דאָ באזעצט.

— די גרענעצן מוזן פארטיידיקט ווערן — האָט קארען זיך אָפגערופן — עס איז זייער לייכט צו זאָגן: זאָלן דאָס טאָן אנדערע מענטשן.

— דער קיבוץ איז ערשט אלט דריי חדשים און איר האָט שוין געבראכט צו קבורה א בחור און א מיידל, וואָס זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די אראבער.

— מיר טראכטן אנדערש וועגן די דאָזיקע ענינים, קיטי. צוויי מענטשן האָבן מיר פארלאָרן, אָבער פופציק אנדערע זענען געקומען, כדי נישט ווייט פון דאנען אויפֿ־צושטעלן א נייעם ישוב. מיר האָבן געמאכט דעם אָנהויב. אין א יאָר ארום וועלן מיר האָבן א קינדער־היים און טויזנט דונאם באארבעטן באָדן.

— און דו וועסט אין א יאָר ארום אָנהויבן אלט צו ווערן. דו וועסט ארבעטן אכצן שעה א טאָג און פארברענ־גען די נעכט אין שוץ־גראָבנס. און דאָס אלץ, וואָס דו און

דב וועלן האָבן פון דעם, וועט זיין א קליין צימערל, אפילו די זאכן, וואָס איר האָט, וועלן נישט געהערן צו אייך.

— האָסט א טעות, קיטי. איך און דב וועלן האָבן אלץ, וואָס מיר ווילן.

— צוזאמען מיטן פערטל מיליאָן אראבער, וואָס וואַרטן בלויז אויף דעם, זיי זאָלן אייך קאָנען שעכטן.

— מיר קאָנען נישט האסן די דאָזיקע אָרעמע מענטשן — האָט קארען געזאָגט — זיי זיצן דאָרטן ווי אין א שטייג און קוקן זיך צו, ווי אונזערע פעלדער גרינען.

קיטי האָט זיך אראָפּגעלאָזן אויפן פעלד־בעטל און איינ־געגראָבן דעם פּנים אין די הענט.

— קיטי, הער וואָס איך רעד צו דיר...

— איך קאָן נישט.

— איך בעט דיך, קיטי, הער מיך אויס. דו ווייסט גאנץ גוט, אז אלס קליין מיידל אין דענעמארק האָב איך מיר שוין געשטעלט די פראגע, וואָס דאָס באדייט געבוירן צו ווערן אלס יידישקע. איצט ווייס איך שוין דעם ענטפער אויף דער דאָזיקער פראגע. גאָט האָט נישט אויסגעוויילט די יידן צוליב דעם, וואָס זיי זענען געווען שוואך. מיר האָבן אין משך פון פיר טויזנט יאָר געליטן די חרפּה פון פארפאָלגונ־גען און דערנידעריקונגען, אָבער מיר זענען געבליבן טריי אונזער גלויבן. מיר האָבן איבערגעלעבט יעדן צורר, וואָס האָט אונז געוואָלט פארניכטן. צי באגרייפסטו נישט, קיטי, אז די דאָזיקע קליינע מדינה איז באשטימט געוואָרן פאר אונז, ווייל דאָ געפינט זיך דער שייד־וועג פון דער וועלט און דאָ הויבט זיך אָן די ווילדעניש. דאָ, אויפן דאָזיקן אָרט, וויל גאָט זען זיין פאָלק, ביי די גרענעצן, כדי אָפּצור־

היטן זיינע מצוות, וואָס שטעלן פאַר מיט זיך דעם גרונט־שטיין פאַרן מאָראַלישן קיום פון מענטש. ווו זאָלן מיר זיך געפינען, אויב נישט דאָ?

— ישראל שטייט צוגעדריקט מיטן רוקן צו דער וואַנט — האָט קיטי זיך אָפּגערופן — אַזוי איז זי אייביק געשטאַנען און אַזוי וועט זי ווייטער שטיין. שטענדיק וועט איר זיין אַרומגערינגלט פון שונאים, וואָס זענען אַנטשלאָסן אייך צו פאַרניכטן.

— ניין, קיטי, ניין. ישראל איז אַ בריק צווישן פינצטער־ניש און ליכט.

און פּלוצים איז פאַר קיטין אַלץ קלאָר געוואָרן. זי האָט דאָס געזען אַזוי וווּנדערבאַר דייטלעך. דאָס אַלזאָ איז געווען דער ענטפער: ישראל — די בריק צווישן פינצטער־ניש און ליכט.

## קאפיטל 5

דער סדר, וואָס האָט געזאָלט אָפּגעריכט ווערן אין הויז פון בן־כנען אין יד־אל, האָט געדאַרפט זיין זייער א באַשיי־דענער. טראָץ דעם אָבער, האָט שרה געהאלטן אין איין קאָכן און באַקן. זי האָט ליב געהאַט די דאָזיקע ארבעט און האָט געהאַלטן, אַז קיינער קאָן איר נישט באַפרייען פון דער דאָזיקער פליכט. די צימערן זענען אויסגערייניקט גע־וואָרן פון חמץ און זענען דערנאָך באַצירט געוואָרן מיט גרויסע רויזן פון גליל. אַלץ איז שוין געווען צוגעגרייט צום יום־טוב און שרה אַליין האָט זיך אויסגעפּוצט אין אירע שענסטע קליידער.

ערב פסח האָבן ברוס סאַטערלענד און קיטי פרעמאַנט פאַרלאָזן די ווילע אין צפת און זענען אַרויסגעפאָרן קיין יד־אל.

— אייער געדאַנק צו פאַרלאָזן ישראל געפעלט מיר נישט — האָט סאַטערלענד זיך אָפּגערופן צו קיטין — איך קאָן מיר דאָס פשוט נישט פאָרשטעלן.

— איך האָב א סך געטראַכט וועגן דעם, ברוס. דאָס איז די בעסטע לייזונג.

— צי מיינט איר באמת, אַז די עליה האָט שוין דער־גרייכט איר הויכפּונקט? — האָט סאַטערלענד געפרעגט.

— אַלנפאַלס איז דער ערשטער שטורעם פאַרביי. עס זענען נאָך פאַראַן א סך קליינע יידישע גרופּן, וועלכע

וואָלטן עולה־געווען קיין ישראל, אָבער זיי זיצן נאָך פעסט אין אייראָפּע, ווי צום ביישפּיל, די פּוילישע יידן. פאַר די מצרישע יידן קאָן יעדע ווײַלע ווערן דער מצב זייער גע־פערלעך. די הויפּט־זאַך איז אָבער, וואָס די יידישע אָרגאַ־ניזאַציעס אין ישראל שטייען שוין אַזוי פעסט אויף די פיס, אַז זיי וועלן קאָנען איבערווינדן אַלע שוועריקייטן.

— איר מיינט זיכער די קליינע שוועריקייטן, אָבער ווי זעט אויס די זאַך מיט די גרויסע שוועריקייטן?

— איך פאַרשטיי נישט, וואָס איר מיינט.

— אין אַמעריקע געפינען זיך זעקס מיליאָן יידן און אין רוסלאַנד — פיר מיליאָן יידן. ווי זעט אויס דער ענין מיט זיי?

— די עטלעכע אַמעריקאַנער יידן, וואָס זענען געקומען קיין ישראל זענען אָדער אַלטע אידעאַליסטן פון די חלוצישע צייטן, אָדער נערוועז־קראַנקע, וואָס זוכן אָפּרו אין אַן אַנדער אָרט. איך האַלט נישט, אַז עס וועט קומען אַמאָל דער טאָג און די אַמעריקאַנער יידן וועלן זיין געצוווּנגען אויסצוואַנדערן. אויב אַזאַ טאָג וועט קומען, וואָלט איך אים נישט געוואָלט דערלעבן. און וואָס שייך רוסלאַנד, איז פאַראַן אַ זעלטענע פּאַסירונג, וואָס נישט יעדער איינער ווייסט וועגן דעם.

— איך בין נייגעריק צו וויסן — האָט סאַטערלענד גע־זאָגט.

— איר ווייסט דאָך, אַז די רוסן האָבן זיך באַמיט צו אַסימילירן די יידן. די אַלטע לייט האָבן זיי געלאָזט אויס־שטאַרבן און די יוגנט האָבן זיי דערצויגן לויט זייער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע. אין רוסלאַנד הערשט נאָך אַנטיסעמיטיזם.

— איך האָב געהערט וועגן דעם.

— דאָס האָט פּאַסירט דעם לעצטן יום־כּיפּור. דער פּרווו פון די סאָוויעטן איז פולשטענדיק דורכגעפאלן. די ישראל־אמבאסאדאָרין אין מאָסקווע איז אוועק אין בית־הכנסת. נאָך דרייסיק יאָר פון שווייגן זענען אין שול געקומען דרייסיק טויזנט יידן, כדי צו זען די אמבאסאדאָרין. יאָ, איך גלויב, אז א געוויסן טאָג וועט פון רוסלאנד קומען א גרויסע עליה.

סאטערלענד איז געווען שטארק גערירט פון דער דאָזיקער דערציילונג. דאָס איז געווען אן אור־אלטע געשיכטע און דער דאָזיקער געדאנק איז נישט איינמאָל אויפגעקומען אין זיין מוח: דער ייד פארלירט קיינמאָל נישט זיין אייגענעם איך. ער הערט קיינמאָל נישט אויף צו זיין א ייד... און איצט איז געקומען דער טאָג, ווען אויך ער, סאטער־לענד, מוז זיך שטעלן די פראגע: ווער איז ער? ער האָט געטראכט וועגן זיין מוטער.

ווען זיי זענען אָנגעקומען צום הויז פון די בן־כּנענס, איז שרה ארויסגעלאָפן זיי אנטקעגן.

— מיר זענען זיכער די ערשטע — האָט קיטי געזאָגט.

— דב איז שוין געקומען. גייט ארײַן... גייט ארײַן אינעווייניק.

דב האָט זיי באגעגנט אויף דער שוועל. ער האָט גע־דריקט פעסט די האנט פון ברוס סאטערלענד און הארציק ארומגענומען קיטין. זי האָט אים אָפּגערוקט פון זיך, כדי אים בעסער אָנצוקוקן.

— רב־סרן דב לאנדאו! איר ווערט מיט יעדן טאָג אלץ שענער.

דב איז רויט געוואָרן.

— ווו זענען אלע? — האָט קיטי געפרעגט.

— ירדנה איז נעכטן ארויסגעפאָרן קיין חיפה. זי האָט געזאָגט, אז זי וועט קומען פרי — האָט שרה געענטפערט.

— קארען האָט געשריבן, אז זי וועט ארויספאָרן פון נחל־מדבר מיט א טאָג פריער — האָט דב געזאָגט — זי האָט שוין אייגנטלעך געדארפט דאָ זיין. אפשר איז זי פארבליבן אין חיפה. מעגלעך אז זי וועט קומען אהער מיט א וואָגן פון צפת.

— זיי נישט בייז. זי וועט קומען צום סדר באצייטנס.

קיטי איז געווען אנטוישט צוליב דעם, וואָס קארען איז נאָך נישטאָ, אָבער זי האָט עס נישט ארויסגעוויזן.

— אפשר קאָן איך אייך העלפן מיט וואָס עס איז? — האָט קיטי געפרעגט שרהן.

— איר קאָנט זיך זעצן און אָפּרוען. אלע קינדער אין חולה ווייסן שוין, אז איר דארפט קומען און זיי וועלן אייך דאָ באזוכן.

קיטי האָט זיך אוועקגעזעצט און זיך געווענדעט צו דבן:

— איך האָב געהערט א סך גוטע זאכן וועגן דיר, דב.

דב האָט א ציי געטאָן מיט די אקסלען.

— זיי נישט אזוי באשיידן. אויף וויפל איך ווייס, פארנעמסטו זיך מיט פּלאנירן די רעגולאציע פון ירדן.

— אויב די סיריער וועלן אונז דאָס דערלויבן. און די סברה איז, אז זיי וועלן נישט דערלויבן. זייער אויסטערליש, סיריע און ירדן וועלן האָבן א גרויסן נוצן פון דער דאָזיקער אונטערנעמונג, אפילו צען מאָל מער ווי ישראל, אָבער יעדעס מאָל ווען ישראל טרעט צו אויסצוארבעטן פּלענער פון פארגרעסערן דעם וואסער־קוואנטום, שטעלן זיי זיך קעגן די דאָזיקע פּלענער.

— וואָס איז די סיבה?

— מיר דאַרפֿן אָפּלענקען דעם וואַסער־שטראָם אויף עטלעכע קילאָמעטער. די אַראַבער טענהן, אַז מיר טוען דאָס צוליב זיכערהייטס־טעמים, הגם מיר זענען מסכּים, זיי זאָלן שיקן זייערע אייגענע אָבסערוואַטאָרן. אָבער ווי די זאַך זאָל נישט זיין, וועלן מיר דאָך רעאַליזירן דעם פּלאַן.

דב האָט שווער אָפּגעאָטעמט. עס איז געווען קלאָר, אַז אים באַשעפֿטיקן אַנדערע געדאַנקען. סאַטערלענד האָט גע־פילט, אַז דב וויל רעדן מיט קיטין וועגן פּערזענלעכע ענינים און ער איז אַוועק אין צווייטן עק צימער, וווּ ער האָט זיך פֿאַרטיפֿט אין אַ בוך.

— קיטי, איך וואָלט געוואָלט רעדן מיט אייך וועגן קאַרען, איידער זי קומט אַהער.

— איך האָב גאָרנישט דאַקעגן.

— זי איז אַ גרויסער עקשן.

— איך ווייס. איך בין דאָ נישט לאַנג געווען אין נחל־מדבר. מיר האָבן דאָרטן געהאַט אַ לענגערן געשפּרעך.

— צי האָט זי אייך דערציילט, אַז איך האָב אַ געלעגנ־הייט צו פֿאָרן קיין אַמעריקע?

— זי האָט עס מיר נישט דערציילט, אָבער איך ווייס וועגן דעם פֿון אַן אַנדער אָרט. פֿאַרשטייסט, איך בין אַזוי לאַנג אין ישׂראל, אַז איך האָב שוין מיין אייגענעם אינ־פֿאָרמאַציע־דינסט.

— איך ווייס נישט וואָס צו טאָן. זי מיינט, אַז זי קאָן נישט פֿאַרלאָזן דעם קיבוץ און איך... איך קאָן זי פּשוט נישט פֿאַרלאָזן אויף צוויי יאָר צייט...

— איך וועל זיך באַמיען איר איבערצורעדן — האָט

קיטי געזאָגט און א שמייכל געטאָן דערביי — איר ווידער־שטאַנד ווערט פון מינוט צו מינוט אלץ שוואכער. דב, אלץ וועט זיין בסדר.
די טיר האָט זיך פּלוצים ברייט אויפגעמאכט און אין צימער איז אריינגעקומען ירדנה.
— שלום פאר אלעמען! — האָט זי אויסגעשריען. קיטי האָט זי הארציק ארומגענומען.
— מוטער! — האָט ירדנה אויסגערופן — קום אהער, איך האָב אן איבעראשונג פאר דיר.
שרה איז אריינגעקומען פון קיך און אין דער זעלבער רגע איז אין צימער אריין ארי.
— ארי! — האָט די אלטע פרוי געזאָגט, זוכנדיק איר טאַשן־טיכל, כדי אָפּצווישן די טרערן, וואָס האָבן געגומען רינען איבער אירע באַקן.
— איך מיין, מוטער, אז דו האָסט צוגעגרייט עסן פאר נאָך איין מענטשן — האָט ארי געזאָגט, צודריקנדיק שרהן צו זיין ברוסט. אין זעלבן מאָמענט האָט ארי דערזען קיטין.
אין צימער זענען אלע מיטאמאָל געבליבן שטיל. ירדנה, וועלכע האָט דורכגעפירט די דאָזיקע באַגעגעניש, האָט גע־וואָרפן בליקן אויף אלע זייטן. קיטי איז אויפגעשטאַנען פון אָרט.
— שלום, ארי — האָט זי מילד געזאָגט.
— שלום — האָט ארי שטיל ארויסגעפּליסטערט.
— זעצט זיך און מאכט זיך באַקוועם — האָט ירדנה געזאָגט און ארויסגעפירט די מוטער פון צימער אין קיך.
דב האָט געגעבן ארין די האַנט און זיך אָפּגערופן:
— שלום, סגן־אלוף בן־כנען.
קיטי האָט אָנגעקוקט דבן. דער יונגערמאן האָט געהאַט

גרויסן אָפּשיי פאַרן קאָמאַנדיר פון די „מדבר־חיות״, וועל־
כער איז געווען פאַר אים כמעט ווי א לעגענדאַרע געשטאַלט.

— שלום, דב. דו זעסט גוט אויס. איך הער, אז דו
האָסט בדעה אונדז צו פאַרזאָרגן מיט וואַסער.

— מיר באַמיען זיך, סגן־אלוף.

סאַטערלענד און ארי האָבן זיך געגעבן די הענט.

— איך האָב באַקומען אייער בריוו, סאַטערלענד —
האָט ארי געזאָגט — איך וועל זיך פרייען אייך אויפצונע־
מען אלס גאַסט אין אילת.

— איך בין זייער נייגעריק צו זען דעם נגב מיט די
אייגענע אויגן. מיר קאָנען שוין באַשטימען א טערמין.

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן. און ווי בליט אייער גאָרטן?

— זייער גוט, אָבער די רויזן פון דיין מוטער האָבן
ארויסגערופן ביי מיר קנאה.

און ווידער האָט אין צימער זיך אראָפּגעלאָזן אן אויס־
טערלישע שטילקייט. סאַטערלענד האָט געקוקט אויף קיטין
און אויף ארין און נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס זיי
זיצןביידע און רעדן נישט אויס קיין וואָרט. ער האָט פאַר־
שטאַנען, אז מען דאַרף זיי איבערלאָזן אליין און ער האָט
זיך געווענדעט צו דבן:

— רב־סרן לאַנדאו, קומט, איר וועט מיר דערציילן ווי אַזוי
איר האָט בדעה אויסצוטריקענען די חולה־זומפּן.

ארי און קיטי זענען געבליבן אליין אין צימער.

— דו זעסט גוט אויס — האָט קיטי געזאָגט.

— אויך דו זעסט גוט אויס...

און ווידער האָבן ביידע געשוויגן.

— איך... יאָ, וואָס מאַכט קאַרען? צי וועט זי קומען
אהער?

— יאָ, מיר דערוואַרטן זי יעדע מינוט.

— צי ווילסטו... אַרויסגיין אַביסל שפּאַצירן?

— יאָ, לאָמיר אַרויסגיין — האָט קיטי געזאָגט און זיך אויפגעשטעלט.

זיי זענען געגאַנגען לענג־אויס די פעלדער צום ירדן און געשוויגן. אין דער לופטן האָט געשמעקט מיט פרילינג. אַרי האָט אָנגעצונדן צוויי פּאַפּיראָסן. איינעם האָט ער גע־געבן קיטין. זי האָט אויסגעזען אין זיינע אויגן נאָך שענער ווי פריער. קיטי האָט געשפּירט, אַז אַרי נעמט נישט אַראָפּ דעם בליק פון איר.

— איך שעם זיך באמת — האָט קיטי אָנגעהויבן — איך בין נאָך קיינמאָל נישט געווען אין אילת. דער קאָמאַנ־דיר פון באר־שבע האָט מיר פאַרגעלייגט א פלי קיין דרום. איך מוז זען דאָס אָרט, נישט אמת?

— דער ים און די בערג פאַרכאַפּן דאָרטן דעם בליק.

— צי אַנטוויקלט זיך די שטאָט?

— אילת וואָלט געקאָנט ווערן די בעסטע שטאָט אויף דער וועלט, ווען נישט די מצרישע בלאָקאַדע.

— אַרי — האָט זי געפרעגט א באַאומרואיקטע — און ווי זעט דאָרטן אויס דער זיכערהייטס־מצב?

— אַזוי ווי שטענדיק...

— די „פאַדאַאין"־באַנדעס ווילדעווען, נישט אמת?

— דאָס איז נישט אונזער הויפּט־זאָרג. די מצרים קאָנ־צענטרירן זייער מיליטער אין סיני, כדי צו פאַרנעמען דעם גאַנצן מיטעלן מזרח. מיר וועלן מוזן אָנגרייפן פריער, אויב מיר ווילן בלייבן לעבן.

— איך האָב מורא פאַר קאַרען. זי זיצט אין נחל־מדבר, נעבן דעם עזה־פּאַס.

— זייער א געפערלעכער פלאץ, אָבער די דאָרטיקע יוגנטלעכע זענען מוטיק און זיי ווען ניט אָפּטרעטן.

דאָס איז א תשובה, וואָס איז כאראקטעריסטיש פאר ארין — האָט קיטי געטראכט.

— איך האָב געהערט, אז דו קערסט זיך אום צוריק קיין אמעריקע.

קיטי האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— ביסט געוואָרן א בארימטע פרוי.

— דער עיקר צוליב דעם, וואָס איך רוף ארויס ניי־געריקייט — האָט קיטי געזאָגט.

— ביסט זייער באשיידן.

— איך בין איבערצייגט, אז ישראל וועט אויסהאלטן אויך אָן מיר.

— און ווען ווילסטו פאָרן ?

— דו האָסט געזען דבן ? זייער א שיינער יונגערמאַן. קארען וועט האָבן ביי אים זייער גוט. איך ווייס ניט... עס קאָן זיין, אז איך פאָר אוועק צוליב דעם, כדי איך זאָל מער ניט פאלן קיינעם צו לאסט. אפשר געהער איך ניט בכלל צו דער סביבה אָדער אפשר איז דאָס בענקשאפט אהיים. איך קאָן אויסגעפינען א סך סיבות. אלנפאלס וואָלט איך געוואָלט נעמען א יאָר אורלויב, כדי גאָרנישט צו טאָן, נאָר פשוט זיצן און טראכטן.

— מעגלעך, אז דו טוסט זייער קלוג. מיין פאָטער האָט זיך געקאָנט דערלויבן דעם דאָזיקן לוקסוס ערשט צוויי יאָר פאר זיין טויט.

עס האָט אויסגעזען, אז ביידע ווייסן ניט וואָס זיי האָבן צו זאָגן.

— לאָמיר גיין צוריק — האָט קיטי געזאָגט — איך וויל

זיין אין שטוב, ווען קארען וועט אָנקומען. חוץ דעם וועלן מסתמא קומען אייניקע פון מיינע קינדער אויף א באזוך.

— קיטי, נאָך א רגע.

— וואָס ווילסטו מיר זאָגן?

— איך וויל דיר זאָגן, אז איך בין דיר זייער דאנקבאר פאר דיין פריינטשאפט צו ירדנהן. האָסט געהאט אויף איר א גוטע השפּעה. איך בין געווען באזאָרגט צוליב איר מצב.

— זי איז זייער אומגליקלעך... קיינער קאָן נישט וויסן ווי שטארק זי האָט ליב געהאט איר בחור.

— ווי לאנג וועט זי טראכטן וועגן דעם?

— איך ווייס נישט, ארי. און אפשר לעב איך שוין דאָ אזוי לאנג, אז אויך איך בין געוואָרן אן אָפּטימיסט. איך האלט, אז א געוויסן טאָג וועט אויך פאר ירדנה קומען דאָס גליק.

ביידע האָבן געפילט, אז אויך צווישן זיי שטייען די נישט־דערזאָגטע ווערטער פון דער פראַגע: צי וועט קומען דער טאָג פון גליק אויך פאר זיי?

— לאָמיר שוין גיין — האָט קיטי זיך אָפּגערופן.

דעם גאַנצן פאַרמיטיק זענען געקומען פון גן־דפנה און פון פארשידענע קיבוצים פון חולה־טאָל צענדליקער „קינ־דער" פון קיטי פרעמאנט, כדי זי צו באגריסן. עס זענען אויך געקומען תושבים פון יד־אל, כדי צו באגריסן ארי בן־כנען. מען האָט זיך דערציילט פארשידענע מעשיות פון דער פארגאנגענהייט, מען האָט זיך דערמאָנט ווי אזוי קיטי איז געקומען אהער צום ערשטן מאָל און אז זי האָט זיך דאָ געפילט פרעמד און זיך געהאלטן אין רעזערוו. איצט האָט זי זיך אונטערגעהאלטן אין עברית און אלע האָבן זי באַ־וווּנדערט.

קיטי האָט אָבער נישט געהערט די קאָמפּלימענטן אויף איר אדרעס. קארען איז נאָך אלץ נישט געקומען און קיטי איז געוואָרן נערוועז. דב איז יעדע ווײַלע ארויסגעגאנגען אויפן שאָסיי, כדי צו זען צי זי פאָרט נישט. שפּעט נאָכ־מיטיק זענען אלע געסט זיך פאנאנדערגעפאָרן אהיים, כדי צו פּראווען דעם סדר.

— וווּ איז קארען, צו אלדי טײַוול! — האָט קיטי אויס־געשריגן אן אויפגערעגטע.

— זי מוז שוין זײַן גאָר נאָענט — האָט דב זיך אָפּ־גערופן.

— זי האָט ווײַניקסטנס געקאָנט טעלעפאָנירן און מיט־טיילן, אז זי וועט קומען שפּעטער. דאָס איז גאָרנישט אין איר נאַטור צו זײַן אזוי צעטראָגן — האָט קיטי געזאָגט.

— איר ווייסט דאָך, קיטי, אז כדי צו באקומען א טע־לעפאָנישע פארבינדונג, דאַרף מען דאָ האָבן צוערשט אַ באַשלוס פון כנסת, — האָט סאטערלענד געזאָגט.

— איך וועל גיין אין דער צענטראלע און בעטן א פארבינדונג מיט נחל־מדבר — האָט ארי געזאָגט זעענדיק ווי קיטי איז אויפגערעגט. — אפשר וועלן זיי וויסן, וווּ זי האָט זיך געקאָנט פאַרהאַלטן אין וועג.

— איך וואָלט דיר געוועזן זייער דאנקבאר פאר דעם — האָט קיטי געזאָגט.

קורץ נאָכדעם ווי ארי איז ארויס, איז אין צימער ארײַן שרה און מיטגעטיילט, אז דער פּסח־טיש איז שוין פארטיק און אלץ איז צוגעגרייט צום סדר. זי האָט געעפנט די טיר צום עס־צימער און די געסט זענען ארײַן אינעווייניק פול מיט התפעלות.

ירדנה איז געווען די ערשטע, וועלכע האָט באמערקט,

אז ארי איז צוריקגעקומען. זיין פּנים איז געווען ווייס ווי קאלך און זיין בליק איז געווען אויסגעלאָשן. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער ער האָט נישט געקאָנט אַרויס־ברענגען קיין וואָרט פון מויל. און פלוצים האָבן אלע פאַר־שטאַנען וואָס עס האָט פּאַסירט.

— קארען! — האָט קיטי אויסגעשריען — ווו איז זי!

ארי האָט אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויף זיין ברוסט.

— ווו איז קארען!

— זי איז טויט! זי איז נעכטן דערמאָרדעט געוואָרן דורך מצרישע אריינדרינגלער.

קיטי האָט ארויסגעלאָזן א הארץ־רייסנדיקן געשריי און איז געפאלן באַוווסטלאָז צום באָדן.

ווען קיטי האָט געעפנט די אויגן האָט זי דערזען, אז נעבן איר שטייען סאַטערלענד און ירדנה. אויף זייערע פּני־מער האָט זיך געמאָלט אן אויסדרוק פון טיפער זאָרג. קיטי האָט זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבן.

— לייגט זיך צוריק, קיטי — האָט סאַטערלענד געזאָגט.

— ניין, ניין — האָט קיטי געפּליסטערט — איך מוז צו דבן, ווו איז ער?

מיט שוואכע טריט איז זי אַרויס פון צימער און געפונען דבן אין א ווינקל פון צווייטן צימער, ווו ער איז געזעסן און יאָמערלעך געוויינט. זי האָט אים גענומען אין די אָרעמס.

— דב, מיין אָרעמער דב — האָט זי געזאָגט וויינענ־דיק — איך וועל בלייבן מיט דיר...

— קיטי, איך וועל זיך לערנען ווייטער. קארען מוז זיין שטאָלץ מיט מיר...

— דב, איך בעט דיך. ווער נישט צוריק אזוי ווי דו ביסט געווען פריער.

— ניין — האָט ער געזאָגט — איך האָב געטראַכט וועגן דעם. איך קאָן נישט האָסן די דאַזיקע מענטשן, ווייל קאָרען וואָלט זיי אויך נישט געהאסט. זי איז צו אלעמען געווען פריינטלעך. זי האָט מיר געזאָגט, אז מיר וועלן אונזער ציל קיינמאָל נישט דערגרייכן, אויב מיר וועלן האסן די אנדערע.

שרה בן־כנען איז אריינגעקומען אין צימער.

— איך ווייס ווי שווער אונז איז אויפן הארצן — האָט זי געזאָגט — אָבער דעם סדר מוזן מיר דורכפירן.

קיטי האָט א קוק געטאָן אויף דבן. ער האָט א שאָקל־געטאָן מיטן קאָפּ. שווייגנדיק זענען זיי אריין אין עס־צימער. ירדנה איז צוגעגאנגען צו קיטין און איר שטיל געזאָגט:

— ארי זיצט אליין אין שייער. צי ווילט איר נישט ארויסגיין צו אים?

קיטי איז ארויסגעגאנגען אין דרויסן. זי האָט געזען די ברענענדיקע ליכט אין די ארומיקע הייזער. אומעטום האָט זיך שוין אָנגעהויבן די סדר־נאכט. אין דאַזיקן מאָמענט האָבן די טאטעס דערציילט די אור־אלטע געשיכטע וועגן יציאת מצרים. קיטי איז שנעל אריין אין שייער. ארי איז געזעסן אויף א בינטל היי. זי איז צוגעגאנגען צו אים און ארויפגעלייגט איר האנט אויף זיין אקסל.

— ארי, מיר ווילן אָנהויבן דעם סדר...

ער האָט א קוק־געטאָן אויף איר און קיטי האָט אין דער זעלבער רגע געמאכט א שריט צוריק. אויף זיין פנים איז געלעגן דער אויסדרוק פון אזא טיפן צער, אז זי האָט זיך אזש דערשראָקן. ארי האָט געקוקט אויף קיטין און עס האָט געשיינט, אז ער דערקענט זי נישט. ער האָט זיך אויס־

געדרייט, האָט פאַרבאָרגן דעם פּנים אין זיינע הענט און אַראָפּגעלאָזט די אַקסלען.

— אַרי, ס׳איז צייט אָנצוהויבן דעם סדר...

— אַ גאַנץ לעבן... מיין גאַנץ לעבן... האָב איך געמוזט זעען ווי מען מאָרדעט אויס די מענטשן, וועלכע איך האָב אַזוי ליב געהאַט... איינעם נאָכן אַנדערן...

די ווערטער האָבן זיך אַרויסגעריסן פון די טיפסטע־טיפעניִשן פון זיין נשמה און פון גרענעצלאָזן יאוש. קיטי איז געווען דערשיטערט און איבערגעשראָקן. צום ערשטן מאָל האָט זי אים דערזען אין אַזאַ צושטאַנד.

— איך בין געשטאָרבן צוזאַמען מיט זיי... טויזנט טויטן האָב איך שוין געהאַט. און איצט בין איך אַליין...

— אַרי!... אַרי!...

— פאַרוואָס זענען מיר געצוווּנגען צו שיקן יונגע קינדער אין די געפערלעכסטע ערטער? איך פאַרשטיי דאָס נישט מער! אַזאַ טייער מיידל... אַ מלאך... פאַרוואָס?... פאַרוואָס האָט אויך זי געמוזט דערמאָרדעט ווערן?

אַרי האָט זיך אויפגעהויבן מיט מי. זיין גאַנצע ענערגיע, זיין כוח און זעלבסטבאַהערשונג האָבן אים פאַרלאָזן. דער דאָזיקער מאַן איז נישט געווען אַרי בן־כנען, נאָר אַ מידער, צעבראָכענער מענטש.

— פאַרוואָס מוזן מיר קעמפן פאַרן רעכט צו לעבן? נאָך אַמאָל און ווידער אַמאָל פון יעדן טאָג אויפסניי! — האָט אַרי אויסגעשריען.

די יאָרן פון שפּאַנונג, פון קאַמף און פון פּיין האָבן זיך איצט אַראָפּגעלאָזט איבער זיין קאָפּ, ווי אַ שטורמישע כוואַליע. אַרי האָט אויפגעהויבן זיין פּנים צום הימל און אַרויסגעפּליסטערט:

— גאָט, מיין גאָט, פארוואָס לאָזט מען אונז נישט צורו?
— ארי — האָט קיטי אויסגערופן א וויינענדיקע — ארי, וואָס האָב איך דיר געטאָן? ווי אזוי האָב איך דאָס נישט פארשטאנען? ארי, ליבסטער מיינער, ווי שטארק דו האָסט געמוזט ליידן. צי קאָנסטו מיר מוחל זיין?

ארי האָט געפילט ווי די כוחות פארלאָזן אים.

— איך בעט דיך, קיטי, דערצייל נישט קיינעם, וואָס דו האָסט דאָ געהערט פון מיר.

— גוט — האָט זי געזאָגט — אָבער איצט לאָמיר ארייַנגיין אין שטוב. זיי וואַרטן אויף אונז.

— קיטי!

זי איז צוגעגאנגען צו אים מיט לאנגזאמע שריט. ער האָט זיך אראָפּגעלאָזט אויף די קני, האָט זי ארומגענומען און זיך צוגעדריקט צו איר שויס.

ארי בן־כנען האָט געוויינט.

זיין קול האָט געקלונגען פאר איר אויסטערליש. ער האָט זיך אויסגעוויינט פאר אלע צייטן און עס האָט גע־שיינט, אז ער ליידיקט אויס די נשמה. קיטי האָט צוגעדריקט זיין קאָפּ צו זיך, האָט אים געגלעט איבער די האָר און גע־פליסטערט צו אים טרייסט־ווערטער.

— גיי נישט אוועק פון מיר, קיטי — האָט ער דורך טרערן געזאָגט.

ווי שטארק זי האָט געגארט צו הערן די דאָזיקע ווער־טער! יאָ — האָט זי געטראכט. איך וועל בלייבן ביי דיר, היינט ביינאכט און נאָך א פּאָר טעג, ווייל איצט דארפסטו מיך האָבן, ארי. אָבער אפילו אין דער זעלבער רגע, אין וועלכער דו האָסט צום ערשטן מאָל אין דיין לעבן געוויינט, שעמסטו זיך מיט דיינע טרערן. דו דארפסט מיך איצט האָבן,

אין דאָזיקן אויגנבליק — אָבער מאָרגן? מאָרגן וועסטו ווידער זיין ארי בן־כנען. און דאן — דאן וועסטו מיך שוין מער נישט דארפן...

קיטי האָט געהאָלפן ארײַן אויפשטיין פון דער ערד און האָט אָפּגעטריקנט זיינע טרערן. ער האָט זיך קוים געהאלטן אויף די פיס. זי האָט ארויפגעלייגט די הענט אויף זיינע אקסלען און אים געהאָלפן גיין. לאנגזאם זענען זיי ארויס פון שייער. דורכן פענצטער האָבן זיי געזען ווי שרה שטעקט אריין די ליכט אין די לייכטערס. ארי איז געבליבן שטיין, האָט זיך אויסגעגליכן און איז ווידער געשטאנען פאר איר, גרויס און שטארק. שוין איצט איז ער צוריק געוואָרן דער פריערדיקער ארי בן־כנען.

— איידער מיר גייען אריין, קיטי, מוז איך דיר עפּעס זאָגן. איך מוז דיר זאָגן, אז איך האָב דפנהן נישט געליבט אזוי שטארק, ווי איך האָב דיך ליב. דו ווייסט, וואָס פאר א לעבן דו האָסט צו דערוואַרטן ביי מיין זייט?

— יאָ, ארי, איך ווייס...

— איך בין נישט ווי די אנדערע מענער. אפשר וועט דאָס געדויערן יאָרן, אָדער נאָך לענגער, ביז איך וועל דיר קאָנען זאָגן, אז דו ביסט ביי מיר פריער און דערנאָך די נויטן פון לאנד... צי וועסטו דאָס קאָנען באגרייפן?

— יאָ, ארי, איך וועל דאָס באגרייפן...

אלע זענען אריין אין עס־צימער. די מענער האָבן אָנגעטאָן קליינע קאפּעלעך אויף די קעפּ.

ביים טיש זענען געזעסן דב און ירדנה, ארי און קיטי, סאטערלענד און שרה. זייערע הערצער זענען געווען פול מיט צער. ווען ארי האָט זיך אויפגעשטעלט, כדי צו פאר־נעמען דאָס אָרט פון זיין פארשטאָרבענעם פאָטער און אָנ־

הויבן אָפּצוריכטן דעם סדר, האָט ברוס סאטערלענד אים אָנגענומען פאר א האנט.

— אויב איר האָט גאָרנישט דאקעגן — האָט סאטער־לענד געזאָגט — בין איך דאָ דער עלטסטער. דערלויבט מיר צו פירן דעם סדר.

— דאָס וועט זיין פאר אונז א גרויסער כבוד — האָט ארי געענטפערט.

סאטערלענד האָט זיך אוועקגעזעצט אויבנאָן און גע־עפנט די הגדה. ער האָט געגעבן דבן א צייכן אָנצוהויבן.

— מה נשתנה הלילה הזה מכל הלילות?...

— עבדים היינו לפרעה במצרים ויוציאנו ה׳ אלוהינו משם ביד חזקה ובזרוע נטויה...

( ס ו ף )